# די וועלט דערציילט

מעשות, ווערטלאַך, הנהגות און מדות

פון אנשי־שם ביי אידן

❦

נעקליבן און איבערדערציילט פון

מ. ליפּסאָן

פאַרלאַג „דורות“

ניו־יאָרק — תרפ״ח

דעם ליכטיקן אָנדיינק
פון מיין גוטער און פרומער מאַמען, עליה השלום
ח י ה ב ת ר׳ י ה ו ד ה ז״ל
נפטר געוואָרן אין ביאַליסטאָק, ג׳ טבת תרפ״ו.

# אַרייַנפיר

יאָרן און יאָרן איז דער פאָלקס־אוצר אונזערער, דער אידישער פאָלק־לאָר, געווען ווי אַ פאַרשלאָסענער, פאַר׳חתמ׳עטער קוואַל. אינווייניק קוועלט, שטראָמט, שלאָגט אין דער הויך — פאַר דער אויג זעט זיך עס ניט. דאָס פאָלק האָט געשאַפן ניט־ווילנדיק און ניט־וועלנדיק, האָט געזונגען לידלאַך, אי פריילאַכע אי אומעטיקע; זיך געוועוטלט, געוויצלט, געלאַכט און אָפּגעלאַכט, פון זיך און פון יענעם; זיך דערציילט מעשות און מעשה׳לאַך, ערנסטע און שפּאַסיקע, דאָאיקע און ניט־דאָאיקע, פון צדיקים און רבנים, פון גדולים און גאונים, פון שרים און קצינים, פון שיינע אידן און גוטע אידן און, להבדיל, אויך פון אַפּיקורסים און משומדים. און דאָס אַלץ האָט זיך געקליבן אין פאָלק פון דור צו דור, זיך געלייגט פּלאַסט אויף פּלאַסט, שיכט אויף שיכט און איז אויסגע־וואַקסן אין אַ גוואַלטיק עשירות, אין אַ פאָלקס־אוצר, איז אָבער געבליבן פאַרהוילן, פאַרבאָרגן, האָט זיך ניט אָנגעזען. דאָס פאָלק אַליין האָט ניט געוואוסט ווי רייך עס איז, ס׳אַרא אוצר עס פאַרמאָגט. די אינטעליגענץ, די ליטעראַטור, האָט זיך געמאַכט ניט־וויסנדיק, ניט געוואָלט זיך מטריח זיין, אַראָפּכאַפּן זיך אין דורות־אַלטן קעלער פון פאָלקס־אוצר און זען וואָס ליגט דאָרט, וואָס האָט זיך פאַר דער צייט אָנגעקליבן: צי זאַמד, צי גאָלד; צי קרעלן, צי פּערל; צי שטיינער, צי גאָר דימענטן און בריליאַנטן. דער פאָלקס־אוצר איז געבליבן פאַרשלאָסן און פאַר׳חתמ׳עט, איז געוואַקסן פ ו ן זיך און א י ן זיך.

ערשט די לעצטע יאָרן האָבן מאַנכע געפּרוואווט עפענען דעם פאָלקס־אוצר, זיך אַראָפּלאָזן אין טיפן קעלער, זען וואָס ליגט דאָרטן. און — עס האָט זיי די אויגן פאַרלויכטן: אַן אמת׳ער אוצר. גאָלד און זילבער. פּערל. דימענטן און בריליאַנטן. גאָלע אַנטיקן. אַ פאָלקס־עשירות, געקליבן פון דורות. אַרויפגעקומען זיינען זיי מיט פולע הענט, מיט פּעק גאַנצע. אויף זיי קוקנדיק האָבן אויך אַנדערע זיך גענומען צום פאָלקס־אוצר, אַראָפּגע־לאָזן זיך אין אַלטן קעלער, געזוכט, געקליבן — און אויך זיי זיינען מיט ליידיקן ניט אַרויף.

די לעצטע יאָרן האָט מען ביי אונז אָנגעהויבן צו פאַרשטיין דעם ווערט פונם אידישן פאָלקלאָר, פון דער פאָלקס־יצירה, וואָס דאָס פאָלק אַליין שאַפט בלא יודעים, אָן ליטעראַרישע כוונות און פּניות, אָן אַ קינסט־לערישן „לשם יחוד״, שאַפט אויף זיין שטייגער, נאָך זיין גוסט. מ׳האָט

אנגעהויבן פארשטיין ביסלאכווייז, אז דווקא פון אט די רויע, אומליטער־ראַרישע, ניט־געקינסטלטע און ניט־געקינצלטע, פאָלקס־שאַפונגען, לערנען מיר דעם כאַראַקטער פון פאָלק, זיינע מדות, זיין קוק אויף דער וועלט, אויפן לעבן, מער ווי פון דער גאַנצער ליטעראַטור. מחמת אָט די אומגע־הובלטע פאָלקס־שאַפונגען זיינען אַ חלק פון פאָלק גופא, זיינען „ביין פון זיין ביין און פלייש פון זיין פלייש". אין זיי שפּיגלט זיך אָפּ זיין נשמה, זיין מהות, דער אינווייניק־אינווייניקסטער איך זיינער. מ׳האָט עם אנגעהויבן צו פאַרשטיין — און עם האָט זיך געשאַפן אַ התחלה פון אַ פאָלקלאָר־ליטעראַטור.

ניט אַלע, וואָס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן אין קעלער פונם פאָלקס־אוצר, פונם אידישן פאָלקלאָר, האָבן זיך פאַרנומען אויף איין וועג. טייל האָבן זיך אָוועקגעלאָזן אויפן וועג פונם אידישן פאָלקס־ליד, האָבן דאָרט גע־זוכט, געניִשטערט, געקליבן — און אַרויס „ברכוש גדול". טייל, ווידער, האָבן זיך פאַרנומען אויפן וועג פונם אידישן שפּריכוואָרט — און האָבן אויך אָנגעקליבן חמרים־חמרים. אַנדערע האָבן זיך גענומען צום אידישן וויץ, צום גלייכוואָרטל — די זיינען פּשוט אָפּגעשאַטן געוואָרן. אַזאַ עשירות טרעפט מען ניט ביי קיין אומה ולשון. גאָר ווייניק, געציילטע, האָבן זיך פאַרנומען מיט דער אידישער פאָלקס־מעשה, וואָס ווערט דער־ציילט מיט אַזויפיל האַרציקער פּשטות און תמימות. אַזוי האָט זיך איטלעכער פאַרנומען אויף זיין וועג, געגאַנגען אין זיין ריכטונג, געקליבן און גענומען וואָס אים געפעלט, וואָס זיין האַרץ גלוסט. און אַזוי האָט זיך איטלאָך חלק פונם אידישן פאָלקלאָר זיינע זוכער און פאָרשער, זיינע קלייבער און שרייבער.

האָבן אָבער ניט אַלע וועגן וואָס פירן צום פאָלקס־אוצר, צום אידישן פאָלקלאָר, דעם אייגענעם מזל. איין וועג איז אַן אויסגעטראָטענער, מענטשן גייען אויף אים תמיד, דער — אהין, דער — אהער, מ׳טרעפט זיך אויף, מ׳שמועסט זיך דורך, מ׳ווייזט זיך איינער דעם אַנדערן וואָס מ׳האָט אנגעקליבן — און איין וועג בלייבט פאַרוואַקסן, וויסט, אַבל׳דיק, אַז אַ טריט פון אַ מענטשן. מיט איין חלק פונם אידישן פאָלקלאָר פאַרנעמט מען זיך מער, מ׳זוכט, מ׳פאָרשט, מ׳קלייבט, מ׳גיט אַרויס ביכער נאָך ביכער, און מיט אַן אַנדער חלק, וואָס איז אפשר אַזוי חשוב ווי דער ערשטער, פאַרנעמט זיך כמעט קיינער ניט און ער בלייבט פאַרהוילן און פאַרבאָרגן.

די ערשטע אידישע פאָלקלאָריסטן האָבן זיך אָוועקגעלאָזן אויפן וועג פונם אידישן פאָלקס־ליד. און זינט דעמאָלט ווערט דער וועג אַלץ מער געטראָטן און אויסגעטראָטן. דאָס אידישע פאָלקס־ליד פאַרנעמט כהיום דעם אויבנאַן, די סאַמע שפּיגלוואַנט, פונם אידישן פאָלקלאָר. עס האָט אין זיין רשימה אַזעלכע פאָרשער און זאַמלער, ווי: גינזבורג און מאַרעק, י. ל. כהן, נח פּרילוצקי, מ. וואַנוויל״ד און נאָך כמה וכמה. דאָס אידישע

פאָלקס־ליד ווערט געקליבן פון קלייבער נאָך קלייבער, ווערט געזוכט און געזיפּט, גענישטערט אין זאמד און אין בלאָטע. אפילו לידער פון גנבים, פון תפיסה־ניקעס, פון זונות, ווערן ניט אויסגעלאָזן. אַלץ גייט אריין אינם אידישן פאָלקלאָר.

אויפן וועג פונם אידישן שפּריכוואָרט האָט זיך פאַרנומען אזא בעל־יכולת ווי איגנאַץ בערנשטיין, וואָס האָט אָוועקגעגעבן דעם אידישן שפּריכוואָרט אַ לאַנג לעבן מיט אַ גרויס פאַרמעגן. בערנשטיין האָט אויסגעקליבן פון פאָלקס־אוצר דעם חלק, וואָס איז אים געווען ליב און אונז אַרויסגעבראַכט דעם גרויסבענדיקן „שפּריכווערטער און רעדנסאַרטן". אין זיינע טריט זיינען נאָכגעגאַנגען אַנדערע און האָבן נאָך אים געפונען וואָס צו קלייבן און אַרויסברייינגען.

אַ באַזונדער מזל האָט געהאַט דער אידישער וויץ, דאָס אידישע גלייכוואָרטל. צו אים איז מען דערגאַנגען נאָך איידער דער אידישער פאָלקס־אוצר איז געווען אָפן, נאָך איידער מ'האָט זיך דערוואוסט וואָס איז אַזוינס אידישער פאָלקלאָר און וואָסער ווערט עס האָט. דעם אידישן וויץ האָט מען דערשמעקט, אַנגעטאַפּט און מ'האָט זיך אַרויפגעוואָרפן אויף אים פון אַלע זייטן. מ'האָט געשריבן און געדרוקט גראָשענע ביכלאַך מיט וויצן און „אַנעקדאָטן" פון „שייקע פייפער", „מאָטקע חבד", „הערשעלע אָסטראָפּאָלער". און דאָס איז אפשר געווען די גרעסטע רעה פאַרן אידישן וויץ — דער גרעסטער און בעסטער חלק פונם אידישן פאָלקלאָר. עד היום האָבן מיר ניט קיין גאַנצע, פולשטענדיקע זאַמלונג פונם אידישן וויץ, וואָס זאָל זיין געקליבן און צוזאַמענגעשטעלט מיט אַ באַ'הבנ'טקייט, מיט אַ סדר, מיט אַ טעם. מיר האָבן אַן אַ שיעור וויצנביכלאַך און וויצנ־זאַמלונגען, מ'שטיינס געזאָגט, וואָס זיינען צונויפגעשטוקעוועט פון קאַ־ליקעס, פון עמי־הארצים, וואָס קענען קיין כתב און קיין לשון ניט, צע־נויפגעטשאַבעט אָן אַ טאַלק, אָן אַ סדר, אָן ליִיב און אָן לעבן. דער איינ־ציקער, וואָס האָט זיך גענומען צום אידישן וויץ מיט אַ טיף־פאַרשטענד־ניש, מיט אַן איידעלן גוסט און מיט אַ געבענטשטן טאַלאַנט, איז א. דרויאַנאָוו. זיין „ספר הבדיחה והחדוד" איז אַ קאַפּיטאַל־ווערק, וואָס איז ווערט צו פאַרנעמען איינעם פון די ערשטע פּלעצער אינם אידישן פאָלקלאָר. דרויאַנאָוו קען דעם אידישן וויץ אויסגעבונדן מיט אַלע זיינע פעלדעלאַך און קנייטשעלאַך און, וואָס איז דער עיקר, קען ד ע ר צ י י ל ן אַ אידישן וויץ. דער „ספר הבדיחה והחדוד" איז דער ערשטער, און דערוויל דער איינציקער, פּרוּוו צו געבן דעם אידישן וויץ געקליבן, קלאַסיפיצירט, מיט זיין גאַנצער אידישער שאַרפקייט און יאַדערדיקייט.

צו דער אידישער פאָלק־מעשה האָבן זיך גענומען בלויז יחידים, גע־ציילטע: פּרץ, בערדיטשעווסקי, אַנסקי, עגנון און נאָך אַ פּאָר. זיי האָבן זיי אָבער צופיל פאַרליטעראַרישט, פאַראייגנט. איטלאַכער האָט זי גע־פורמט לויט זיין ליטעראַרישער פורם, לויט זיין קינסטלערישן דרך. פּרצ'ס

פאָלקסטימלאכע מעשות זיינען טאַקע „פון פאָלקס מויל“, אָבער פון פּרצ׳ס פּ ע ן. און פּרצ׳ס פּען איז דאָרט מער ניכּר, מער בולט ווי דאָס פאָלקס־מויל. פּרצ׳ס פּען האָט אפשר אויך אָפּגעשראָקן אַנדערע, זיי זאָלן זיך ניט נעמען צו דער פאָלקס־מעשה ווי זי איז, ווי זי גייט טאַקע אַרוּם פון פאָלקס מויל. אַ יוצא מן הכּלל זיינען א. ליטווין אין זיינע „אידישע נשמות“ און מרדכי בן־יחזקאל אין זיין „ספר המעשיות“. אַזוי איז עד היום געבליבן דער וועג, וואָס פירט צו דער אידישער פאָלקס־מעשה, אַ וועג פון יחידים, אַ שמאָלע סטעזשקע, וואָס איז מער ווי האַלב פאַרוואַקסן.

איינגאַנצן אַז אַ זייט, פאַרזען און אויסגעמיטן, איז געבליבן דער חלק פונם אידישן פאָלקלאָר, וואָס איז נוגע מעשות און ווערטלאַך, הנהגות און מדות פון אידישע גדולים, אנשי־שם אין דורות, לויט ווי זיי גייען אַרום אין פאָלק. אידן האָבן ניט געשריבן קיין ביאָגראַפיעס פון זייערע אנשי־שם. אידן האַלטן בכלל ניט פון ג ע ש ר י ב ע נ ע געשיכטע, צי פון אַ יחיד, צי פון אַ רבים. דערפאַר אָבער האָבן אידן צווישן זיך תמיד גערעדט וועגן זייערע גדולים און מפורסמים, זיך דערציילט און איבער־דערציילט זייערע הנהגות, זייערע ווערטלאַך, זייערע מעשים. און אַזוי איז עס איבערגעגאַנגען פון מויל צו מויל, פון דור צו דור. עד היום גייען אַרום אין פאָלק טויזנטער מעשות און ווערטלאַך פון אידישע גדולים און אנשי־שם, וואָס דערציילן אונז וועגן זיי, וועגן זייער פערזענ־לאַכקייט, זייער כאַראַקטער, זייער באַציאונג צו מענטשן, מער ווי כּמה ספרים. אַז ר׳ יונתן פּרעגער איז געווען אַ פּקח אין מילי דעלמא, אַ חכם עתיק, האָט מנצח געווען מלכים און שרים — דאָס ווייסן מיר ניט פון זיין „כּרתי ופּלתי“, אפילו ניט פון זיין „יערות דבש“, נאָר דווקא פון די ווערטלאַך, וואָס גייען אַרום אין פאָלק. אַז ר׳ עקיבא אייגער איז געווען אַ גרויסער בעל־מדות, אַן עניו, אַ בורח מפּני הכבוד, אַן עסקן, אַ בעל־צדקה, ווייסן מיר ניט פון די „תשובות“ זיינע און ניט פון „גליון הש״ס“, נאָר פון די מעשות, וואָס מ׳דערציילט נאָך כּהיום פון אים. און אַז ר׳ אייזל סלאָנימער איז געווען אַ חריף ניט בלויז אין לערנען, נאָר אויך אין טאָג־טעגלאַכן לעבן, געווען אַ שאַרפער ווערטל־זאָגער, געקענט זאָגן אַ אידישן וויץ, זאָגן און אַריינזאָגן — דאָס ווייסן מיר ניט פון זיינע ספרים, נאָר פון דעם וואָס די וועלט דערציילט פון אים. על־כּל־פּנים, די מעשות און ווערטלאַך, וואָס גייען אַרום אין פאָלק, זיינען אַן אוצר פון פאָלק־שאַפונגען, פון פאָלקסטימלאַכע במקום־ביאָגראַפיעס, ווי דאָס פאָלק אַליין שאַצט אָפּ זיינע אנשי־שם, ווי עס האָלט פון איטלאַכן לויט ווי ער האָט פאַרדינט און איז ניט משוחד פון גרויס דרך־ארץ און יראת־הכבוד צו פאַרשווייגן אפילו די חסרונות פון דעם אָדער יענעם גדול בישראל. און צום באַדויערן ווערט אָט דער אוצר פאַרזען אפילו פון די וואָס גיבן זיך אָפּ מיטן אידישן פאָלקלאָר, מיט דער אידישער פאָלקס־מעשה.

ניט געקריוודעט ווערן בלויז די מעשות און מעשה׳לאך פון חסיד׳ישע צדיקים, פון רביים, פון גוטע אידן, וואס שמעקן מיט מופתים, מיט אויסטערלישקייט, מיט מיסטיק. די ווערן גראד דערציילט און איבער־דערציילט, געדרוקט און איבערגעדרוקט. עס איז דער חסידות־היפנאָז, וואס האלט נאך אן גאנץ שטארק אין אונזער ליטעראטור, אין דער אי־דישער נאך מער ווי אין דער העברייאישער. בנוגע אבער די מעשות און ווערטלאך, הנהגות און מדות פון די אזויגערופענע עולמ׳שע, גאונים, גדולים, רבנים, אדער סתם שיינע אידן, וואס זיינען ניט מופת׳יש, ניט אויסטערליש, דערפאר אבער אזוי מ ע נ ט ש ל א ך, אזוי א י ד י ש־מענטשלאך, וואס זיינען פול מיט שכל־דיקייט און הארציקייט, פון תמימות־דיקער פשטות ביז גאוני׳שער חריפות, מיט נשמה־ריינקייט, מיט אן־א־שיעור גוטסקייט און דערבארימדיקייט — אויף דעם קוקט מען זיך קנאפ־וואס ארום.

און נאך גרעסער איז דער צער, וואס אט דער חלק פונם אי־דישן פאלקלאר גייט אייך פון דור צו דור, באזונדערס אין אונזער היינ־טיקן דור. די זקנים, די שיינע און קלוגע אידן, וואס פלעגן זיצן אין די בתי־מדרשים, אין די קלויזן, צי ביים שבת׳דיקן טיש, ביי א שמחה, און זיך דערציילן מעשות פון ר׳ יונתן פרעגער, פון ר׳ ר׳ העשעלע, פון ווילנער גאון, פון „שאגת אריה״, פון ר׳ חיים וואלאזשינער, זיך ווערטלען מיט זייערע ווערטלאך — זיינען שוין היינט ניטא. זייערע אייניקלאך און אור־אייניקלאך דערציילן זיך שוין אנדערע מעשות פון אנדערע גדולים. בלויז דא און דארט געפינען זיך נאך יחידים, ס׳רוב עלטערע אידן, וואס געדיינקען נאך וואס זייערע זיידעס און טאטעס האבן זיי דער־ציילט. טייל פון זיי האבן נאך אליין געקענט די גדולים פון זייער דור און זיינען היינט די איינציקע, וואס ווייסן און האבן צו דערציילן פון זיי. און אויב דאס וועט ניט אפגעראטעוועט ווערן אין צייט, געקליבן און פארצייכנט, וועט די שארית הפליטה אויך פארלארן גיין, ווי עס זיינען שוין פארלארן געגאנגען גאנצע חלקים פונם אידישן פאלקלאר.

❦

דער ספר איז א פועל־יוצא פון א פרואוו צו קלייבן און פארצייכענען די מעשות און ווערטלאך, הנהגות און מדות פון אנשי־שם ביי אידן און א י ב ע ר ד ע ר צ י י ל ן. ניט באארבעטן, סטיליזירן, פארליטעראַרישן, נאר פשוט איבערדערציילן, אט אזוי ווי זיי גייען ארום אין פאלק, אין פאלקס גוסט און אין פאלקס לשון, ווי די וועלט דערציילט. עס איז אן ארבעט, וואס האלט נאך ביי דער התחלה, ביים סאמע אנהויב, וואס צעוואקסט זיך פון טאג, וואקסט ממש אונטער די הענט. עס איז ווי א קוואל, וואס מער מ׳שעפט, אלץ מער קומט צו, אלץ מער קוועלט, שטראמט, שלאגט ארויף. ערשט אין דער ארבעט זעט מען ווי גרויס,

ווי גוואלדיק גרויס אוןברייט זי איז, אפילו בלויז אין שטח און פארנעם. עס איז נשתומם צו ווערן, ווי אוצר־רייך עס איז אט דער חלק פונם אידישן פאלקלאר, וויפל טויזנטער פערל פון אידישער פקחות און חריפות און דער עיקר פון אידישער גוטסקייט און הארציקייט עס ליגן ביי אונז צעזייט און צעשפרייט, וואלגערן זיך אונטער די פיס און בעטן זיך מ׳זאל זיי אויפהויבן און אויפקלייבן. אודאי איז עס ניט קיין ארבעט פאר איינעם, פאר א יחיד. אודאי וואלטן עטלאכע צוזאמען, צונויפגעקומען און צענויפגערעדט, געטאן די ארבעט מיט מער פליים, מיט מער געניט־קייט און ממילא אויך — מיט מער ברכה, מיט מער שלימות. דערווייל ווערט געמאכט א פרואוו, א התחלה. אפשר וועט דער פרואוו געבן חשק אנדערע, אז זיי זאלן זיך אויך נעמען צו אט דער נויטיקער און ליבער ארבעט. הלואי.

די ארבעט פון קלייבן און פארצייכענען האט לכתחילה געמוזט איינ־גענומען ווערן, האבן איר תחום, איר גרעניץ. ניט אלץ, וואס ווערט דער־ציילט פון אונזערע גדולים און אנשי־שם, איז אריין אין תחום פון דער ארבעט. אזוי, למשל, איז מיט א כיוון אויסגעלאזן די אלע ווערטער און ווערטלאך, וואס זייער גאנצע חריפות איז א בית־המדרש׳דיקע, זייער שארפקייט — א קנייטש אין א פסוק, אדער אין א מאמר חז״ל. שוין צוליב דעם אליין, וואס אזעלכע ווערטלאך זיינען בלויז פאר יחידי־סגולה, פאר לומדים, יודעי־ספר, וואס פארשטייען דעם קנייטש, דעם אויפטו און לעקן די פינגער. פארן ברייטן עולם זיינען זיי ניט. זיי האבן זיך זייער ווערט און דארפן אפשר געקליבן ווערן באזונדער, אויפן שטייגער פון „שיחת חולין״. אין פרואוו, וואס ווערט דא געגעבן, גייען אריין בלויז אזעלכע ווערטלאך, וואס זייער חריפות איז א װעלטלאכע, א שאר־פער בליק אויפן לעבן, א פקחות אין הויות־העולם; בעיקר אבער — הנהגות און מדות, וואס אנטפלעקן פאר אונז די אידישע נשמה אין איר הויכקייט און ריינקייט און דאס אידישע הארץ אין זיין אן־א־שיעור גוטסקייט און דערבארימדיקייט. דערפאר אבער איז די ראם „אנשי־שם״ געמאכט ניט אזוי איינג. עס גייען אריין ניט בלויז גאונים און צדיקים, רבנים און רביים, נאר אויך אידישע געלערנטע, עסקנים, כלל־טוער, וואס האבן א נאמען ביי אידן.

פארשטייט זיך, אז אזא ארבעט לאזט זיך ניט מעסטן מיטן היסטארישן אמת. מ׳קען קיינמאל ניט זאגן אקוראט, צי האט טאקע יענער גדול ביי אידן געזאגט, אדער געטאן, דאס וואס מ׳דערציילט פון אים. א חוץ דעם ווערן כמה זאכן דערציילט אין פארשיידענע נוסחות און וואריאציעס. איטלאך געגנט דערציילט עס אין איר גוסט און מעסט עס אן אויף דעם גרויסן מענטשן, וואס איז ביי איר מפורסם. אזוי, למשל, ווערט די מעשה וועגן א קינד צו „כל־נדרי״ דערציילט אין ליטע — אויף ר׳ ישראל סאַ־לאנטער: אין וואלין — אויף ר׳ לוי־יצחק בארדיטשעווער, אין גאליציע —

אויף ר׳ משה־לייב סאסעווער. צום ענין גופא האט עס אבער ניט. די שיינע, הארציקע מדה, אז א קליין קינד איז בילכער ווי „כל־נדרי", ווערט פון דעם ניט געמינערט א האר. אזוי פארשטייט עס דאס פאלק און אזוי דערציילט עס, אזוי וויל עס דער־ציילן פון זיינע פארהייליקטע און פאראייביקטע.

דאס מאטעריאל איז געקליבן, צום טייל, פון ספרים — אלטע און נייע; פון ארטיקלען אין צייטונגען און צייטשריפטן; בעיקר אבער פון מענטשן, וואס האבן דערציילט אליין, אדער צוגעשיקט בכתב. און ווייטער ס׳אייגענע. עס איז נשתומם צו ווערן סאראַ׳ן אוצר עס ליגט ביי אונז צעזייט און צעשפרייט. אין די פארוואָרפנסטע העקן, איבער אלע שבעה ימים, געפינען זיך אידן, וואס טראגן זיך ארום מיט פעק גאנצע פון אידישן פאלקלאר, וואס וויסן צו דערציילן פון אידישע גדולים אזוינס, וואס מ׳קען ניט געפינען אין קיין שום ספר, וואס קיינער, א חוץ זיי, ווייסט עס אפשר ניט. פאר דער, בערך, קורצער צייט, וואס די ארבעט האט זיך אנגעהויבן — א משך פון צוויי יאר — האט זיך איינגעגעבן צו באַ־קומען מאטעריאל פון עטלאכע הונדערט מענטשן אין פארשיידענע לענ־דער. טייל פון זיי האבן אליין צוגעשיקט, און אזוי ווייט ווי פון אפריקע און אויסטראליע, און דאס אן דעם נויטיקן אפאראט, אן התעוררות׳ן, בלויז אויף א קורצער נאטיץ אין צייטונג.

א טייל פון דער ארבעט האט זיך לכתחילה געדרוקט אין „טאגעבלאט" אונטערן נאמען „דערציילט די וועלט". אז די ארבעט איז אנגענומען, באוויזט דער פאקט, וואס פיר־פינף אידישע צייטונגען אין איראָפּע האבן זיי איבערגעדרוקט — ווי דער מנהג: אן רשות *. א טייל האט זיך געדרוקט אין העברייאיש, אין „התור". א געקליבענער טייל פאר קינדער איז ארויס אין פארלאג „דביר" **.

אצינד ווערט דאס בוך געגעבן וועמען עס געהערט — דעם פאלק.



א הארציקן דאנק די אלע, וואס האבן געהאלפן מיט מאטעריאל, סיי דערציילט און סיי צוגעשיקט:

א. אבנר, בערלין; הרב יוסף אדלער; הרב י. צ. אהרנזאן; מ. אונגאר, ירושלים; הרב א. איישישקין; ז. אנכי, תל־אביב; ח. נ. ביאליק, תל־אביב; מ. בן־אליעזר, תל־אביב; י. בן־זאב; מ. ז. בן־ששון, יבנאל; הרב מאיר

* האבן בלויז משנת השם געווען אויף: „אידישע גדולים ווי זיי ווערטלען זיך". און אויף דעם סמך האט ז. רייזען אזוי פארצייכנט אין זיין „לעקסיקאן".

** מ. ליפסון: אנשי מדות. גדולי ישראל במדותיהם, בשיחותיהם ובארחות־חייהם. מספרי „ביבליותיקה מוריה", הוצאת „דביר", תל־אביב, תרפ"ז.

ברלין, ירושלים; מ. ברעזינסקי; יוסף גאָלד; הרב זאב גאָלדבערג; מ. גאָלד־
בערג; י. גאָרבער; א. י. גאָרדאָן; הרב צ. דאַכאָוויץ; ד. דאניע, ירושלים;
א. דרויאַנאָוו, תל־אָביב; מ. האָלאַנד; דוד הלוי, ירושלים; ז. העלער;
י. הענאָוויץ; ש. וויינגער; שילם וואַרהאַפטיג, וואַרשע; חיים זיידעס;
א. יאַנאָווסקי, ירושלים; מ. יפה; מ. כהן; נ. ליבשיץ; הרב זאב לייטער;
דן לעווין; דר. ד. לעווין, תל־אָביב; דר. מ. לעווין, חיפה; הרב שלמה
לעווין; מ. מאַגנוס; י. מאַרק; מ. א. מערעמינסקי; חיים סיגעל; ב. ז. עפרון;
הרב נ. עקשטיין, אַנטווערפּן; נ. פּורת, ירושלים; א. פּיינערמאַן;
הרב י. ל. פישמאַן, ירושלים; הרב ב. פליישער; הרב נתן פּעקער; מ. פּעקער;
הרב צבי ציזלינג, תל־אָביב; ל. קאַמייקי; מ. נ. קאַמינסקי; נפתלי קאָרנער;
ש. קאָרנהייזער; הרב י. קומין; רפאל קוק, ירושלים; ש. ח. קוק, תל־אָביב;
דר. יהודה קויפמאַן, תל־אָביב; ש. קרינסקי; מיכל ראַבינאָוויץ, ירושלים;
ב. ראַטענבערג; א. ב. ריוולין, ירושלים; הרב אַברהם ריינעס; א. רעכטמאַן;
דר. י. שניצער; הרב לוי שטערנבערג, ירושלים; צ. שערמאַן.

❦

א יישר־כח פאר אויסבאַרגן ספרים:

מ. ח. טויזנער; אברהם־אלימלך פישמאַן, תל־אביב; הרב י. ל. פישמאַן, ירושלים; ד"ר יהודה קויפמאַן, תל אביב.

מ. ליפּסאַן.

ניו־יאָרק — תל־אָביב, תרפ"ח.

# ביי אונז, אידן, און ביי זיי, ביניהם, להבדיל

*1*

דער מאנהיימער דוכס האט אמאל געפרעגט ר׳ יצחק ברילין:

— כ׳האב געהערט זאגן, אז אידן גיבן שוחד די שופטים. איז׳ס אמת?

— יא — איז ר׳ יצחק מודה. — אידן מוזן געבן שוחד.

— ס׳הייסט? — חידוש׳ט זיך דער דוכס — אונטערקויפן א שופט, ער זאל משפט׳ן ניט אמת?

— כ׳וועל דיר זאגן, אדוני הדוכס — ענטפערט אים ר׳ יצחק — אז א איד מיט א גוי קומען זיך לאדן פאר א גוי׳שן שופט, איז דער שופט בטבע נוטה צום גוי. פארט זיינער א ברודער, פון איין אמונה. וועט שוין דער שופט ניט זען קיין זכות פארן אידן, אפילו ווען דער איד איז גערעכט. אז דער איד גיט שוחד שטעלט ער זיך ביים שופט אויף איין מדרגה מיטן גוי און ערשט דעמאלט קען דער שופט משפט׳ן אמת.

❦

*2*

ר׳ לוי יצחק בארדיטשעווער איז, כידוע, געווען א מליץ־יושר אויף אידן, פלעגט תמיד אויף זיי מלמד זכות זיין און זיך אויס־טענה׳ן מיטן רבונו־של־עולם, אז אידן זיינען דער בחיר שבאומות, אן עם סגולה, בנים למקום.

איינמאל, אין מיטן נאכט, זאגט ר׳ לוי יצחק צום שמש זיינעם:

— נעם ס׳פלעשל בראנפן מיט א גלעזל און קום מיט מיר.

גייט ער מיט אים אריין אין מרחץ, וואו ס׳שלאפן ארימעלייט, קבצנים, פארשמאכטע מענטשן. הייסט ער דעם שמש אנגיסן א גלעזל בראנפן, וועקט אויף איינעם און פרעגט אים:

— נא, ווילסט א טרונק בראנפן?

יענער עפנט די אויגן, רייבט זיי אויס, זעט ס׳גלעזל בראנפן און מאכט:

— יא, רבי, אבער אן נעגלוואסער, אן „מודה אני".

אזוי א צווייטער, א דריטער — קיינער רירט ניט אן ס׳גלעזל.

וועקט ר׳ לוי יצחק אויף דעם ערל, דעם שבת־גוי, וואס איז דארט געשלאפן:

— איוואן, ווילסט א טרונק בראנפן?

— אהער גיב! — ענטפערט דער ערל און ליידיקט אוים ס׳גלעזל ביזן דנא.

הויבט אויף ר׳ לוי יצחק די אויגן צום הימל און זאגט:

— זע, רבונו־של־עולם, ס׳אַרא טייער פאַלק אידן זיינען, ס׳אַרא ריין פאַלק. א איד וועט זיך ניט צורירן צו קיין מאכל ומשקה, וואו ער וועט זיך ניט קודם מטהר זיין, דיר אפּגעבן א שבח והודיה. מעגסט זיך, רבונו־של־עולם, איבערנעמען מיט דיינע קינדער...

❦

3 דער אידישער פילוסוף משה מענדעלסאָן איז אמאָל געווען פאַר־בעטן אויף א מאלצייט ביי א טייטשישן דוכס. אויפן מאלצייט זיינען געווען גרויסע שרים, מלוכה־מענטשן און געהויבענע גלחים. מענדעלסאָנען האָט׳ן געזעצט אויף א בכבוד׳יקן אָרט, לעבן א קאַטוילישן גלח. און היות ווי מענדעלסאָן איז געווען נזהר ניט צו עסן קיין טרפות, האָט׳ן אים דערלאַנגט באַזונדערע מאכלים.

ביים עסן רופט זיך אָפּ דער קאַטוילישער גלח צו מענדעלסאָנען:

— ווען, הער מענדעלסאָן, וועט איר שוין מעגן עסן מיט אונז צו־זאַמען?

— אויף אייער חתונה *... ענטפערט אים מענדלסאָן קורץ און שאַרף.

❦

4 מ׳האָט אמאָל געפרעגט ר׳ נחום שטעפאַנעשטער:

— פאַרוואס זעט׳ז, אז וואו גוים וואוינען איז דער אויר ריין און וואו אידן, להבדיל, וואוינען, איז דער אויר אומריין?...

— כ׳וועל אייך זאָגן — ענטפערט ר׳ נחום — א איד לאָזט דעם גע־מיינעם אויר ארוים פון זיך, ממילא איז ארום אים ניט אזוי ריין; א גוי שעפּט דעם געמיינעם אויר אריין אין זיך, איז ארום אים ריין...

❦

5 צו ר׳ ברוך פריינקל, לייפּניקער רב, איז א מאָל געקומען א גנב און זיך מודה געווען, אז ער האָט יענעם און יענעם באַ׳גנב׳עט. אצינד וויל ער אפּגעבן די גנבה. אָט האָט ער עס מיט זיך, זאָל עס דער רב ביי אים צונעמען.

ר׳ ברוך האָט מורא געהט פאַר א בלבול. זאָגט ער צום גנב:

— גיי ליבערשט צום גלח.

* קאַטוילישע גלחים, כידוע, טאָרן ניט חתונה האָבן.

— ס׳הייסט, רבי, — חידוש׳ט זיך דער גנב — איר שיקט א אידן צו א גלח?

— פארשטייסטו מיד — ענטפערט אים ר׳ ברוך — א גלח טאר קיי־נעם ניט דערציילן וואס מ׳איז זיך פאר אים מתוודה...

❦

6

ר׳ בעריש מייזלש, ווארשעווער רב, איז אמאל געפארן אויף דער באן. אנטקעגן אים אין וואגאן איז געזעסן א רוסישער פאלקאווניק, א שונא ישראל, מיט א כלב. האט ער גערופן דעם כלב מיט א אידישן נאמען: יאנקל.

— א רחמנות, נעבאך, אויפן הונט — רופט זיך אפ ר׳ בעריש — וואס ער האט א אידישן נאמען.

— וואסי? — פרעגט דער פאלקאווניק.

— אניט — זאגט ר׳ בעריש — וואלט ער געווען א פאלקאווניק.

❦

7

ר׳ בעריש האלפערן, דער לובלינער מגיד, איז געזעסן תפוס פאר אן עלילת־דם. האט ער גע׳פועל׳ט מ׳זאל אים לאזן האלטן ביי זיך טלית און תפילין און דאווענען אלע טאג. זיין טבע איז געווען, אז ער האט תמיד געדאוונט הויך אויפן קול. האט׳ס דער נאטשאלניק פון תפיסה ניט געוואלט ליידן.

— פארוואס — פרעגט ער אים אמאל — שרייסטו אזוי בעת דו מאַ־ליעסט זיך?

— מיר, אידן — זאגט ר׳ בעריש — דאווענען אזוי.

— קענט איר ניט — פרעגט אים דער נאטשאלניק — דאווענען אין דער שטיל, ווי מיר?

— כ׳וועל דיר זאגן, אדוני השר — ענטפערט אים ר׳ בעריש — איר האט אייער גאט לעבן אייך, אויפן וואנט, קענט איר דאווענען אין דער שטיל. אונזער גאט, אבער, איז גאנץ הויך, אזש אין הימל, מוזן מיר שרייען בעת׳ן דאווענען...

❦

8

דער ווארשעווער גענעראל־גובערנאטאר איז אמאל געקומען קיין לאדזש. אויפן וואקזאל זיינען געקומען אים מקבל פנים זיין דעפוטאציעס פון שטאט, בתוכם אויך די פארשטייער פון די דריי רעליגיעס: דער רוסישער פאפ, דער פוילישער גלח און, להבדיל, דער אידישער רב. כדרך הטבע זיינען די גוי׳שע פארשטייער געשטאנען בראש און דער אידישער רב — פון הינטן.

## ביי אונז, אידן, און ביי זיי, ביניהם, להבדיל

נאכן קבלת־פנים איז צוגעגאנגען צו ר׳ אליה חיימ׳ן דער לאדזשער שטאט גאלאווא *, וואס איז מיט אים געווען זייער באפריינט, און אים געפרעגט:

— זאג מיר דעם אמת, ראוויז, האט דיך ניט פארדראסן, וואס די פארשטייער פון די אנדערע צוויי רעליגיעס זיינען געשטאנען פון פארנט און דו, דער פארשטייער פון דער עלטסטער רעליגיע, ביזט געשטאנען פון הינטן?

— חלילה! — ענטפערט אים ר׳ אליה חיים — דו ווייסט דאך, אז מיין רעליגיע איז די מאמע פון יענע צוויי רעליגיעס און א מאמען פארדריסט ניט אויף איינענע קינדער...

9

ר׳ ישראל מאיר, דער „חפץ חיים״, האט די ערשטע צייט געדרוקט זיינע ספרים אין ווילנע. דער צענזאר איז דעמאלט געווען יהושע שטיינ־בערג. איז ר׳ ישראל מאיר׳ן אויסגעקומען צו זיין ניט איין מאל ביי שטיינבערגן.

מאכט זיך אמאל, אז זיצנדיק ביי שטיינבערגן, האט זיך ר׳ ישראל מאיר אויסגערעדט:

— גוים, להבדיל...

איז שטיינבערג, דער קאזיאנער משכיל, געווארן אן אויפגעקאכטער:

— ניטא קיין להבדיל! אלע מענטשן זיינען גלייך.

— וואס בין איך שולדיק — ענטפערט אים ר׳ ישראל מאיר בנעימות, ווי זיין טבע — אז ס׳איז א בפירוש׳ער פסוק: „ואבדיל אתכם מכל העמים״ — טייטש: איך האב אייך מ ב ד י ל געווען פון אלע אומות. איך האב דעם פסוק ניט געשריבן....

10

אייזיק מאיר דיק איז אמאל געגאנגען אין ווילנע און אנגעטראפן א גוי, וואס האט זיך קוים געשלעפט. געווען איז ער קליין און דאר, מיט קרומע פיס, מיט א געבויגענעם רוקן און א קראנקן פנים.

איז אייזיק מאיר דיק צו אים צוגעגאנגען און געפרעגט:

— וואס טוסטו?

— כ׳פלעכט נעצן — ענטפערט דער גוי.

— גוי׳שע קעפ — קרעכצט דיק — ביי זיי גייט אלץ אוועק לאיבוד. ביי אונז וואלט דאך אזא געווען א שיינער איד...

* סיטי מעיאר.

11

בעת דר. הערצל מיט דוד וואָלפסאָן זיינען געפאָרן קיין ארץ־ישראל האָבן זיי זיך אויפן וועג אָפּגעשטעלט אין גריכנלאַנד. זיינען זיי ביידע געגאַנגען אָנקוקן די היסטאָרישע מקומות פון אַלטגריכנלאַנד.

קומענדיק צו אַן אַלטן היסטאָרישן פּלאַץ, האָט הערצל פון גרויס התפעלות אָנגעהויבן זאָגן אויף אויסנווייניק קאַפּיטלאַך האָמער אויף גריכיש.

וואָלפסאָן איז געשטאַנען פאַר׳חידוש׳ט און געוואָרט הערצל זאָל פאַנטשען זאָגן אויפן משונה־דיקן לשון.

אַז ער האָט זיך ניט געקענט דערוואַרטן, מאַכט ער צו הערצלען:

— וואָס איז דאָ דאָ נתפּעל צו ווערן? ס׳איז דאָך ניט אונזערס.

הערצל האָט אים ניט געענטפערט, נאָר אים אָפּגעמאָסטן מיט אַ בליק פון בטול, ווי איינער זאָגט:

— וואָס פאַרשטייט אַ סוחר אין אַזעלכע ענינים.

אין ירושלים זיינען זיי געגאַנגען צום כותל מערבי. צוקומענדיק צום כותל האָט וואָלפסאָן אָנגעהויבן זאָגן אויף אויסנווייניק: „שיר המעלות בשוב ה׳ את שיבת ציון״...

הערצל איז געשטאַנען און געשוויגן.

אין אַ ווײַלע אַרום איז ער צוגעגאַנגען צו וואָלפסאָנען און אים געזאָגט פאַר׳צער׳ט:

— דוד, דו האָסט מנצח געווען...

※

12

אין דענעבורג (דווינסק) איז געווען אַ סופר, ר׳ יצחק נטע. דער סופר איז געווען אַ גרויסער ערלאַכער איד, אַ ירא שמים, ווי אַמאָליקע סופרים. האָט ער געהאַט צוויי זין, בחורים, זיינען זיי אויך געווען אַזוי פרום ווי ער.

איז איינער פון די זין געשטאַנען צום פּריזיוו און מ׳האָט אים אָפּגעגעבן פאַר אַ סאָלדאַט. גראָד איז דאָס יאָר געווען אַ גוטס, מ׳האָט אַ סך אידן באַפרייט און ר׳ יצחק נטע׳ס זון האָט׳ן אָפּגעגעבן.

האָבן יונגע חברה, לצים, זיך געריצט מיטן סופר:

— וואָס וועט איר איצט זאָגן, ר׳ יצחק נטע? זעט, די בחורים, וואָס האַלטן ניט אַזוי שטאַרק פון אידישקייט, האָט׳ן באַפרייט, און אייער זון, וואָס איז אַ פרומינקער, האָט׳ן דווקא אָפּגעגעבן.

— פאַרשטייט איר מיך — ענטפערט זיי ר׳ יצחק נטע — דער קיסר הייסט נעמען פאַר סאָלדאַטן אידן און גוים. נעמט׳ן אמת׳ע גוים און

אמת׳ע אידן. איז מיין זון, וואס איז, ברוך השם, אן אמת׳ער איד, האט׳ן צוגענומען. אבער יענע, די הולטייעס, וואס זיינען ניט קיין אידן און ניט קיין גוים, האט׳ן אויסגעבראקירט...

## פאר ארץ־ישראל

*13*

בעת ר׳ נחמן בראצלאווער האט זיך געקליבן פארן קיין ארץ־ישראל, האט ס׳ווייב זיינס אריינגעשיקט צו אים די עלטערע טאכטער זייערע און זי האט אנגעהויבן וויינען פאר אים:

— טאטע, אויף וועמען לאזטו אונז איבער? ווער וועט אונז מפרנס זיין?

— דו — זאגט ר׳ נחמן — וועסט פארן צום מחותן. איין שוועסטער וועט גיין זיין א דינסט ביי יענעם, די אנדערע וועט עמיצער אריינעמען איז שטוב פון רחמנות וועגן. די מאמע וועט זיין א קעכערן, און אלץ פון שטוב וועל איך פארקויפן אויף הוצאות...



*14*

ר׳ יהושע׳לע קוטנער איז, כידוע, געווען פון די ערשטע „חובבי ציון״ און האט שטארק האלט געהאט ארץ־ישראל.

איינמאל איז געקומען צו אים א איד זיך שואל עצה זיין. ער וויל מאכן מסחר אין ארץ־ישראל.

— ווילסטו, הייסט׳ס — פרעגט אים ר׳ יהושע׳לע — פארן קיין ארץ־ישראל?

— ניין, רבי, — זאגט יענער — איך בלייב דא. כ׳וויל בלויז שיקן אהין געלט און מאכן מסחר.

האט ר׳ יהושע׳לע פארשטאנען, אז אויב דער איד וועט טאן מסחר אונטער די אויגן, איז ער עלול צו פארלירן זיין געלט און וועט דערנאך האבן טענות צו ארץ־ישראל. מאכט ער צו אים מיט א שמייכל:

— כ׳האב שוין געזען אידן, וואס לאזן זייער געלט אין חוץ־לארץ און פארן באגראבן ווערן אין ארץ־ישראל. כ׳האב נאך אבער קיינמאל ניט געזען, אז א איד זאל בלייבן אין חוץ לארץ און שיקן זיין געלט באגראבן ווערן אין ארץ־ישראל...

15

צו ר׳ יצחק מאיר גערער איז אמאל געקומען א חסיד זיינער זיך שואל עצה זיין, צי ער זאל פארן קיין ארץ־ישראל.

— ליבערשט — זאגט ר׳ יצחק מאיר — פארן צום אידן פון לאנד, איידער צום לאנד פון אידן...

✱

16

ר׳ מרדכי עליאשבערג, בויסקער רב, איז געווען פון די ערשטע רבנים „חובבי ציון״. ער האט האלט געהאט ארץ־ישראל אהבת נפש און פלעגט תמיד ריידן מיט התלהבות מכח דער גרויסער מצוה פון ישוב ארץ־ישראל און ווי וואויל איז די, וואס זיינען זיך אין דעם עוסק, בפרט אין ערד־ארבעט, וואס איז דער עיקר ישוב הארץ.

אויף דער עלטער פלעגט ער זאגן:

— הלואי, רבונו של עולם, זאל איך זוכה זיין קומען קיין ארץ־ישראל און זיין א פראסטער ערד־ארבעטער.

— רבי — פרעגט׳ן אים — וואס קענט איר טאן ביי ערד־ארבעט?

— ס׳הייסט — חידוש׳ט ער זיך בתמימות — כ׳קען זיין א „שומר פשואים *.

✱

17

ר׳ מרדכי גימפל יפה, ראזשינאיער רב, איז געווען א הייסער „חובב ציון״. ער האט שטארק האלט געהאט ארץ־ישראל און איז געווען פון די ערשטע רבנים, וואס האבן זיך עוסק געווען אין ישוב ארץ־ישראל.

אויף דער עלטער איז ער געפארן קיין ארץ־ישראל, זען מיט די אויגן ס׳הייליגע לאנד.

געקומען קיין ארץ־ישראל, איז ער געפארן אנקוקן די אידישע קאָלאניעס, וואס האבן זיך געהאלטן אין בויען. איז ער געקומען קיין „ראשון לציון״, וואס האט דעמאלט געהאט א שם פאר ניט קיין פרומע קאלאניע.

אז די פור איז אריין אין דער קאלאניע, האט זיך ר׳ מרדכי גימפל אויפגעהויבן, זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטן און געזאגט:

— אפילו א ביסל א חצופה אן אלמנה, פונדעסטוועגן —

— „ברוך מציב גבול אלמנה״.

און ער האט געמאכט מיט התלהבות די ברכה, וואס מ׳מאכט אויף אפגעבויטע ישובים אין ארץ־ישראל.

* א וועכטער ביי גריגם.

18

ר׳ זונדל סאלאנטער האט האלט געהאט ארץ־ישראל אהבת נפש. זיין תשוקה איז געווען צו זען זי וואס מער געבויט. כמה יונגעלייט האט ער מעורר געווען צו בויען הייזער אין ירושלים. ער פלעגט גיין און ציילן די הייזער אין ירושלים און אנקוועלן פון איטלאכס ניי הויז וואס איז צוגעקומען, אפילו פון א גויש הויז.

— ביני לביני — פלעגט ער זאגן מיט שמחה — ווערט׳אך ארץ־ישראל געבויט...

☙

19

דר. הערצל האט געוואלט געווינען דעם פראנקפורטער ראטשילד, דעם פרומען, פארן ציוניזם. האט ער געשיקט דוד וואלפסאנען, וואס איז געווען א יודע ספר, ער זאל זיך זען מיט ראטשילדן און האבן מיט אים א שמועס.

ראטשילד האט וואלפסאנען זייער שיין אויפגענומען און אים אריינגעפירט צו זיך אין קאבינעט. וואלפסאן איז אריין מיט אים אין א שמועס, ביז ער איז ארויפגעקומען אויף דער סכנה פון דער אסימילאציע.

— ווייסט איר, הער באראן — זאגט וואלפסאן — אז אפילו אין רוסלאנד זיינען ניט אלע אידן פרום? אז אויך דארטן אסימילירן זיך אידן און ס׳אידישע פאלק אין גלות גייט אונטער?...

נעמט ראטשילד ארויס פון קעשענע א קליין יארמלקע, טוט אן אויפן קאפ און זאגט מיט כונה:

— חס ושלום!

און טוט אויס ס׳יארמלקע און לייגט צוריק אריין אין קעשענע.

וואלפסאן רעדט ווייטער:

— דער עקאנאמישער מצב פון אידן איז זייער שפל, אידן האבן קיין פרנסה ניט, ס׳מערן זיך ארימעלייט...

ראטשילד נעמט ווידער ארויס פון קעשענע ס׳קליינע יארמלקע, טוט אן אויפן קאפ און זאגט מיט צוגעמאכטע אויגן פון גרויס כונה:

— יא, איין בפירוש׳ער פסוק: „כי לא יחדל אביון מ... מ...

— „מקרב הארץ", הער באראן — כאפט אונטער וואלפסאן מיט א שמייכל.

— יא, יא, „מקרב הארץ"... דאנקע... — זאגט ראטשילד און בלייבט זיצן אין יארמלקע.

וואלפסאן האט פארשטאנען ס׳אנצוהערעניש, האט זיך אפגעזעגנט און איז ארויס.

20

אויפן ניינטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין האַמבורג האָט דער האַמבור־גער ראַבינער, דר. פראַנק, געזאָלט געבן דעם קאָנגרעס אַ ברכה אינם נאָמען פון דער אידישער קהלה. האָט ער אויפגעשריבן די ברכה אויפן פּאַפּיר און אַ טאָג פריער, איידער דער קאָנגרעס האָט זיך געעפנט, האָט ער זי דערלאַנגט דוד וואָלפסאָנען, דעם נשיא פון דער ציוניסטישער אָר־גאַניזאַציע, הערן זיין חות־דעת.

וואָלפסאָן איז גראָד געזעסן מיט זיינע מקורבים און געשמועסט. לייענט ער דורך און זאָגט:

— גאַנץ גוט, נאָר אַ ביסל לעבלאָד. ס'פעלט דער ציוניסטישער טראַפּ.

— פאַרגעסט ניט, הער פּרעזידענט — זאָגט דער ראַבינער — אַז איך באַגריס דעם קאָנגרעס ניט אין מיין נאָמען, נאָר אינם נאָמען פון מיין קהלה און מיינע בעלי־בתים זיינען ניט קיין ציוניסטן, מוז איך מיך היטן ניט צו זאָגן אַזוינס וואָס זיי זיינען ניט מסכים.

— טאָ הערט אַ מעשה — זאָגט וואָלפסאָן צום עולם אויף זיין ליט־ווישן שטייגער.

אין פּראָג איז געווען אַ שטאַטהאַלטער אַ רשע מרושע, אַ שונא ישראל. פּרעגער אידן האָבן פון אים געהאַט קאַלט און וואַרים, ער האָט זיי אָנגעטאָן גרויסע נגישות. נאָר איינער, אַ פּראָסטער איד, אַ שניידער, האָט גראָד ביי אים נושא־חן געווען און געוואָרן ביי אים אַ יוצא ונכנס. אַז מ'איז געוואויר געוואָרן אין שטאָט, אַז דער שניידער האָט אַ דריסת הרגל ביים שטאַטהאַלטער, האָט'ן אָנגעהויבן גיין צו אים. ווער ס'האָט געדאַרפט עפּעס פועל'ן ביי מלוכה, איז געקומען צום שניידער, ער זאָל זיך משתדל זיין. אַזוי אַרום איז דער שניידער געוואָרן אַ שתדלן און אַן עושר.

אַז דער שניידער האָט עולה לגדולה געווען, האָט ער אָנגעהויבן זוכן כבוד, ווי די טבע פון אַן אויפגעקומענעם. האָט זיך אים איינמאָל, פאַר ראש־השנה, פאַרוואָלט זיין דער בעל־תקיעה אין פּרעגער אַלטניי־שול. געוואוסט האָט ער, אַז די פּרנסים וועלן אים בשום אופן ניט צולאָזן, איז ער אַוועק צום שטאַטהאַלטער מיט אַ בקשה:

— אדוני השר, אַזוי און אַזוי. ביי אונז אידן איז אַ מנהג צו בלאָזן ניי־יאָר מיט אַ שופר. וויל איך האָבן דעם כבוד צו בלאָזן אין דער אַלטניי־שול.

און ער האָט גע'פּועל'ט.

דער שטאַטהאַלטער האָט תיכף אַריינגעשיקט אַ באַפעל צו די פּרעגער פּרנסים, אַז דער שניידער זאָל בלאָזן שופר ראש־השנה אין דער אַלט־ניי־שול.

איז געווארן א רעש אין שטאט. ס׳טייטש, אזא׳ן עם הארץ, אזא פחות שבפחותים, וועט זיין תוקע אין דער אלטער שול? זיינען די פרנסים אוועק צום שטאטהאלטער מיט תחנונים:

— אדוני השר, מיר קענען דיין באפעל ניט מקיים זיין. שופר בלאזן איז ביי אונז א הייליקע עבודה און ניט יעדער איד איז צו דעם ראוי.

דער שטאטהאלטער לאזט זיך אבער ניט איינרעדן און גיט א געשריי:

— כ׳האב איינמאל געזאגט, אז דער שניידער וועט בלאזן און אזוי וועט׳ס זיין.

איז איינער פון די פרנסים, א קלוגער איד, איינגעפאלן אויף א המצאה. זאגט ער צום שטאטהאלטער:

— אדוני השר, ראש־השנה קענען מיר בשום־אופן דעם שניידער ניט צולאזן צום שופר. מיט אכטאג שפעטער האבן מיר נאך א יום־טוב, יום כפור, וואס מ׳בלאזט אויך שופר. יענעם טאג קענען מיר מקיים זיין דיין באפעל און מכבד זיין דעם שניידער מיט בלאזן.

האט דער שטאטהאלטער מסכים געווען.

אז דער שניידער איז דערפון געוואויר געווארן, איז ער געקומען צו לויפן אזן אטעם צום שטאטהאלטער:

— אדוני השר, דו האסט דאך מיר צוגעזאגט, אז איך וועל בלאזן אין דער גרויסער שול.

— יא, אודאי — זאגט דער שטאטהאלטער — מיין ווארט איז א באפעל.

— ס׳טייטש — טענה׳ט דער שניידער — די פרנסים זאגן דאך, אז דו האסט מסכים געווען, אז איך זאל ראש־השנה ניט בלאזן?

— וועסטו בלאזן יום־כפור — זאגט דער שטאטהאלטער. — וואסי דער חילוק?

— וואס רעדט דער שר? — זאגט דער שניידער מיט הארצווייטיק — ראש־השנה בלאזט׳ן הונדערט תקיעות און יום־כפור בלאזט׳ן בלויז איין תקיעה.

— שוטה איינער — צעלאכט זיך דער שטאטהאלטער — אז דו וועסט האלטן דעם שופר אין האנט, וועסטו קענען בלאזן וויפיל דו ווילסט...

דער עולם האט געלאכט. דער ראבינער האט פארשטאנען ס׳אנצו־הערעניש און האט געהאלטן א ווארימע ציוניסטישע רעדע.



21 אויף די ציוניסטישע קאנגרעסן איז איינגעפירט, אז איין זיצונג ווערט אפגעגעבן פאר די ענינים פון דער ציוניסטישער באנק — די קאלאניאל־באנק.

## די וועלט דערציילט

אויפן צענטן ציוניסטישן קאנגרעס האט'ן אויף דער באנק־זיצונג זייער שטארק קריטיקירט די פירונג פון דער באנק. אז דוד וואלפסאן, דער נשיא, האט זיך געשטעלט ענטפערן אויף דער קריטיק, האט ער אנגעהויבן אויף זיין ליטווישן שטייגער:

— רבותי, כ'וועל אייך דערציילן א מעשה.

איז בערלין האט איינער, א פוילישער איד, ליכטנשטיין, צוגענומען א שופר אין א שול. אז די גבאים פון שול, טייטשישע אידן, האבן זיך געכאפט, האבן זיי געלאזן איינשפארן ליכטנשטיינען פאר גנבה.

אויף מארגן ברענגט'ן ליכטנשטיינען פארן ריכטער.

— וואס האבען זי געשטוילען? — פרעגט אים דער טייטשישער ריכטער.

— א שופר — ענטפערט ליכטנשטיין.

— וואס איזט איין שאפאר? — פרעגט דער ריכטער.

שווייגט ליכטנשטיין. גיי פארטייטש א גוי וואס א שופר איז.

ווערט דער ריכטער אין כעס און וויל שוין אפשיקן ליכטנשטיינען צוריק אין תפיסה. זעט ליכטנשטיין ס'איז שלעכט, ער קען דא פאר־זעסן ווערן אין תפיסה, כאפט ער זיך ארויס:

— כ'וויים שוין, הער ריכטער, כ'וויים. א שופר איז א טראמפייט.

— ווארום — בייזערט זיך דער ריכטער — האבען זי'ס פריהער ניכט געזאגט?

— הארעלע ריכטער — בעט זיך ליכטנשטיין רחמים — ניט שוין זשע איז א שופר א טראמפייט?...

— איר האט טענות — פירט אויס וואלפסאן — צו אונזער באנק, הלמאי זי האט ניט געטאן, וואס א באנק דארף טאן. איז אונזער באנק — א ב א נ ק? זיינען אונזערע אקציעס — א ק צ י ע ס?...

## אז משיח וועט קומען

22

ר' חיים וואלאזשינער האט אמאל געזאגט:

— אט אזוי וועט משיח קומען:

איך וועל מיך זיצן ביי מיר אין חדר און לערנען, ווי תמיד. וועט ארייינלויפן זוגתי און א געשריי טאן:

— חיים, דו זיצסט און לערנסט? משיח איז דאך געקומען!

וועל איך דריי מאל אויסשפייען און זאגן:

— טפו! ווער האט עס דיר געזאגט?

— גיי ארוים אין מארק — וועט זי זאגן — וועסטו זען. קיין קינד אין וויג איז ניט געבליבן. אלע זיינען ארוים קעגן משיח׳ן...

❦

23

ר׳ לייב, דער שפאלער זיידע, האט אמאל געזאגט:

— רבונו־של־עולם, דו האלטסט אידן אין גלות. דו וואַרטסט זיי זאלן תשובה טאן. כ׳שווער דיר ביי באָרד און פאות, אז אידן וועלן קיין תשובה ניט טאן ביז משיח וועט קומען...

❦

24

אין יאר ת״ר איז אין פוילן ארומגעגאנגען אן איינריידעניש, אז דאס יאר וועט משיח קומען. עפעס האט׳ן געפונען רמזים און גימטריאות. וואס ווייטער האבן אלץ מער אידן אנגעהויבן גלויבן, אז אין ת״ר וועט קומען די גאולה. מ׳האט זיי גערופן די ת״ר׳ניקעס.

דער וואַרשעווער רב, ר׳ יעקב געזונדהייט, האט מורא געהאט, אז די ת״ר׳ניקעס זאלן, חלילה, ניט ווערן קיין נייע כתה, ווי די שבתי־צבי׳ניקעס, איז ער ארויף אויף דער בימה און געשוואוירן ביי א ספר־תורה, אז אין ת״ר וועט משיח ניט קומען...

❦

25

ר׳ מאיר׳ל פרעמישליאנער האט אמאל געזאגט:

— ווייל משיח קומען מיט דרך־ארץ, ווארטן מיר אויף אים. ווייל ער אבער קומען מיט רוגזה, מיט חבלי־משיח — זיינען מיר אים מוחל, זאל ער גארניט קומען...

❦

26

ר׳ אייזל חריף איז אמאל געפארן מיט א בעל־עגלה. כדרך הטבע האט ער זיך געענוג אנגעליטן אויף דער נסיעה. דער בעל־עגלה האט אים אלע ווײַלע געהייסן אראפגיין פון וואגן און גיין צופוס: דא איז א בארג — איז שווער פאר די פערד; דא איז א טאל — איז פשוט א סכנה צו זיצן אין וואגן — ווי אמאליקע בעלי־עגלות. צו־אלעמען האט דער בעל־עגלה געוואלט ארויסווייזן פאר ר׳ אייזלען זיין לומדות און אים ניט אפגעלאזן מיט זיינע קשיות.

— אמת, רבי — פרעגט דער בעל־עגלה — ס׳וועלן זיין צוויי משיחים, משיח בן־יוסף און משיח בן־דוד. צו וואס דארף מען צוויי משיחים? איינער איז ניט גענוג?

— ניין! — ענטפערט אים ר׳ אייזל — איינער וועט אונז דארפן אויסלייזן פון גאלעס (גלות) און איינער פון די באַלעגאַלעס (בעלי־עגלות)...

## די וועלט דערציילט

27

ר׳ חיים בריסקער איז געווען א שארפער מתנגד פונם ציוניזם. ער האט געהאלטן, אז אידן דארפן ווארטן אויף משיח׳ן און ניט דוחק זיין דעם קץ. אחוץ דעם איז אים ניט געווען לרצון וואס אין ציוניזם האבן זיך גע׳עוסק׳ט א סך ניט־פרומע.

— ס׳טייטש, רבי — האט׳ן אים אמאל געפרעגט — אט די ניט־פרומע זיינען דאך עוסק אין ישוב ארץ־ישראל, בויען ס׳לאנד און באזעצן אידן. היתכן, אז די פרומע זאלן אפשטיין?

— איר ווייסט דאך — ענטפערט ר׳ חיים — ווי ס׳פירט זיך ביי א חופה. די ווייסע חברה׳ניקעס לויפן בראש, פארלויפן דעם וועג אפילו די כלי־זמרים. חתן־כלה מיט די מחותנים קומען שפעטער...

# פאר מלכים און שרים

28

ר׳ יונתן פרעגער איז געווען א מקורב למלכות. דער מלך האט האלט געהאט מיט אים צו שמועסן, פאר זיין גרויס חכמה.

איינמאל איז ר׳ יונתן געגאנגען אין בית־מדרש. טרעפט אים אן דער מלך. פרעגט ער אים:

— וואוהין גייסטו?

— כ׳ווייס ניט, אדוני המלך! — ענטפערט ר׳ יונתן.

ווערט דער מלך אין כעס פאר אזא תשובה און הייסט ר׳ יונתן ארייננזעצן אין תפיסה.

פארנאכט, אז דעם מלך איז דער כעס אפגעגאנגען, הייסט ער ברייגנען פאר זיך ר׳ יונתן.

— ווי — פרעגט אים דער מלך — האסטו גע׳פועל׳ט ביי זיך מיר אזוי צו ענטפערן? ווייסטו ניט, אז טרייבן קאטאוועס מיט א מלך הייסט זיין א מורד במלכות?

— חלילה, אדוני המלך! — ענטפערט ר׳ יונתן — כ׳האב קיין קאטאוועס ניט געטריבן. כ׳האב געמיינט באמת. א מענטש ווייסט קיינמאל ניט וואו ער גייט. אט בין איך געגאנגען אין בית־מדרש און אוועק אין תפיסה...

❦

29

דער אידישער פילוסוף שלמה מיימון האט די לעצטע יארן זיינע זיך אויפגעהאלטן ביי א פרייסישן באראן, אויף א גוט ארום ברעסלוי.

בעת שלמה מיימון איז געשטארבן, האט דער באראן אפגעשיקט דעם מת קיין ברעסלוי, די אידישע קהלה זאל אים ברייגנען צו קבר ישראל. אזוי ווי מיימון האט אין יענע יארן גע׳שמ׳ט פאר אן אפיקורס, איז חברה קדישא געקומען פרעגן דעם רב, ר׳ יצחק יוסף תאומים, ווי זיך נוהג צו זיין מיטן מת. האט דער רב געהייסן אים ניט מטהר זיין, לייגן אים לעבן פארקאן און פארברענען אלע זיינע כתבים. האט׳ן אזוי געטאן.

אז דער באראן איז דערפון געוואויר געווארן, האט ער פאר׳מסר׳ט די אידישע קהלה מיטן רב פארן מושל. האט דער מושל געשיקט רופן דעם רב און אים געפרעגט: הלמאי האבן אידן מבזה געווען אזא גרויסן געלערנטן?

— חלילה! — ענטפערט ר׳ יצחק יוסף — קיינער האט אים ניט מבזה געווען. אדרבה, מיר האבן אלץ געטאן פאר זיין כבוד וועגן. מיר האבן אים ניט מטהר געווען — מחמת מיר האבן געוואוסט, אז ביים לעבן האט ער דערפון ניט געהאלטן. מיר האבן אים ניט געלייגט צוזאמען מיט אלע מתים — מחמת ביי אונז, אידן, איז א מנהג, צו לייגן איטלאך סוג מענטשן אין א באזונדער שורה: רבנים באזונדער, פרנסים באזונדער. פאר פילוסופים האבן מיר נאך קיין שורה ניט. איז היות ווי ער איז ביי אונז דער ערשטער פילוסוף, האבן מיר מיט אים אנגעהויבן א נייע שורה. מיר האבן פארברענט זיינע כתבים — מחמת קיינער איז ניט ראוי זיי צו לייענען...



30

בעת די עסטרייכישע מלכה, מאריא טערעזא, האט ארויסגעגעבן א באפעל, ארויסטרייבן אידן פון בעמען, האבן אידן געשיקט דעם פרעגער דייז, ר׳ זלמן קרוב, צום מיניסטער, זיך משתדל זיין, אז די גזרה זאל בטל ווערן.

ר׳ זלמן קרוב איז געקומען צום מיניסטער און אים אנגעהויבן בעטן רחמים פאר די אידן אין בעמען. פון גרוים צער האט זיך ר׳ זלמן צעוויינט אויפן קול.

— וואס מאכסטו אזעלכע קולות? — פרעגט אים דער מיניסטער.

— מחמת — ענטפערט ר׳ זלמן — ניט איך אליין שריי. טויזנטער אידן שרייען פון מיר ארויס...



31

פאר ר׳ חיים וואלאזשינער איז אין ווילנע אמאל אראפגעקומען א פרעמדער איד, אן אויסטערלישער, וואס מ׳זעט ניט אין יענע מקומות. געווען איז ער א הויכער, א שיינער, מיט א הדרת־פנים, אנגעטאן אין

אזיאטישן טראכט, אין א לאנגן, ברייטן מאנטל, מיט גרויסע זילבערנע קנעפּ, אין סאנדאלן מיט זילבערנע קנעפּלאך און אויפן קאָפּ — א ווייסן טורבאן.

און ווי זיין טראכט — אזוי משונה׳דיק זיינען געווען זיינע תהלוכות. תיכף ווי ער איז געקומען אין ווילנע, איז ער צוגעפארן צום גענעראל־גובערנאטאר און זיך דארט אפּגעזאמט א פּאר שעה. ארויס פון גענעראל־גובערנאטאר, האט ער זיך געהייסן פארפירן אין א אידישע אכסניא, וואו ס׳איז בתכלית הכשרות. אין דער פרי איז ער געפארן מיט א דראשקע אין מקוה און פון דארט — אין דער גרויסער שול. זיין דאווענען איז געווען מיט מורא׳דיקע התלהבות און דבקות, מיט גרויסע בכיות און האט געדויערט שעה׳ן לאנג.

גאנץ ווילנע האט געקאכט מיטן פרעמדן אורח. טייל האבן געזאגט, אז ער איז פון די עשרת־השבטים. אנדערע, ווידער, האבן גע־דרונגען, אז ער איז געשיקט פון די מלכי אזיע צום רוסישן קיסר זיך משתדל זיין פאר אידן. אלע אין דער פרי פלעגן מאסן אידן פון גאנץ שטאט קומען אין דער גרויסער שול, זען דעם אורח און זיך צוקוקן צו זיין דאווענען. מ׳פלעגט זיך אנדערציילן חידושים, אז בעת ער דאוונט איז ס׳ארט אונטער אים נאס פון טרערן און שוויים.

ווילנער נכבדים האבן אים געשיקט זאגן, אז זיי וואלטן גרייליך וועלן זיך זען מיט אים, זיך דורכשמועסן וועגן טובת־הכלל. האט ער קיינעם צו זיך ניט צוגעלאזן, געענטפערט, אז ער ווארט נאך אויף ידיעות פון קיסר. ביסלאכווייז האט ער זיך אנגעהויבן מתקרב זיין צו די פּני פון שטאט. אנדערע איז ער אפילו געגאנגען געוואויר ווערן אין שטוב. ער האט אבער גערעדט זייער פארשטעלט, דיפּלאָמאטיש, אז מ׳האט פון אים בשום אופן ניט געקענט ארויסקריגן ווער ער איז און צוליב וואס ער איז געקומען קיין ווילנע.

די נייס וועגן דעם אויסטערלישן אורח האט זיך צוטראגן איבער אלע שטעטלאך ארום ווילנע און אומעטום האבן זיך אידן געריכט אויף ישועות, וואס דער אורח וועט פּועל׳ן פאַרן כלל ישראל.

בעת די נייס איז אנגעקומען קיין וואלאזשין, האט ר׳ חיים תיכף פארשטאנען ווער דער אורח איז. האט ער געשיקט א שליח מיוחד קיין ווילנע, צו ר׳ לייבעלע ר׳ בערס, און אים פארטרויט, אז לויט ווי אים קומט אויס, איז דער פרעמדער איד א געהיים־אגענט פון מלוכה און איז געקומען קיין ווילנע אויסשפּיאנירן ביי וועמען ס׳געפינט זיך קאנטרא־באנד, לכן זאל ער מזהיר זיין אידישע סוחרים, תיכף מבער זיין אלע טריפה סחורות, כדי ס׳זאל ניט ארויסקומען קיין חילול־השם.

ר׳ לייבעלע ר׳ בערס האט בשתיקה די זאך מודיע געווען אלע אידישע סוחרים. איז ביי אלעמען געווען א גרויסער חידוש: ס׳טייטש, אזא כשר׳ער איד זאל זיין א געהיים־אגענט? ס׳ליגט זיך עפעס ניט אויפן שכל. נאר פון ספק וועגן האבן אלע סוחרים און קרעמער מבער געווען וואס זיי האבן געהאט מן החוץ.

מיט א פאר טעג שפעטער האט זיך דער אורח באוויזן אין מארק מיט פאליציאנטן און אנגעהויבן גיין פון געוועלב צו געוועלב, וואו ער האט געוואוסט, אז דארטן געפינט זיך קאנטראבאנד. פאליציי האט אבער גארניט געפונען און דער אידישער געהיים־אגענט איז געבליבן א ליגנער.

פאר חרפה האט ער בשתיקה עוקר געווען פון ווילנע און אזוי ווי מ׳האט ניט געוואוסט פון וואנען ער האט זיך גענומען, אזוי האט׳ן ניט געוואוסט וואו ער איז אהינגעקומען.

ערשט שפעטער איז מען געוואויר געווארן, אז ער קומט פון קרים. און אזוי איז פארבליבן זיין נאמען: דער קרימער.

❦

32

אויף דער ערשטער אסיפת־הרבנים אין פעטערבורג, פאר ניקאלאי דעם ערשטן, איז ר׳ איצעלע וואלאזשינער געווען דער ראש המדברים. זייענדיק דער גדול הדור, האט זיך מלוכה שטארק גערעכנט מיט אים און מיט זיין מיינונג. דער בילדונגס־מיניסטער, אוואראוו, האט געוואלט פועל׳ן ביי אים, און ממילא ביי די איבעריקע רבנים, אז אידן זאלן זיך נעמען צו בילדונג, זאלן אויסטאן די לאנגע בגדים, אפשערן די פיאות וכדומה. דער מוסטער איז געווען: דר. ליליענטאל, א טייטשישער ראַ־בינער, וואס האט דעמאלט געשפילט א גרויסע ראלע, איז ארומגעפארן איבער אידישע קהלות און צוגערעדט אידן, זיי זאלן פאלגן מלוכה, זיך אנטאן טייטשיש און שיקן די קינדער זייערע אין די שקאלעס.

איינמאל, בשעת דער אסיפת־הרבנים, זאגט דער מיניסטער אוואראוו צו ר׳ איצעלן:

— פארוואס, ראווין, דארפסטו טראגן אזא גרויסן טלית־קטן מיט אזעלכע לאנגע ציצית ס׳זאל זיך ארויסזעען אין דרויסן? קען מ׳ניט זיין א איד א פרומער און טראגן אויפן הארצן א קליינעם טלית־קטן מיט קורצע ציצית? אט איז דר. ליליענטאל, אויך א רעליגיעזער איד, א ראבינער, טראגט אודאי ציצית, אבער מ׳זעט ניט ארויס.

— כ׳וועל דיר זאגן, אדוני המיניסטער — ענטפערט אים ר׳ איצעלע — מיר אידן טראגן ציצית, כדי זיך דערמאנען אן די מצוות, וואס גאט האט אונז געבאטן. ווי עס שטייט אין ביבל: „וראיתם אותו — וזכרתם".

איז דר. ליליענטאל, וואס איז א געבילדעטער מאן, מיט א גוטן קאפ און א שארפן זכרון — איז געגוג פאר אים א קליינינקער טלית־קטן מיט קורצינקע ציצית, ער זאל זיך דערמאנען. אבער איך, א פארצייטיקער רב און אן עלטערער מענטש, דער זכרון דינט שוין ניט אזוי — איך מוז האבן א גרויסן טלית־קטן מיט לאנגע ציצית, כדי מיך צו האלטן אין אייז דערמאנען אן אונזערע מצוות...

✾

33

בעת משה מאנטעפיארע איז געפארן קיין פעטערבורג, איז ער גע־בליבן אויף שבת אין לאמזע. האט ר׳ יצחק ווארקער מציע געווען ר׳ מענ־דעלע קאצקער זיי זאלן פארן קיין לאמזע בעטן דעם שר, זיך משתדל זיין פארן קיסר, ער זאל בטל מאכן די גזירה, אז אידן טארן ניט גיין אין קיין שטריימלען. האט ר׳ מענדעלע ניט געוואלט פארן. דער שר — האט ער געזאגט — וועט זיך פאר אזא זאך ניט משתדל זיין, מחמת ער זעט ניט אייז די גזירה, אויב אידן וועלן אין קיין שטריימלען ניט גיין. איז ר׳ יצחק אליין געפארן.

ר׳ משה מאנטעפיארע האט דעם ווארקער אויפגענומען מיט כבוד. ווען ער האט געהערט מכח וואס ער איז געקומען, האט ער געענטפערט:

— כ׳פארשטיי ניט, מוזן עס אידן טראגן בערן־מיצן?...

✾

34

בעת משה מאנטעפיארע איז געווען אין ווילנע, האט ר׳ יוסף זאקהיים, דער גרעסטער נכבד אין ווילנע, אים פארבעטן צו זיך. מאנטעפיארע איז געקומען באלייט פון זיין סעקרעטאר און די ווילנער חשובים. ביים טיש האט ער דערציילט וועגן זיין נסיעה קיין פעטערבורג, מכח דעם שמועס, וואס ער האט געהאט מיטן מיניסטער.

— כ׳האב געפרעגט דעם מיניסטער — האט דערציילט מאנטע־פיארע — פאר וואס טרייבט׳ן אידן פון די דערפער? האט ער געענט־פערט:

— ווער טרייבט זיי? זאלן זיי זיצן.

בעת מעשה איז דארטן געזעסן ר׳ יעקב וואלק, דער נעמעצינער רב, וואס איז דעמאלט געווען א שטוב־מלמד ביי זאקהיימען.

בטבע איז ער געווען א שווארצע נאטור. ווי ער האט געהערט, מיט וואס דער מיניסטער האט אפגע׳פטור׳ט מאנטעפיארען, אז פון דער גאנ־צער שתדלנות האט זיך גארניט אויסגעלאזן, האט׳ס אים פארקלעמט ביים הארצן און ער האט זיך פאנאנדערגעוויינט. זיינען אלע געבליבן

ווי פאַרשעמט. ניט קיין דרד־אַרץ פאַרן שר. האָט מאָנטעפיאָרע גע־פרעגט:

— פאַרוואָס וויינט דער מאַן?

ר׳ אברהם זאַקהיים, ר׳ יוסף׳ס זון, וואָס איז געווען אַ וואוילקענעוו־דיקער אין שפּראַכן, האָט תיכּף געפונען אַ תירוץ:

— דער מאַן האָט געוואוינט אין אַ דאָרף און מ׳האָט אים פון דאָרטן אַרויסגעטריבן...

✻

35

בעת משה מאָנטעפיאָרע איז געווען אין ווילנע, האָט גאַנץ שטאָט געקלונגען מיטן אידישן שר, וואָס איז געקומען פון ענגלאַנד פּועל׳ן ישועות ונחמות פאַר אידן. מ׳האָט זיך אָנדערציילט פון אים אָן אַ שיעור. די האָבן געזאָגט, אַז ער איז אַ משנה למלכות אין ענגלאַנד; די — אַז ער איז פון די גרעסטע אדירים אין דער וועלט, אַ שותּף פון די ראָטשילדס און איז געקומען אויסקויפן אידן פון רוסלאַנד און זיי באַ־זעצן אין ענגלאַנד. האָבן אידן אָנגעהויבן צו קומען צו אים מיט בקשות, ער זאָל זיי העלפן. דער — דאַרף חתונה מאַכן אַ טאָכטער, דער איז אַ נשרף, דער האָט אויף זיך אַ שווערן משפּט, ווי דער שטייגער ביי אידן. האָט מען זיי צום שר ניט צוגעלאָזן. אַלע האָבן געקראָגן איין תשובה: ווער עס האָט אַ בקשה — זאָל עס אויפשרייבן און דערלאַנגען דעם שר׳ס סעקרעטאַר.

אין ווילנע איז דעמאָלט געווען מפורסם דער וואָלאָזשינער סופר, ר׳ הירש בונימאָוויץ. ער איז געווען אַ שאַרפער מליץ אין לשון־קודש און געהאַט אַ כתב אויף חידושים. איז מען פון גאַנץ שטאָט געקומען צום וואָלאָזשינער סופר שרייבן בקשות צום שר. איטליכער האָט אים געבעטן, אַז זיין בקשה זאָל ער מאַכן וואָס שענער און בעסער, ניט קאַרגן קיין מליצה, דערציילן דעם יחוס זיינעם, ווי ווייט געדריקט ער איז, וואָסער גרויסע מצוה דער שר וועט זיך קויפן וכדומה.

— צו וואָס דאַרפט איר די לאַנגע בקשות? — האָט ר׳ הירש בוני־מאָוויץ איינמאָל געענטפערט — שרייבט איין וואָרט: טייטשעלע, גיב געלט!

פון דעמאָלט אַן גייט אַרום אין גאַנץ ליטע דאָס ווערטל: „טייטשעלע, גיב געלט!"

✻

36

פאַרנדיק פון ווילנע איז מאָנטעפיאָרע אַראָפּ אין קאָוונע און פאַר־פאָרן צום גביר פון שטאָט, ר׳ מאַרקיל קרישזאַן. דאָרטן זיינען זיך צונויפגעקומען די פּני פון שטאָט און מאָנטעפיאָרע האָט דערציילט מכּח

זיין נסיעה איז פעטערבורג און זיין שתדלנות לטובת די אידן אין רוס־לאנד. צווישן עולם איז געווען ר׳ מארקילס מחותן, ר׳ הלל ראפאפארט, פון טשאשניק, וואס איז גראד דעמאלט געווען אין קאוונע. ר׳ הלל איז געווען א איד א גביר, א גרויסער פאדריאטשיק און דערצו נאך א חב״ד׳ער חסיד. האט ער געהאט אין זיך אי די ברייטקייט פון א גביר, אי א שמינית שבשמינית פון חסידישער עזות. האט ער זיך ניט געשעמט און געלאזט פרעגן מאנטעפיארען:

— אדוני השר, וויפיל קאסט אייער נסיעה קיין פעטערבורג?

— כך וכך אלפים! — האט מאנטעפיארע געענטפערט.

— ווען מיר, רוסישע אידן — האט ר׳ הלל אים געלאזט זאגן — וואלטן דאס געלט אויסגעגעבן אין פעטערבורג אויף שוחד, וואלטן מיר מער אויפגעטאן...



37

אין פויזנע איז אמאל געשטארבן אן עושר, א פראצענטניק, וואס איז פארן לעבן געווען א גרויסער קמצן און ניט געגעבן א פרוטה אויף צרכי־צבור. האט חברה קדישא פארלאנגט פון די יורשים טויזנט ר״ט קבורה־געלט. האבן די יורשים ניט געוואלט געבן. זיינען זיי אוועק און פאר׳מסר׳ט קהל פארן מושל. האט דער מושל געשיקט רופן דעם רב, ר׳ עקיבא אייגער, און אים פירגעהאלטן:

— פארוואס פארלאנגט איר פאר דעם מת מער קבורה־געלט, ווי פאר אלע מתים אייערע?

— אדוני המושל — האט אים ר׳ עקיבא אייגער געענטפערט — מיר, אידן, גלויבן אין תחית־המתים. אז אונזער משיח וועט קומען, וועלן אלע אונזערע טויטע לעבעדיק ווערן. איז ווען א איד שטארבט, גיט אים קהל א קבר בלויז אויף א צייט, ווען משיח וועט קומען, וועט עס קהל האבן צוריק — קאסט עס ניט קיין סך געלט. דער איד אבער, וואס איז איצט געשטארבן, איז געווען א פראצענטניק און לויט אונזער גלויבן, וועלן פראצענטניקעס ניט אויפשטיין קיין תחית־המתים אפילו ווען משיח וועט קומען. אים דארף קהל פארקויפן א קבר אויף אייביק און אייביק — מוז קהל קריגן א סך מער געלט.

דער ענטפער איז דעם מושל געפעלן געווארן און ער האט געהייסן די יורשים באצאלן ס׳גאנצע געלט וואס קהל האט פארלאנגט.



38

ר׳ עקיבא אייגער, בעת ער איז געווען רב אין פויזנע, האט זיך עוסק געווען אין כלל ענינים, אין צרכי העיר. זיין מנהג איז געווען, אלע טאג,

נאכן שיעור אין דער ישיבה, גיין מבקר זיין אַלע חולאים, אכטונג געבן וועמען ס׳פעלט רפואות, פלעגע און הייסן אַריינשיקן.

איינמאָל איז געווען אַ מגפה, רחמנא ליצלן, אין שטאָט. מענטשן זיינען געפאַלן ווי פליגן. האָט ר׳ עקיבא אייגער ניט גערוט, געלאָפן ביי טאָג און ביי נאכט, באַזאָרגט די חולאים מיט רפואות, מיט מיטלען און אָפגעראַטעוועט כמה מענטשן.

די זאַך איז דערגאַנגען צו מלוכה און מ׳האָט אים געשיקט אַ דאַנק פאַר זיינע אויפטואונגען. אים איבערצוגעבן דעם דאַנק איז אַראָפּגע־קומען אַ שליח מיוחד, אַ געהויבענער שר. ר׳ עקיבא אייגער האָט מקבל געווען דעם שר מיט גרויס כבוד און אים פאַרבעטן צו זיך, אין זיין חדר מיוחד.

זיצנדיק, האָט דער שר געזען ביי ר׳ עקיבא אייגערן אויפן טיש אַ קליין קעסטעלע מיט נייע צעריסענע בריוו־מאַרקעס. איז עס אים געווען אַ גרויסער חידוש. פרעגט ער:

— זאָגט מיר, הער ראַבינער, וואָס זיינען עס פאַר אַ מאַרקעס?

— תמיד — ענטפערט אים ר׳ עקיבא אייגער — ווען ס׳קומט מיר אוים צו שיקן אַ בריוו דורך אַ שליח מיוחד, צערייס איך אַ מאַרקע, כדי מלוכה זאָל קיין היזק ניט האָבן.

דער שר איז אַרויס פון די כלים. ער האָט די מעשה דערציילט זיינע חברים אין מלוכה און זיך ניט געקענט אָפּוואונדערן פון די תמימות און ערלאכקייט פונם אידישן רב.

❦

39

פאַר ר׳ נחומ׳קען איז אין גראָדנע געווען אַ גובערנאַטאָר אַ שונא ישראל, אַ המן; אידן האָט ער אָנגעטאָן צרות צרורות, ווי ס׳גיט זיך איין אַ צורר היהודים. פון ר׳ נחומ׳קען, אָבער, האָט ער זייער געהאַלטן, געוואוסט, אַז ער איז זייער אַן ערלאכער, אַן איש אמת — אַ צדיק.

צו „נאָווי גאָד" (ניי־יאָר) זיינען די פרנסים פון גראָדנער קהלה, מיט ר׳ נחומ׳קען בראש, געקומען צום גובערנאַטאָר, צווינשעווען אים צום נייעם יאָר. כדרך הטבע האָט זיי דער גובערנאַטאָר אויפגענומען און זיי האָבן אים, ווי דער מנהג איז, געוואונשן „אַ ניי יאָר און אַ ניי גליק".

אָפּגעוואונשן — האָט דער גובערנאַטאָר געגעבן אָנצוהערעניש די פרנסים, אַז זיי קענען גיין. ר׳ נחומ׳קען האָט ער געבעטן בלייבן.

אַז די פרנסים זיינען אַרויס, מאַכט דער גובערנאַטאָר צו ר׳ נחומ׳קען:

— מיין ניט, אַז איך בין גענאַרט. כ׳ווייס, אַז אידן האָבן מיך ניט זייער ליב און זיינען מיר ניט קיין גוטע פריינט, מחמת קיין טובות טו איך זיי ניט. ווייס איך וואויל, אַז ווען איר האָט מיר צוגעוואונשן צום

נייעם יאָר, האָט איר עס געטאָן בלויז פון יוצא וועגן, פאַר מורא. אין הארצן האָט איר בעת מעשה מיר קיין גוטס ניט געוואונשן. איז אויף די אנדערע אידן, וואָס זיינען געווען מיט דיר, וואונדערט מיך ניט — געוויינלאָכע מענטשן. אָבער אויף דיר איז מיר אַ גרויסער חידוש. אַזאַ ערלאָכער ווי דו, אַזאַ איש אמת ווי דו ביזט, זאָל ריידן אחד בפה ואחד בלב, ניט מיינען דאָס, וואָס ער זאָגט ? !

— חס ושלום — ענטפערט אים ר׳ נחומ׳קע — מיר האָבן אַלע געמיינט מיטן גאַנצן הארצן וואָס מיר האָבן געזאָגט. מיר האָבן דיר געוואונשן אַ ניי יאָר און אַ ניי גליק. וואָס מיינט ביי דיר אַ ניי גליק? דו זאָלסט דערהויבן ווערן צו אַ העכערער מדרגה, זאָלסט ווערן אַ גענעראַל־גובער־נאַטאָר, אַ מיניסטער. דעמאָלט וועסטו ווערן אַוועק פון גראָדנע. און דאָס ווינשן דיר אַלע אידן פון שטאָט מיטן גאַנצן הארצן...



40 דער עסטרייכישער קיסר פראַנץ, זייענדיק אַמאָל אין לעמבערג, איז געקומען זען די אידישע שול. דאָרט האָבן אים מקבל־פּנים געווען די פּרנסים פון שטאָט מיטן רב, ר׳ יאַנקעלע אורנשטיין, בראש. פון גרוים פּחד האָט ר׳ יאַנקעלע קיין וואָרט ניט געקענט אויסריידן. דעם קיסר איז דער קבלת־פּנים ניט שטאַרק געפעלן געוואָרן און זאָגנדיק עפּעס איינעם פון די פּרנסים, האָט ער אים גערוצט.

— אדוני המלך — האָט אים דער פּרנס געזאָגט — איך בין ניט מער ווי אַ בשר ודם און בין ניט ראוי מ׳זאָל ריידן צו מיר, ווי מ׳רעדט צו גאָט...

דער קיסר האָט פאַרשטאַנען דעם שטאָך און האָט אים שוין שפּע־טער געאירצט.



41 בעת ר׳ בעריש מייזלש איז געווען רב אין קראָקע, איז ער אויסגעקליבן געוואָרן אין עסטרייכישן פּאַרלאַמענט. אַז דער פּאַרלאַמענט האָט זיך געעפנט האָבן אַלע אָפּגעאָרדנטע פאַרנומען זייערע פּלעצער: ווער רעכטס, ווער לינקס, ווער אין צענטר — לויט די פּאַרטייען, ווי דער שטיי־גער איז אין אַ פּאַרלאַמענט. ר׳ בעריש מייזלש האָט זיך געזעצט צווישן די לינקע.

דער קאַנצלער איז געקומען אין פּאַרלאַמענט, האָט׳ס אים פאַר־חידוש׳ט, וואָס דער אידישער רב זיצט ניט רעכטס, ווי אַלע גייסטלאָכע. איז ער צוגעגאַנגען צו ר׳ בעריש׳ן און אים געזאָגט :

— הער ראַבינער ! זי צו דען לינקען ? !

— יאַ — ענטפערט ר׳ בעריש — ווייל וויר יודען קיינע **רעכטע** האָבען...



*42*

אין לעמבערג האָבן די משכילים אַמאָל געוואָלט עפענען אַ ראַבינער־שול. דער גאַליציישער שטאַטהאַלטער האָט דערצו מסכים געווען. איז געקומען צו אים ר׳ שלום רוקח, דער בעלזער רבי, און געזאָגט, אַז ער וועט בשום אופן ניט לאָזן עפענען אַ שול פאַר אפּיקורסות.

— וואָס זיינט איר אַזאַ תקיף? — פרעגט אים דער שטאַטהאַלטער.

— איר האָט אונטער זיך — ענטפערט אים דער בעלזער — אַכציק גובערנאַטאָרן. איך האָב אָבער דריי־הונדערט־טויזנט חסידים, וואָס וועלן גיין פאַר מיר אין פייער און אין וואַסער...

און דער בעלזער רבי האָט אויסגעפירט.



*43*

דער עסטרייכישער קיסר, פראַנץ יאָזעף דער צווייטער, איז, כידוע, געווען אַ מלך של חסד און אַן אוהב ישראל. זיין מנהג איז געווען, אַז ווען ער איז געקומען אין קראָקע פלעגט ער אַריינגיין אין דער אידי־שער שול, אַזוי גוט ווי אין דער גוי׳שער תיפלה, להבדיל. אין פאַליש איז תמיד געהאָנגען דעם קיסר׳ס פּאָרטרעט.

האָט זיך אַמאָל געמאַכט, אַז איידער דער קיסר האָט געדאַרפט קומען אין שול און דער גאַנצער עולם איז געווען גרייט אים מקבל־פנים זיין, איז דער פּאָרטרעט נעלם געוואָרן פון וואַנט אַראָפּ. אַז מ׳האָט זיך גע־כאַפּט, איז שוין געווען שפּעט — דער קיסר איז שוין אָנגעקומען. זעט ער, אַז זיין פּאָרטרעט איז ניטאָ אויף דער וואַנט. פרעגט ער דעם רב, ר׳ שמעון סופר, וואָס איז די מעשה.

— כ׳וועל דיר זאָגן — אדוני המלך — ענטפערט אים ר׳ שמעון — מיר, אידן, האָבן אַ מצוה צו לייגן תפילין אַלע טאָג. דאָס איז ביי אונז אַ סימבאָל, אַ בילד פון אונזער אידישקייט. שבת לייגן מיר קיין תפילין ניט — מיר טאָרן עס אפילו ניט האַלטן, מחמת שבת אַליין איז אַזוי גרויס און אַזוי הייליק, אַז מיר טאָרן ניט האָבן קיין קלענערן סימבאָל. ס׳נעמלאַכע, אדוני המלך, איז מיט דיין פּאָרטרעט. בעת דו ביזט ניטאָ מיט אונז, האָבן מיר דיין פּאָרטרעט, וואָס דערמאָנט אונז אָן דיר. בעת מיר זיינען אָבער זוכה דיך אַליין צו זען, טאָרן מיר ניט האָבן דיין פּאָרטרעט, וואָס איז בלויז אַ בילד פון דיר און קומט ניט צו דיר אַליין.

44

אין דער צייט פון די גזירות אויף אידן אין רוסלאַנד, פלעגן די רבנים, די גדולי הדור, זיך צוזאַמענקומען אויף אסיפות, זוכן עצות און תחבולות, ווי צו ראַטעווען דעם כלל־ישראל.

איינמאָל האָט ר׳ ישראל סאַלאַנטער גערופן אַזאַ׳ן אסיפה אין ווילנע, וועגן אַ חשוב׳ן ענין, וואָס איז נוגע געווען דעם גאַנצן כלל־ישראל אין רוסלאַנד. אויף דער אסיפה זיינען געווען: ר׳ ישראל סאַלאַנטער, ר׳ אליה לידער, ר׳ אליה קראַטינגער, ר׳ הלל אָמטשיסלאַווער און נאָך כמה פון די גדולי ווילנע. די אסיפה האָט זיך פאַרצויגן, ביז ס׳איז שוין געוואָרן שפּעטלאַך צו מנחה. האָט זיך ר׳ ישראל אויפגעהויבן מיט דער דעה צו דאַווענען מנחה. איז ר׳ אליה לידער אויפגעשפּרונגען:

— בעת מיר האַלטן ביי אַן ענין, וואָס איז נוגע דעם כלל, זיינען מיר ניט בלויז פּ ט ו ר פון דאַווענען, נאָר מיר ט אָ ר ן ניט דאַווענען. מיר טאָרן ניט מפסיק זיין די אסיפה אויף איין מינוט. ס׳איז פּקוח נפש פון כלל ישראל.

— אוראַי זיינט איר גערעכט — ענטפערט ר׳ ישראל — אַזוי איז דער דין, און איך האָב גאָרניט בדעה, אַז מ׳זאָל מפסיק זיין די אסיפה און זיך שטעלן דאַווענען מנחה מיט אַ מנין. כ׳וויל בלויז דאַווענען פאַר זיך, כדי ניט אין גאַנצן מבטל תפלה זיין.

און ר׳ ישראל האָט זיך געשטעלט אין אַ ווינקל דאַווענען פאַר זיך מנחה.

אָבער ר׳ אליה לידער האָט ניט נאָכגעלאָזן. ער האָט זיך געשטעלט קעגן ר׳ ישראל׳ן און געשריען:

— איר טאָרט ניט דאַווענען! אייער דאַווענען איז ניט אָנגענומען!...



45

נאָך די ערשטע פּאָגראָמען, אין יאָר תרמ״א, זיינען מאַסן אידן אַנט־לאָפן פון רוסלאַנד, געלאָפן וואו די אויגן האָבן געטראָגן. אַריבער די גרעניץ — זיינען זיי געבליבן ווי אויפן וואַסער, ניט געוואוסט וואו צו פאָרן און ניט געהאַט מיט וואָס צו פאָרן. אין בראָד האָבן זיך דעמאָלט געוואַלגערט טויזנטער פּליטים אין עלנט און אין נויט.

איז אַראָפּגעקומען פון לאָנדאָן דער אידישער מאַגנאַט שמואל מאָנ־טאַגו, העלפן די פּליטים. פון רוסלאַנד איז געקומען ר׳ שמואל מאָליווער, הגם אַזאַ נסיעה איז געווען אַן איינשטעלעניש, מלוכה זאָל זיך ניט דערוויסן. ר׳ שמואל האָט געוויילט אַ היפּשע צייט אין בראָד, זיך אָפּגעגעבן מיט די פּליטים, געטרייסט, געהאָלפן און געאַרבעט האַנט אין האַנט מיט מאָנטאַגו.

אַז ר׳ שמואל האָט זיך געקליבן אָפּפאָרן פון בראָד, איז מאָנטאַגו געקומען אים באַגלייטן. ביים געזעגענען זיך, גיט אים מאָנטאַגו פּופציק פונט. וויל ר׳ שמואל ניט נעמען.

— רבי — חידוש׳ט זיך מאָנטאַגו — איר האָט דאָך געמאַכט אַזאַ נסיעה, געלייגט הוצאות?

— און ווער — מאַכט ר׳ שמואל — באַצאָלט א י י ך די הוצאות?...

46

פאַר אלכסנדר דעם דריטן, ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן הערן שווערע גזירות אויף אידן אין רוסלאַנד, האָבן אידן, ווי דער שטייגער, גוזר תענית געווען. אויסגעקומען איז דער תענית נאָך פּסח, תיכף נאָך בה״ב. גראָד דעמאָלט האָט מען איבער גאַנץ רוסלאַנד גע׳יום־טוב׳ט דעם נס, וואָס איז געשען דעם יורש־עצר ניקאָלאַי, וואָס איז ניצול געוואָרן פון טויט אין יאַפּאַן, בעת ער האָט געקראָגן מיט אַ שווערט איבערן קאָפּ.

אין ביאַליסטאָק, ווי אין אַלע אידישע שטעט, האָבן אידן געהאַלטן דעם תענית, געפאַסט און געזאָגט סליחות אין אַלע בתי־מדרשים. איז מען נעגאַנגען און מ׳האָט גע׳מסר׳ט פאַרן פּאָליציימייסטער, אַז אידן זיינען ניט געטריי מלוכה. בעת איבער גאַנץ רוסלאַנד איז אַ יום־טוב און אַ פרייד, פּראַוועז אידן אַ באַזונדערן תענית. האָט דער פּאָליציימייסטער געשיקט רופן דעם רב, ר׳ שמואל מאָליווער, און אים שטאַרק אויס־געזידלט:

— ווי קומט עס, אידן זאָלן טאָן אַזאַ זאַך, וואָס שמעקט מיט מרידה, און דו, ראַוויז, זאָלסט עס דערלאָזן?

— מ׳האָט דיר — ענטפערט אים ר׳ שמואל — ניט געזאָגט דעם אמת. מיר פּראַוועז איצט אַ תענית דוקא מחמת מיר זיינען געטריי מלוכה. די מעשה איז אַזוי. ביי אונז, אידן, איז אַ מנהג צו פאַסטן דריי טעג אַלע נאָך פּסח. היי־יאָר, צום דריטן תענית, איז אָנגעקומען די פריילאַכע בשורה וועגן דעם נס מיטן יורש־עצר, האָבן מיר שוין יענעם טאָג ניט געקענט פאַסטן. איצט, אַז מיר האָבן אָפּגע׳יום־טוב׳ט דעם מלוכה יום־טוב, צאָלן מיר אָפּ דעם תענית...

47

ר׳ יצחק אלחנן איז געווען זייער חשוב ביים קאָוונער גובערנאַטאָר. ער האָט שטאַרק געהאַלטן פון „ראַווין ספּעקטאָר״ און געהאַט פאַר אים גרויס דרך־ארץ.

## די וועלט דערציילט

בעת ר׳ יצחק אלחנן איז נפטר געווארן און זיין זון, ר׳ הירש, איז געווארן ממלא מקומו, איז ער געקומען מיט א וויזיט צום גובערנאטאר. ער האט זיך פאר אים פארגעשטעלט: ראווין ראבינאוויטש, דער זון פונם אלטן רב. דער גובערנאטאר האט אים זייער שיין אויפגענומען און מיט אים פריינטלאך געשמועסט. שמועסנדיק פרעגט ער אים:

— ווי קומט עס, וואס איר רופט זיך ראבינאוויטש? דער אלטער ראוויז, אייער פאטער, האט דאך געהייסן ספעקטאר?

— מיין פאטער, זכרונו לברכה — ענטפערט אים ר׳ הירש — האט מיין פאמיליע געענדערט אויס פאטריאטיזם צו רוסלאנד. ספעקטאר איז פויליש און מיינט: רבי. האט ער מיך גערופן אויף רוסיש ראבינאוויטש, וואס מיינט: א רב׳ס א זון.

48

בעת די מהומות אין ווילנע האט׳ן אין איין נאכט גענומען תפוס איבער פערציק יונגעלייט, אויפן חשד, אז זיי געהערן צו די ניהיליסטן. אויף מארגן האט דער ווילנער גענעראל-גובערנאטאר געשיקט רופן צו זיך די אידישע נכבדים פון ווילנע. זיינען צו אים געקומען: ר׳ מתתיהו שטראשון, ר׳ יאנקעלע קאוונער, ר׳ שמואל פעסקין און ר׳ יאנקעלע ר׳ זלמן ר׳ אורי׳ס. דער גענעראל-גובערנאטאר איז צו זיי ארויס און געזאגט מיט רוגזה:

— צו אלע אייערע גרויסע מעלות, וואס איר, אידן, האט, האט נאך אייך געפעלט צו זיין ניהיליסטן.

הערנדיק אזעלכע רייד, איז אויף די ווילנער נכבדים אנגעפאלן אן אימת-מות. דער ערשטער, וואס איז געקומען צו זיך, איז געווען ר׳ יאנקעלע באריט. ער האט א פרעג געטאן:

— מ י ר זיינען ניהיליסטן?

— זיינען׳ס אייערע קינדער! — האט דער גענעראל-גובערנאטאר ווייטער געזאגט — אזוי דערציט איר זיי!

— האט קיין פאראיבל ניט, אדוני הגובערנאטאר — האט ר׳ יאנקעלע געענטפערט — כל-זמן מ י ר האבן דערצויגן אונזערע קינדער, אין אונזערע חדרים און ישיבות, זיינען ביי אונז קיין ניהיליסטן ניט געווען. זינט א י ר האט אנגעהויבן דערציען אונזערע קינדער אין אייערע שקאלעס, זיינען זיי אזוי געווארן...

49

אין לאדזש האט פאזנאנסקי, א איד אן אדיר, אפגעגעבן זיינס א הויז פאר א אידישן שפיטאל און אים אויסגעהאלטן מיט אלע הצטרכות׳ן.

א שכן זיינער, א רייכער גוי, א ביר־ברויער, — איינשטאט האט ער גע־היסן — האט געוואלט פון שפּיטאָל פּטור ווערן, מחמת ער איז געשטאַנען לעבן זיין גארטן. האט ער זיך משתדל געווען ביי מלוכה, אז מ׳זאָל דעם אידישן שפּיטאָל צומאכן. אז מ׳איז געוואויר געוואָרן אין שטאָט פון וואנען די מסירה שטאמט, האבן אידן אויפגעהערט טרינקען איינשטאטס ביר. געטאן געווארן איז די זאַך מיט דער הסכמה פונם רב, ר׳ אליה חיים.

דער רייכער ביר־ברויער האט׳ס באלד דערשפּירט. זיין ביר האט זיך אויפגעהערט פארקויפן. איז ער דערגאנגען, אז דער אידישער רב האט געלייגט א חרם אויף זיין ביר. האט ער אוועקגעשיקט א פּאפּיר קיין פּעטערבורג צו מלוכה: אזוי און אזוי, דער אידישער רב אין לאָדזש פירט א גאנצע ממשלה. האט פארבאטן זיין ביר, אז קיין איד זאָל׳ס ניט טרינקען.

איז אראפּגעקומען פון פּעטערבורג א שליח מיוחד, א גרויסער שררה, די זאַך חוקר ודורש זיין. האט ער געזען, אז ס׳איז טאקע אמת. אידן טרינקען ניט איינשטאטס ביר. האט ער געשיקט רופן דעם רב, ר׳ אליה חיימ׳ען, און אים פירגעהאלטן:

— דו, ראַווין, האסט פארבאטן איינשטאטס ביר. ווייסטו ניט, אז ס׳איז קעגן מלוכה?

— חלילה — זאגט ר׳ אליה חיים — איך האב קיין פארבאט ניט ארויסגעגעבן. אידן אליין ווילן זיין ביר ניט טרינקען.

— מ׳זאגט אבער — האלט זיך דער שררה ביי זיינס — אז דו, ראַווין, האסט זיי פארבאטן.

— כ׳וועל דיר באווייזן, אדוני השר — ענטפערט אים ר׳ אליה חיים — אז קיין פארבאט איז אויפן ביר ניטא און אידן מעגן אים טרינקען. אויף טשיקאַווען, היים איינשטאטן אַרויסשטעלן אין מאַרק א קויף ביר, פריי פאר אלעמען, אז ווער ס׳וויל זאָל טרינקען — וועסטו זען, צי אידן וועלן טרינקען, צי ניט.

די עצה איז דעם שררה געפעלן געווארן, און ער האט אזוי געטאן. מ׳האט ארויסגעשטעלט אין מארק א קויף ביר און כל־דכפין, ווער ס׳וויל זאָל טרינקען. אידן האבן זיך ניט געלאזט בעטן און די קויף ביר איז באלד ליידיק געווארן.

— זעסט, אדוני השר — זאגט אים ר׳ אליה חיים — אידן טרינקען איינשטאטס ביר, זיי ווילן בלויז ניט קויפן און דאס קען זיי קיינער ניט נויטן...

50

נאכן קישינעווער פאגראם, בעת דער מצב פון אידן אין רוסלאנד איז געווען זייער שפּל־דיק, איז דער באראן גינצבורג מיט נאך אידישע שתדלנים געגאנגען צום רוסישן מיניסטער, פאן פלעווע, פועל׳ן הנחות פאר אידן.

באראן גינצבורג האט געשילדערט פארן מיניסטער דעם טרויעריקן מצב פון אידן אין רוסלאנד, ווי זיי ווערן דערשטיקט אין תחום, האבן אויסצושטיין אזוי פיל גזירות און באגרעניצונגען, וואס מאכן זיי ווי הפקר ביים רוסישן המון אין די אויגן.

פאן פלעווע האט אויסגעהערט און געזאגט מיט רוגזה:

— זעט, אז דער יונגער דור אייערער זאל זיך ניט בונטעווען, ניט מאכן קיין רעוואלוציעס, וועט איר קריגן הנחות.

— דאס, אדוני המיניסטער — האט באראן גינצבורג געענטפערט — איז איבער אונזערע כחות. אדרבה, זאגט אליין, ווי קען איך געבן צו פארשטיין א אידישן סטודענט, אז ער, „א קאנדידאט פון ר ע כ ט", האט ניט קיין רעכט אין רוסלאנד?...

## אין די טעג פון השכלה

51

אין בערלין איז געווען א גרויסער משכיל, איציק אייכל. איז ער ניט געווען קיין גרויסער ירא שמים און ניט נזהר געווען אין כשרות.

האט׳ן אמאל דערציילט דעם רב, ר׳ הירש׳ן, אז אייכל האט געגעסן דבר־אחר.

— א פלא גדול — שמייכלט ר׳ הירש — כ׳ווייס, אז א דבר־אחר עסט אייכל *, אבער אז אן אייכל זאל עסן דבר אחר — הער איך אצינד צום ערשטן מאל...

52

ר׳ חיים ראפאפארט האט זיך אמאל געטראפן מיט א טייטשישן ראַבינער, וואס איז געווען א קנאפער למדן, נאר א וואוילקענעוודיקער, ווי א ראבינער. האט זיך דער ראבינער געהאלטן האפערדיק קעגן ר׳ חיימ׳ען, וואס איז געווען א פארצייטיקער רב און האט קיין חכמות חיצוניות ניט געקענט.

איז ר׳ חיים מיט אים אריין אין א שמועס.

* חזירש׳ע עפל.

— וואָס טוט איר — פרעגט ער דעם ראַבינער — אַז מ׳קומט אייך פרעגן אַ שאלה אין איסור והיתר?

— מאַך איך טריף — ענטפערט דער ראַבינער.

— וועל איך אייך — זאָגט ר׳ חיים — דערציילן אַ מעשה:

אין אַ דאָרף, אויפן ישוב, ווייט פון שטאָט, האָט געוואוינט אַן ארענדאַר. ווינטער פלעגט ער שחט׳ן גענז אויף שמאַלץ, ווי דער שטייגער איז אויפן ישוב. פלעגט זיך אים מאַכן אָפט שאלות. און היות קיין רב איז אין דער סביבה ניט געווען, האָט ער איטלאַכס מאָל געמוזט שפּאַנען אַ פערד און פאָרן אין שטאָט צום רב פרעגן די שאלה.

איינמאָל איז צו אים אין קרעטשים פאַרפאָרן אַ איד, אַ קל און אַ שטיקל לץ. קלאָגט זיך פאַר אים דער ארענדאַר, אַז דעם ווינטער מאַכט זיך אים אַ סך שאלות און ס׳איז אים אַ גרויסע הכבדה פאָרן איטלאַכס מאָל אין שטאָט אריין.

— כ׳האָב פאַר דיר אַן עצה — זאָגט אים דער אורח — אין דער תורה שטייט: „לכלב תשליכון אותו“, ס׳ הייסט, אַז טרפה געהערט צום כלב. איז אַז ס׳וועט זיך דיר מאַכן אַ שאלה אויף אַ גאַנז, זאָלסטו זי אַוועקלייגן פאַר אַ כלב. וועט ער עסן — איז׳ס טריף, וועט ער ניט עסן — איז׳ס כשר.

האָט זיך דער ארענדאַר דערפרייט. פּטור געוואָרן פון אַזאַ׳ן עול, פאָרן אַלע מאָל אין שטאָט.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט זיך געמאַכט אַ שאלה אויף אַ גאַנז. לייגט דער ארענדאַר אַוועק די גאַנז פאַרן כלב און ער מיט די בני־בית שטעלן זיך אַרום, זען, צי וועט דער כלב עסן, צי ניט. דער כלב שמעקט די גאַנז פון אַלע זייטן, כאַפּט אַ קוק אויף די מענטשן וואָס שטייען אַרום און רירט די גאַנז ניט.

— כשר! כשר! — איז געוואָרן אַ שמחה ביים ארענדאַר מיט די בני־בית און מ׳האָט די גאַנז אויפגעגעסן.

וואָס ווייטער האָט זיך אָבער דער כלב צוגעוואוינט צום עולם אַרום און וואָסער גאַנז מ׳האָט פאַר אים אַוועקגעלייגט, האָט ער אויפגעגעסן, קיין ביינדל ניט איבערגעלאָזן.

דער ארענדאַר האָט געזען ס׳איז ווייטער שלעכט. אַז ס׳האָט זיך ווידער געמאַכט אַ שאלה, האָט ער זיך שוין אויפן כלב ניט פאַרלאָזן און געפאָרן אין שטאָט פרעגן דעם רב.

— פאַרוואָס — פרעגט אים דער רב — האָט׳ן דיך אַזוי לאַנג ניט געזען? שחט׳סטו מער קיין גענז ניט? צי מאַכט זיך דיר קיין שאלות ניט?

— ניין, רבי — זאָגט דער אַרענדאַר — כ׳שחט גענז און ס׳מאַכן זיך שאלות, נאָר ביז אהער האָט דער כלב מיינער גע׳פסק׳נט.

— און אַצינד? — פרעגט דער רב.

— יאָ, רבי — קלאָגט זיך דער אַרענדאַר — דער כלב מאַכט תמיד טריפ...

53

ר׳ ישראל וויזניצער איז געווען אַ שאַרפער מתנגד פון השכלה.

איינמאָל איז געקומען צו אים איינער פון די משכילים און אָנגע־הויבן מיט אים איינ׳טענה׳ן:

— פאַרוואָס, רבי, זאָלן חסידים פיינט האָבן משכילים? מיר זיינען דאָך אַלע אידן, קינדער פון איין פאָטער.

— יאָ — זאָגט ר׳ ישראל — אָבער מיר האָבן ניט איין מוטער.

— ס׳הייסט? — חידוש׳ט זיך יענער.

— פאַרשטייט איר מיך — זאָגט ר׳ ישראל — וואָס ביי אייך איז מ ו ת ר (מוטער) איז ביי אונז אָסור...

54

בעת ר׳ הירש חיות איז געווען אַ יונגערמאַן, איז ער געקומען צו ר׳ יאַנקעלע אורינשטיין, לעמבערגער רב, נעמען סמיכה. ר׳ יאַנקעלע׳ס זון, ר׳ מרדכי זאב, איז געווען אַ גרויסער קנאי, האָט רודף געווען עד חרמה יעדן איינעם, וואָס איז געווען ביי אים חשוד אויף השכלה. און היות ר׳ הירש האָט יאָ געהאַלטן פון השכלה, האָט ר׳ מרדכי זאב ניט געלאָזן אים געבן קיין סמיכה. ר׳ יאַנקעלע האָט אָבער געזען, אַז ר׳ הירש חיות איז אַ גאון, האָט ער מסכים געווען אים געבן סמיכה. אַז ר׳ מרדכי זאב האָט געזען, אַז ער קען ביים טאַטן ניט פועל׳ן, זאָגט ער צו אים:

— אויב אַזוי, גיב אים וואָס גיכער די סמיכה, מחמת אויב ער וועט ניט ווערן קיין ר ב, וועט ער ווערן אַ ג ל ח...

55

בעת דער מלבי״ם איז געווען אין יעקאַטערינאָסלאַוו, איז גאַנץ שטאָט געקומען אים מקבל פנים זיין, געבן שלום. זיינען אַ פּאָר פון די שטאָט־משכילים אויך געקומען. כדרך הטבע האָט זיי דער מלבי״ם אויפגענומען בסבר פנים יפות.

— ווער זיינט איר? — פרעגט ער זיי.

— מיר זיינען — ענטפערן זיי — די משכילים פון שטאָט.

— ס׳הייסט — זאָגט דער מלבי״ם — קענער?

— קענער — מאַכן זיי עניוותדיק — ווער קען זאָגן אויף זיך, אַז ער קען?

— פאַרשטייט איר מיך — שמייכלט דער מלבי"ם — אַז איר זיינט משכילים, זיינט איר ק ע נ ע ר. איר קענט וואָס אַ איד, אַ שומר מצוה, קען ניט. למשל, איך אַז כ'שטיי אויף אין דער פרי און וויל טרינקען אַ גלאָז טיי — קען איך ניט, כ'האָב נאָך קיין נעגל־וואַסער ניט אָפּגעגאָסן, קיין ברכות־השחר ניט געזאָגט; אַז כ'טרינק אָפּ טיי, וויל איך עסן — קען איך ניט, כ'האָב נאָך ניט געדאַוונט; נאָכן דאַוונען — קען איך ווייטער ניט עסן. כ'מוז זיך וואַשן, מאַכן המוציא. אָבער משכילים ק ע נ ע ן וואָס איך און מיין גלייכן קענען ניט...



56

דער העברייאישער שרייבער מרדכי אהרן גינזבורג האָט אין ווילנע געהאַט אַן אַכסניא. על־פּי רוב פלעגן צו אים פאַרפאָרן סוחרים פון זיין היימיש שטעטל סאַלאַנט.

אין אַ צייט אַרום האָט נאָך אַ סאַלאַנטער איד געעפנט אַן אַכסניא אין ווילנע. די נייע אַכסניא האָט געהאַט אַ שלעכטן שם אין שטאָט. כדי אַפּציען קונדן פון ר' מרדכי אהרן גינזבורג, פלעגט דער נייער בעל־אַכסניא אויף אים אַנרעדן, אַז ער איז אַ משכיל, אַן אפּיקורס, אַז ביי אים אין אַכסניא איז אַ טריפה קיך וכדומה.

מאַכט זיך אַמאָל, אַז אַ סאַלאַנטער סוחר, וואָס איז כמה יאָרן אַלע וואָך איינגעשטאַנען ביי מרדכי אהרן גינזבורג, האָט אָנגעהויבן פאַרפאָרן אין דער נייער אַכסניא. האָט עס מרדכי אהרן גינזבורג'ן פאַרדראָסן. טרעפנדיק יענעם האָלט ער אים פיר:

— ס'טייטש, אַזויפיל יאָרן ביי מיר איינגעשטאַנען און פלוצלונג אוועק צו אַן אַנדערן.

— כ'וועל אייך זאָגן דעם אמת — מאַכט דער סוחר — כ'האָב עפּעס געהערט, אַז ביי אייך איז דאָס כשרות ניט אַזוי... נו, איר ווייסט דאָך, מ'איז דאָך אַ איד...

— יאָ — ענטפערט אים מרדכי אהרן גינזבורג — אויף מיר זאָגט'ן, אַז איך בין מאַכיל טרפות. אויף יענעם זאָגט'ן עפּעס אַנדערש. זייט אייך מיישב מיטן ווייב אייערס, וועט איר הערן וואו זי וועט אייך הייסן פאַרפאָרן...



57

בעת ר' מרדכי אהרן גינזבורג איז געשטאָרבן אין ווילנע, זיינען די פּני פון ווילנער משכילים געקומען צו ר' וועלוועלע, דעם שטאָט־מגיד,

ער זאָל אים מספּיד זיין. האָט ר׳ װעלװועלע ניט געוואָלט. ער איז, כידוע, געווען אַ שטאַרקער מתנגד פון השׂכּלה. די ווילנער משׂכּילים זיינען אָבער צו אים צוגעשטאַנען און ניט וועלנדיק זיך איינרייסן מיט זיי האָט ער געמוזט מאַכן דעם הספּד. ער האָט זיך אָבער געגעבן אַן עצה. גראָד זיינען אין יענער צייט נפטר געוואָרן צוויי רבנים פון קליינע שטעט־לאַך אַרום ווילנע. האָט ר׳ װעלװועלע דעם גאַנצן הספּד געהאַלטן אויף די צוויי קליינשטעטלדיקע רבנים, אויפגעוויזן מיט פּסוקים און מאמרים די גרויסע אבדה פאַרן כּלל־ישׂראל און מעורר געווען דעם עולם צו טרערן. צום סוף האָט ער דערמאָנט, אַז מרדכי אהרן גינזבורג איז אויך געשטאָרבן און געזאָגט אויף אים אַ פּאָר לעבלאַכע ווערטער, בלויז פון יוצא וועגן. די ווילנער משׂכּילים האָט׳ס שטאַרק פאַרדראָסן.

נאָכ׳ן הספּד איז צו ר׳ װעלװועלען צוגעגאַנגען אַד״ם הכּהן און אים געזאָגט:

— איר ווייסט, מגיד, מיט אייער הספּד האָט איר מיר רעכט געמאַכט אַ פּסוק אין תּנ״ך. דער וואָס איז געקומען אָנזאָגן דוד׳ן, אַז שאול און יהונתן זיינען געשטאָרבן, רופט אים אָן דער פּסוק „הנער המגיד״. האָט מיך אַלע מאָל געאַרט די קשיא: פאַרוואָס רופט אים אָן דער פּסוק נאַר (נער)? וואָסער נאַרישקייט האָט ער דאָ געטאָן? מיט אייער הספּד האָט איר מיר די קשיא פאַרענטפערט. דער וואָס איז געקומען אָנזאָגן דוד׳ן די טרויעריקע בשׂורה האָט געטאָן אַזוי ווי איר אין הספּד. ער האָט אַזוי געזאָגט: „אשר נס העם מן המלחמה וגם הרבה נפל מן העם וימותו וגם שאול ויהונתן בנו מתו״ (דאָס פאָלק איז אַנטלאָפן פון שלאַכט און אַ סך פון פאָלק זיינען געפאַלן און געשטאָרבן און שאול מיט זיין זון יהונתן זיינען אויך געשטאָרבן). דעם עיקר עבֿודה, דאָס וואָס שאול און יהונתן זיינען געשטאָרבן, האָט ער דערמאָנט צום סוף, דרך אגב. אַזאַ „מגיד״ איז אַ נאַר...

ר׳ װעלװועלע הערט אים אויס און זאָגט:

— כ׳וועל אייך דערציילן אַ מעשׂה.

אַ ווילנער סוחר, וואָס האָט געפירט גרויסע מסחרים מיט אויסלאַנד, האָט חתונה געמאַכט אַ קינד. האָט ער צו דער חתונה פאַרבעטן זיינעם אַ גוטן פריינט פון קיניגסבערג, אַ סוחר, מיט וועמען ער האָט יאָרנלאַנג געהאַנדלט. דער בדחן אויף דער חתונה איז געווען יצחק סמאַרגאָנער, וואָס איז געווען אַ גרויסער בריה צו זאָגן גראַמען מיט גמטריאות אויף די נעמען פון חתן כּלה און פון די מחותּנים. ס׳בדחנות איז זייער שטאַרק געפעלן געוואָרן דעם קיניגסבערגער סוחר.

## אין די טעג פון השכלה

מיט אַ צייט שפּעטער האָט דער קיניגסבערגער סוחר חתונה געמאַכט אַ קינד. האָט ער אַראָפּגעבראַכט יצחק סמאַרגאָנער, ער זאָל אויף זיין שטייגער משמח זיין די מחותנים, די טייטשן. דאָס מאָל האָט זיך אָבער דאָס בדחנות ניט איינגעגעבן. יצחק סמאַרגאָנער האָט ס'מויל ניט געקענט עפענען. ער האָט געפּרואווט זאָגן אַ פּאָר גמטריאות — האָט זיך ניט געקלעפּט. איז ער אָפּגעקומען מיט אַ פּאָר סקאַרבאָווע גראַמען. דעם מחותן, דעם קיניגסבערגער סוחר, איז'ס געווען אַ חידוש. איז ער צוגעגאַנגען צום בדחן און האָט אים אויסגערעדט:

— הער בדחן, וואָס איזט מיט איהנען געשעהן?

— פאַרשטייט איר מיך — האָט אים יצחק סמאַרגאָנער געענטפערט — איך בין געוואוינט, מ'זאָל מיך רופן אויף חתונות, וואו דער חתן הייסט אַברהם, משה; די כלה — אסתר, מרים און דאָסגלייכן די איבעריקע מחותנים. אויף אַזעלכע נעמען בין איך אַ בריה צו מאַכן גמטריאות. היינט בין איך ס'ערשטע מאָל אויף אַ חתונה, וואו דער חתן הייסט היינריך, די כלה — גערטרוד, די מחותנים: איגנאַץ, מאָריטץ, בערטאַ, פרידא. כ'ווייס אפילו ניט ווי מ'לייגט אויס אַזעלכע נעמען. קען איך קיין גמטריאות ניט מאַכן. זעהען זיי, ווען איך וועל האָבן אָפטער אַזעלכע חתונות, וועל איך זיך איינגעוואוינען אין די טייטשישע נעמען, וועט עס שוין גיין ביי מיר.

— ס'אייגענע — פירט אויס ר' וועלוועלע — איז מיט מיר. כ'בין געוואוינט צו זאָגן הספרים אויף צדיקים, אויף רבנים, אויף ערלאַכע אידן, האָב איך מיר שוין מיין דרך. היינט איז מיר ס'ערשטע מאָל אויסגעקומען צו זאָגן אַ הספד אויף אַ משכיל, איז ניט קיין חידוש, וואָס ס'איז מיר ניט געראָטן. זעט איר, ווען איך וועל האָבן אָפטער אַזעלכע הספדים, וועל איך מיך איינגעוואוינען, וועט שוין גיין ביי מיר...

❦

58

בעת ס'האָט זיך געעפנט די „ראַבינער שול" אין ווילנע, האָבן די מיסדים געבעטן ר' ישראל סאַלאַנטער, וואָס איז דעמאָלט געווען ראש־ישיבה אין ווילנע, ער זאָל אָנעמען די שטעל פון „אינספּעקטאָר" אין דער „ראַבינער שול". ר' ישראל האָט ניט געוואָלט הערן און זען. האָבן די מיסדים זיך משתדל געווען, אַז מלוכה, וואָס האָט געהאַט אַן אויג אויף דער „ראַבינער שול", זאָל פּועל'ן ביי ר' ישראל'ן, ער זאָל יאָ די שטעל אָנעמען. ר' ישראל האָט זיך דערוואוסט פון דעם — איז ער אַרויסגעפאָרן פון ווילנע. „אינספּעקטאָר" איז געוואָרן הירש קאַצענע־לענבויגן.

מיט יאָרן שפּעטער האָט אַמאָל דר. שאַפּיר פון קאָוונע געפרעגט ר' ישראל'ן:

## די וועלט דערציילט

— זאָגט מיר, רבי, פאַרוואָס האָט איר ניט געוואָלט אָנעמען די שטעל אין דער „ראַבינער שול״? דאַכט זיך, ווען די „ראַבינער שול״ וואָלט געשטאַנען אונטער אייער השגחה, וואָלט זי געווען אידישער און וואָלט טאַקע אַרויסגעגעבן געבילדעטע רבנים, וואָס זאָלן האָבן אי תורה אי חכמה.

— כ׳וועל אייך עפּעס פרעגן — ענטפערט אים ר׳ ישראל — מיר זעען, אַז ווען ס׳קומט פאַר אַ רב אַ שאלה פון אַן אָרימאַן, לייגט ער אַוועק דאָס עסן און ענטפערט גלייך. אויב ס׳איז אַ שווערע שאלה, קלערט ער, זוכט אין ספרים און מאַטערט זיך כשר צו מאַכן, דער אָרימאַן זאָל ניט האָבן קיין היזק. קומט צו אים אַ שאלה פון אַ גביר, איילט ער זיך ניט אַזוי און שטעלט זיך אַזוי ניט איין כשר צו מאַכן. אַנדערש איז אַ דאָקטאָר. רופט׳ן אים צו אַ גביר, לויפט ער תיכף, אפילו אין מיטן נאַכט. רופט׳ן אים צו אַן אָרימאַן, האָט ער כל׳ערליי תירוצים ניט צו גיין, און אַז ער האָט שוין קיין תירוץ ניט, גייט ער אָן חשק, ווי איבערגוואָלט. ווי קומט׳ס טאַקע, וואָס רבנים האָבן ליב אָרימעלייט און דאָקטוירים האָבן ליב גבירים?

די זאַך איז פּשוט — זאָגט ר׳ ישראל — אַ רב לערנט ניט צו ווערן אַ רב. ער לערנט קודם ווייל מ׳דאַרף לערנען. אַזוי לערנט ער און זאַפּט איין אין זיך די מאָראַל פון דער תורה, וואָס איז געבויט אין גאַנצן אויף צדק און אויף יושר, וואָס הייסט העלפן דעם אָרימען, דעם געדריקטן. ווערט ער דערנאָך במקרה אַ רב — פירט ער זיך ווייטער אויף דעם דרך. אַ דאָקטאָר אָבער שטודירט לכתחילה צו זיין אַ דאָקטאָר. ער גייט ניט אַריין אין אוניווערזיטעט פון רחמנות־וועגן, כדי ער זאָל קענען היילן קראַנקע. ער נעמט זיך שטודירן אויף דאָקטאָר, מחמת דאָקטאָריע איז אַ שיינע אומנות, וואָס גיט כבוד און געלט. איז דערפאַר, ווען ער איז שוין אַ דאָקטאָר, גייט ער גיכער צו גבירים, פון וועמען ער קען האָבן מער כבוד און מער געלט.

איז געקומען די „ראַבינער שול״ — פירט אויס ר׳ ישראל סאַלאַנטער — און געוואָלט מאַכן רבנות אויך פאַר אַן אומנות, וואו יונגע לייט זאָלן לכתחילה לערנען צו זיין רבנים. אַזעלכע רבנים וועלן שוין זיין ווי דאָקטוירים. זיי וועלן חנפ׳ענען די גבירים און וייכן פון אַן אָרימאַן. דערפאַר האָב איך ניט געוואָלט האָבן קיין יד אין דעם...

✻

59 די סעמינאַריסטן פון דער ווילנער „ראַבינער שול״ זיינען, כידוע, געווען פריי אין אידישקייט און האָבן עס אַרויסגעוויזן ברבים, בריש־גלי.

איינמאָל זיינען אידן געקומען און דערציילט דעם אידישן „אינספּעק־טאָר", אַז זיי האָבן אַליין געזען, ווי זיינע סעמינאַריסטן האָבן תשעה באב געגעסן חזיר און געטאַנצט מיט שיקסעס.

דער „אינספּעקטאָר" האָט זיי אויסגעהערט און געענטפערט מיט אַ שמייכל:

— כ'פאַרשטיי אייך ניט. ווען איר וואָלט זיי געזען עסן שיקסעס און טאַנצן מיט חזירים, וואָלט'ס געווען אַ חידוש. איר זאָגט דאָך אַליין, אַז איר האָט זיי געזען עסן חזיר און טאַנצן מיט שיקסעס — טאָ וואָס חידוש'ט איר זיך?...



60

אַז מ'האָט אין ווילנע אָנגעהויבן צו ריידן אויף דער „ראַבינער שול", אַז די סעמינאַריסטן עסן טרפות, האָט דער העברייאישער משורר אַד"ם הכהן, צוזאַמען מיטן אידישן צענזאָר טוגענדהאַלט, זיך גענומען צו עפּע־נען אַ כשר'ע קיך פאַר די סעמינאַריסטן פון דער „ראַבינער שול". זיינען זיי אַרוים איבערן שטאָט קלייבן גרעסערע נדבות. צום ערשטן זיינען זיי, פאַרשטייט זיך, געקומען צו ר' חיים נחמן פּרנס, דער ראש־הקהל פון ווילנע. גראַד איז ביי אים דעמאָלט געזעסן ר' וועלוועלע, דער שטאָט־מגיד. אויסהערנדיק די צוויי שלוחי מצוה, האָט פּרנס געפרעגט ר' וועל־וועלען, וואָס איז זיין חות־דעת.

— פאַראַן אַ מאָל אַ זאַך — האָט ר' וועלוועלע געענטפערט — וואָס איז שווער צו זאָגן, צי ס'איז אַ מצוה, צי, חלילה, אַן עבירה. האָב איך אַ פּראָבע. איך זע פון וואַנען ס'שטאַמט און ווער ס'איז זיך עוסק אין דעם. היינט לאָמיר זען. אַפּהיטן אידישע קינדער פון טרפות — צו אַזאַ זאַך האָבן זיך געדאַרפט נעמען אַזעלכע ערלאַכע אידן ווי ר' יצחק ר' זלמנ'ס, ר' עלינקע ר' יאָקל'ס. אַזעלכע משכילים ווי ר' בער לעווינזאָן און הער טוגענדהאַלט האָבן זיך געדאַרפט נעמען באַזאָרגן די סעמינאַ־ריסטן מיט טעאַטער, מיט קאָנצערטן. אַז זיי נעמען זיך אָבער באַזאָרגן אידן מיט כשרות — גלויבט זיך מיר ניט, אַז ס'איז אַ מצוה...



61

בעת דער גרויסער מחלוקה מכח רעפאָרם, האָט דער „חתם סופר", כידוע, מחרים געווען אַלע רעפאָרם־רבנים און אַלע קהלות, וואָס האָבן איינגעפירט ביי זיך די נייע רעפאָרם־מנהגים.

ר' ישראל סאַלאַנטער האָט פון דער שיטה ניט געהאַלטן.

— ווען איך — זאָגט ער — וואָלט געווען דער „חתם סופר", וואָלט איך די רעפאָרמער ניט מחרים געווען. מיט גייגער'ן, למשל, וואָלט איך

קודם איינגע׳טענה׳ט, אים אויפגעוויזן זיין טעות. וואָלט איך אים ניט מנצח געווען, וואָלט איך לפנים מסכים געווען: ווילסט, ברודער לעבן, אַ סינאַגאָגע מיט אַן אָרגל, גוט, לאָמיר בויען בײדע אַ סינאַגאָגע מיט אַן אָרגל. אין דער סינאַגאָגע וואָלט איך אַרײנגעזעצט אַ מנין לומדים, וואָס זאָלן זיצן און לערנען. וואָלט׳ס שוין ממילא געוואָרן אַ בית־מדרש...



62 בעת מלוכה האָט אין רוסלאַנד געעפנט די ערשטע ראַבינער־שולן, האָבן אידן ניט געוואָלט שיקן אַהין זייערע קינדער. די ערשטע צייט האָט אַ טאַטע, וואָס האָט געשיקט זיין זון אין ראַבינער־שול, געקראָגן צוגעצאָלט אַ האַלבן אימפּעריאַל (קאָרגע אַכט רובל). ביסלאַכווייז האָבן זיך אידן איינגעוואוינט שיקן אַהין זייערע קינדער. בפרט, אַז די ראַבינער־שולן האָבן באַפרייט פון רעקרוטן, און אין יענע יאָרן, פאַר ניקאָלאַי דעם ערשטן, ווען מ׳האָט געכאַפּט קליינע קינדער און זיי אָפּגעגעבן אויף פינף־און־צוואַנציק יאָר. אָבער אַפילו דעמאָלט האָבן בלויז די אָרימערע געשיקט זייערע קינדער אין די ראַבינער־שולן. די רייכערע, סײ די פרומע, סײ די אויפגעקלערטע, האָבן אַהין זייערע קינדער ניט געשיקט. פאַר די איז די ראַבינער־שול געווען צו־גוי׳יש און פאַר די — צו אידיש. מלוכה האָט אָבער געוואָלט האָבן די רייכע קינדער אויך, האָט זי אַרויסגעשיקט איבערן תחום לעאָן מאַנדלשטאַם, ער זאָל אויפקלערן די רייכע אידן, וואָס די ראַבינער־שולן זיינען און פועל׳ן ביי זיי שיקן אַהין זייערע קינדער.

אַז מאַנדלשטאַם איז געקומען קיין זשיטאָמיר, האָט ער אָפּגעשטאַט אַ באַזוך דעם גביר פון שטאָט. דער גביר איז געווען פון די אויפגעקומענע. אַליין אַ פּראָסטער איד, אַן עם־הארץ, נאָר אַ גרויסער עושר, האָט ער זיך געפירט אויפן נייעם שטייגער, ווי אַ טייטש. מאַנדלשטאַם איז מיטן גביר אַריין אין אַ שמועס, איז אַרויסגעקומען אויף די ראַבינער־שולן און אָנגעהויבן איינ׳טענה׳ן:

— מילא, אַז חסידים שיקן ניט אַהין זייערע קינדער — איז פאַר מיר קיין חידוש ניט. זיי זיינען דאָך פאַנאַטיקער. פאַרוואָס אָבער אונזערע אויפגעקלערטע אידן שיקן זייערע קינדער דווקא אין גימנאַזיע און ניט אין ראַבינער־שול — הויב איך ניט אָן צו פאַרשטיין. דאַכט זיך מ׳לערנט דאָרט ס׳אייגענע וואָס אין גימנאַזיע. וואָס שאַדט עס, אַז מ׳לערנט נאָך דערצו תנ״ך און גמרא און רמב״ם און חובת־הלבבות? זאָגט אַליין, דאַרף׳ס אַ איד ניט וויסן?

— יאָ, אודאי — ענטפערט דער גביר — וואָס לערנט דען דער חובת־הלבבות? דער חובת־הלבבות לערנט, אַז אַ מענטש זאָל קיין חזיר ניט זיין...

פון דעמאלט אן איז געוואָרן א ווערטל אין זשיטאָמיר:
„דער חובת־הלבבות לערנט, אז א מענטש זאל קיין חזיר ניט זיין...״

63

ר׳ יוסף שאול נאטאנזאן, לעמבערגער רב, איז געווען א שארפער מתנגד פון חסידים. פון השכלה האָט ער יא געהאלטן. ער פלעגט אליין לייענען השכלה־ספרים אויף לשון־קודש.

איינמאל האָט ער זיך געטראָפן אין קארלסבאד מיט פראנץ דעליטש. אז ער האָט געזען א פראָפעסאָר א גוי רעדט לשון־קודש, האָט ער אים געפ־רעגט, צי איז ער ניט געזעניוס, וועמעס נאָמען ר׳ יוסף שאול האָט געוואוסט פון אידישע חקירה־ספרים. דעליטש האָט אים געענטפערט, אז ער איז געזעניוס א תלמיד.

— פארוואס, רבי — האָט׳ן אים אמאל געפרעגט — לערנט איר ניט קיין דייטש?

— מער פעלט מיר ניט — האָט ר׳ יוסף שאול געענטפערט מיט א שמייכל. — א מתנגד פון חסידים בין איך, א מקיל בין איך אויך, אז כ׳וועל זיך לערנען דייטש, וועט מען שוין גאָר זאָגן אויף מיר, אז כ׳בין אן אפיקורס...

64

ר׳ אייזל חריף איז אמאל געפאָרן אויף דער באן. אינם אייגענעם וואגאָן זיינען געזעסן צוויי יונגעלייט, היינטוועלטיקע, „טייטשן״. האָט איינער פון זיי חוזק געמאַכט פון ר׳ אייזלען, וואָס איז געגאנגען געקליידט אלטמאָדיש, ווי א פארצייטיקער רב. די עלטערע אידן אין וואגאָן האָט׳ס פארדראָסן.

— וואָס חידוש׳ט איר אייך — זאָגט זיי ר׳ אייזל אויפן קול — איר האָט דאָך געלערנט רש״י, ווייסט איר דאָך, אז וואו צוויי טייטשן (פשטים) איז דער צווייטער א „דבר אחר״...

65

בעת ר׳ יאָשע־בער איז געווען רב אין סלוצק, האָבן זיך אין שטאָט אנגעהויבן ווייזן די ערשטע סימנים פון דער השכלה: יונגעלייט האָבן זיך אנגעהויבן לערנען בילדונג, ס׳האָבן זיך געיאָוועט ספרי־חוץ, טריף־פסול׳ס.

זיינען א פאָר בעלי־בתים, שיינע אידן, אריינגעלאָפן מיט א ויצעקו צו ר׳ יאָשע בער׳ן:

— גוואלד, רבי, די כפירה, רחמנא ליצלן, איז זיך מתגבר.

— וואס איז דער חידוש? — זאגט ר׳ יאשע בער — דער אמת איז תמיד גובר.

— וואס רעדט איר, רבי? — קוקן אים אן די בעלי־בתים — די כפירה רופט איר אן אמת?

— פארשטייט איר מיך — ענטפערט ר׳ יאשע בער — די כופרים זיי־נען כופרים אויף אן אמת — זיינען זיי מצליח. די ערלאכע אידן אבער זיינען ניט קיין אמת׳ע ערלאכע אידן...



66

דער העברייאישער משורר אברהם בער גאטלאבער פלעגט זיך אונ־טערשרייבן אב״ג, די ראשי־תיבות פון זיין נאמען.

אויף דער עלטער, בעת ער האט געוואוינט אין ביאליסטאק, איז ער בלינד געווארן.

האט ער אמאל געזאגט אויף זיך אליין:

— ווייסט איר ווי ס׳מאכט איצט אב״ג? — אלטער בלינדער גוי...



67

אליעזר בן־יהודה, וואס האט דער ערשטער איינגעפירט לשון־קודש ריידן אין ארץ־ישראל, האט, כידוע, געהאט גרויס התנגדות מצד די פרומע אידן אין ירושלים.

ר׳ יוסף ריבלין, א ירושלימ׳ער רב, איז געווען פון בן־יהודה׳ס ידידים און פלעגט אפט מיט אים שמועסן, הגם ער האט געהערט צו בן־יהודה׳ס מתנגדים.

— זאגט מיר, ר׳ יוסף — האט אים אמאל בן־יהודה געפרעגט — ווי קומט׳ס, וואס איר, פרומע אידן, וואס ביי אייך איז לשון־קודש אזוי הייליק, זאלט זיין קעגן מיין רעיון מאכן לשון־קודש פאר א לעבעדיק לשון?

— כ׳וועל אייך זאגן, ר׳ בן־יהודה — ענטפערט אים ר׳ יוסף — ווייז אויף קידוש און הבדלה איז הייליק, א מצוה־זאך. פונדעסטוועגן, אז ס׳רירט זיך אן א גוי ווערט׳ס נסך און ס׳איז טריף...

## חסידים און מתנגדים

68

ר׳ שניאור זלמן לאדיער, דער „רב״, איז אמאל געקומען צו אן עולמ׳שן רב, וואס איז געווען א שארפער מתנגד פון חסידות. פרעגט אים דער רב:

— זאָגט מיר, כ'בעט אייך, ווער איז'ס דער אלימלך, וואָס האָט גע־מאַכט אַ חיבור „נועם אלימלך"? דער חיבור ליגט ביי מיר אונטערן באַנק.

— איך ווילט וויסן — מאַכט ר' שניאור זלמן — ווער ר' אלימלך איז? וועל איך אייך זאָגן. אפילו איר זאָלט אים אַליין ליגן אונטערן באַנק, וועט ער ניט מקפיד זיין און קיין ברעקל תרעומות ניט האָבן...

❦

69 ר' חיים וואָלאָזשינער, ווי דעם גאונ'ס אַ תלמיד, איז געווען אַ שאַר־פער מתנגד פון חסידות און חסיד'ישע תורה. זיין דרך איז געווען — פשטות.

איינמאָל איז צו אים געקומען אַ חסיד'ישער רב. ר' חיים האָט אים מקבל געווען בסבר פנים יפות, געהייסן גרייטן דעם טיש, ווי פאַר אַן אורח הגון. ביים טיש האָט'ן, פאַרשטייט זיך, געזאָגט תורה. האָט דער חסיד'ישער רב געזאָגט אַ תורה וועגן דעם ענין פון גשמיות און רוחניות און איינגעטייטש דעם פזמון פון סליחות:

„אזכרה אלקים ואהמיה בראותי כל עיר — אַלע התעוררות'ן, אַלע תאוות הגשמיות — על תלה בנויה — זיינען ברום המעלה — ועיר האלקים — ס'געטלאַכע התעוררות, די תשוקה צו רוחניות, צו עבודת־הבורא — מושפלת עד שאול תחתיה" — איז אין שפל המצב...

ר' חיים האָט אויסגעהערט די תורה און געשוויגן.

אַ היפּשע ווײַלע שפּעטער פרעגט ער דעם חסיד'ישן רב:

— זיינט איר אַמאָל געווען אין פּעטערבורג?

— ניין! — ענטפערט דער אורח.

— אבער — פרעגט אים ר' חיים — געהערט פון פּעטערבורג האָט איר?

— יאָ — ענטפערט דער אורח — אודאי געהערט.

— פּעטערבורג — זאָגט ר' חיים — איז אַ כרך גדול מיט לאַנגע און ברייטע גאַסן, מיט גרויסע און שיינע בנינים, מיט פּאַלאַצן און גערטע־נער — ס'פאַרכאַפּט ס'אויג.

דער חסיד'ישער רב הערט און הידוש'ט זיך: ר' חיים זאָל ריידן דברים בטלים, דערציילן שבחים פון אַ גוי'ישן כרך.

— און אין וואַרשע — פרעגט אים ווייטער ר' חיים — זיינט איר געווען? וואַרשע איז אויך אַ שיינע שטאָט, מיט געפּלאַסטערטע גאַסן און שטיינערנע בנינים.

דער אורח קוקט אים אָן.

— מ׳זאגט — פירט ר׳ חיים ווייטער דעם שמועס — אז בערלין איז גאר א יופי פון א שטאט, ממש אויף חידושים. פון פאריזש שמועסט׳ן שוין ניט.

— יא — האלט שוין דער חסיד׳ישער רב ניט אוים — אבער אנט־קעגן וואס...

— אנטקעגן דעם פזמון — ענטפערט ר׳ חיים בנעימות — וואס איר האט פריער דערמאנט. דאס איז דער פשט: „בראותי כל עיר — איט־לאך שטאט, א שטייגער פעטערבורג, ווארשע, בערלין, פאריזש — על תלה בנויה — שטייט א געבויטע — ועיר האלקים — און די געטלאכע שטאט, ירושלים — מושפלת עד שאול תחתיה" — ליגט אין שפלות, איז חרוב ומוחרב...



*70*

ר׳ מנשה איליער פלעגט זאגן:

חסידים און מתנגדים האבןביידע א טעות. מתנגדים מיינען, אז זיי האבן א ספר, דארפן זיי ניט קיין רבי׳ן; חסידים מיינען, אז זיי האבן א רבי׳ן, דארפן זיי ניט קיין ספר.

[אן אנדער נוסח:

מתנגדים מיינען, אז זיי דארפן ניט קיין רבי׳ן; חסידים מיינען, אז זיי האבן א רבי׳ן].



*71*

ר׳ דוד׳ל טאלנער איז אמאל געקומען אין א שטעטל, וואס האט געהערט צום רעזיסטשעווער. האט׳ס די רעזיסטשעווער חסידים פון שטעטל פארדראסן.

בעת ר׳ דוד׳ל איז ארויסגעפארן פון שטעטל, האט איינער, א רע־זיסטשעווער חסיד, אים אריינגעווארפן א שטיין אין קארעטע. ר׳ דוד׳ל האט גענומען דעם שטיין און געזאגט צו זיינע חסידים:

— כ׳זע אין דעם שטיין אמת׳ע מסירות נפש פון א אידישער נשמה. כ׳בין דעם אידן מקנא.

ר׳ דוד׳ל האט געבראכט דעם שטיין צו זיך אהיים און אוועקגעלייגט צווישן זיינע טייערע חפצים.



*72*

ר׳ משה קאברינער פלעגט זאגן:

— היינט זיינען דא נייע חסידים, ווילנער חסידים. זיי טוען וואס ס׳ווילט זיך און זיינען חסידים...

73

א קארלינער חסיד איז אמאל געפארן צום רבי׳ן קיין קארלין. דורכ־פארנדיק אנטיפאליע, איז ער אריין צום רב, ר׳ פינחס מיכאל, וואס איז געווען מפורסם פאר א גאון עולם און א צדיק תמים, נאר א מתנגד. ר׳ פינחס מיכאל האט דעם חסיד מקבל געווען בסבר פנים יפות, אים געגעבן שלום און אריין מיט אים אין א שמועס:

— פונוואנען איז א איד? וואוהין פארט א איד?

האט אים דער חסיד געזאגט, אז ער איז פון דארטן און דארטן און פארט קיין קארלין צום רבי׳ן.

— צו א רבי׳ן — פרעגט ר׳ פינחס מיכאל אויף זיין עניוות׳דיקן שטייגער — מוז׳ן פארן אזש קיין קארלין?...

— כ׳ביז א יודע מחשבות — זאגט דער חסיד — און ווייס, אז ביז קארלין איז קיין רבי ניטא.

— אזוי? — חידוש׳ט זיך ר׳ פינחס מיכאל — איר זיינט א יודע מחשבות? טא זאגט זשע מיר, זייט מוחל: וואס טראכט איך אין דער מינוט?

— איר טראכט — זאגט דער חסיד ניט געקלערט — „שויתי הויה לנגדי תמיד“.

— ניט געטראפן — זאגט ר׳ פינחס מיכאל — כ׳האב גאר אין דער מינוט געטראכט עפעס אנדערש.

— אט דערפאר טאקע — פירט אוים דער חסיד מיט נצחון — פארט׳ן ניט צו אייד...



74

בעת ר׳ מרדכי יוסף, דער ראדזינער רבי, האט ארויסגעבראכט זיין תכלת, האט ער געשיקט א שליח מיוחד צו ר׳ יאשע בער בריסקער, ער זאל געבן זיין הסכמה און הייסן אלע אידן אנטאן תכלת.

ר׳ יאשע בער האט אויפגענומען דעם שליח בסבר פנים יפות, ווי זיין דרך איז געווען, און אויסהערנדיק מכח וואס ער איז צו אים גע־קומען, פרעגט ער אים:

— גיט אייער רבי ס׳תכלת אומזיסט?

— ניין! — ענטפערט דער שליח — ס׳קאסט געלט. דער רבי, זאל לעבן, דארף פרנסה.

— וועל איך אייך — זאגט ר׳ יאשע בער — דערציילן א מעשה:

## די וועלט דערציילט

א איד איז געפארן זוכן א גוטן איידים פאר זיין בת־יחידה. האט׳ן אים געזאגט, אז אין יענער און יענער שטאט איז דא א יונגערמאן, א צדיק תמים, זיצט יום ולילה אין בית־מדרש. קיין נאמען האט׳ן אים ניט געזאגט. פארט ער אהין אוועק, גייט אריין אין בית־מדרש און הויבט אן זוכן צווישן עולם דעם צדיק. זעט ער ווי איין יונגערמאן בלייבט אין בית־מדרש שפעטער ווי אלע. אויף מארגן שטייט ער אויף פארטאג, קומט אריין אין בית־מדרש — דער יונגערמאן איז שוין דא, דאוונט ותיקין, זעצט זיך לערנען. אין אוונט — דער יונגערמאן בלייבט ווייטער אין בית־מדרש שפעטער פאר אלע. אזוי דריי טעג נאכאנאנד. איז ביים אידן קיין ספק ניט, אז דאס איז דער צדיק, וועמען ער זוכט. גייט ער צו צו אים און פארטרויט אים:

— צוליב אייך, רבי, בין איך אהער געקומען. כ׳ווייס, אז כבודו איז דער צדיק פון שטאט, וויל איך מיך מיט אייך משדך זיין.

— מיט מיר? — לאכט דער יונגערמאן — כ׳האב שוין א ווייב מיט קינדער. און ווי קום איך צו זיין א צדיק?

— ס׳טייטש — חידוש׳ט זיך דער איד — כ׳האב דאך אליין געזען, ווי איר קומט אין בית־מדרש פריער פון אלע און גייט אוועק שפעטער פון אלע.

— דאס איז — ענטפערט דער יונגערמאן — מיין פרנסה. כ׳בין דא דער שמש.

— איר פארשטייט — זאגט ר׳ יאשע בער צום ראדזינער׳ס שליח — ווי באלד פרנסה איז אוים צדיק...



75

איינמאל קומט צו ר׳ יאשע בער א חסיד מיט א חלום:

— רבי, מיר האט זיך גע׳חלומ׳ט, אז כ׳בין געווארן א רבי ביי חסידים.

— שוטה — ענטפערט אים ר׳ יאשע בער — ווען דאס וואלט זיך די ח ס י ד י ם גע׳חלומ׳ט, וואלט׳ס געווען א גוטער חלום פאר דיר. אז ס׳האט זיך דיר גע׳חלומ׳ט, איז׳ס דברים בטלים...



76

ר׳ יאשע בער בריסקער פלעגט זאגן:

די רביים האבן אזוי קאליע געמאכט דעם המון, אז איצט דארף מען זיי שוין האבן...

# אפיקורסים און משומדים

*77*

אין ווילנע איז געווען א באקאנטער אפיקורס, עוזר סטויבצער האט ער געהייסן.

איינמאל האט עוזר אויף זיך געהאט עפעס א משפט און, ווי דער מנהג איז געווען אין יענע יארן, האט׳ן אים פאר׳משפט צום שמייסן.

אז ער איז געקומען אהיים, האבן אים באקאנטע געפרעגט, ווי האט ער זיך געפילט בעת מעשה.

דער ווייטיק — ענטפערט עוזר — איז געווען גרויס. איטלאכס רוט האט געברענט ווי פייער. ס׳איינציקע וואס האט מיר געגעבן כח אויס־צוהאלטן, איז דאס וואס כ׳האב געוואוסט, אז זיי שמייסן א א י ד ן ...

*78*

לייזער יאשינאווקער, ניסן ראזנטאל׳ס טאטע, האט אין גאנץ ליטע גע׳שמ׳ט פארן גרעסטן אפיקורס.

פארן טויט האט ער צוגערופן צו זיך זיין זון און אים געזאגט:

— הער זיך איין, ניסן. דער עלטערער ברודער דיינער איז גע׳שמד׳ט — וועט ער נאך מיר קיין קדיש ניט זאגן. די שוועסטער דיינע — זיינען דאך פטור פון קדיש. בלייבסטו דער איינציקער קדיש מיינער, בעט איך דיך, אז דו זאלסט... אויך קיין קדיש ניט זאגן...

*79*

פארן טויט האט לייזער יאשינאווקער זיך געהייסן געבן א ווערימ־דיקע פלוים.

— וואס עפעס? — פרעגט׳ן אים.

— אויב מ׳וועט מיך שמייסן אויף יענער וועלט פאר מיינע עבירות — ענטפערט לייזער — וועל איך דאך ניט וויסן, ווען מ׳וועט אויפהערן, איז דאך א מעשה אן א סוף. איצט, אז ס׳וועט קומען צו דער ווערימדיקער פלוים, וועל איך וויסן, אז מ׳וועט שוין מער ניט שמייסן...

*80*

בעת לייזער יאשינאווקער האט שוין געהאלטן פאר יציאת נשמה, איז אין שטוב געווען א כהן. האט דער עולם געהייסן דעם כהן ארויס־גיין. לייזער האט שוין דאס לשון ניט געהאט, האט ער געוואונקען צום כהן, ער זאל ניט ארויסגיין און דוקא בלייבן...

81

לייזער יאשינאַוווקער פלעגט זאָגן:

— כ'האָב פיינט צו צאָלן חובות ביסלאכווייז. בין איך עמיצן שול־דיק — באַצאָל איך מיט אַמאָל וויפיל ס'קומט פון מיר. און אַזוי בין איך מיד נוהג מיט מיינע חובות צום רבונו־של־עולם. חנוכה צינד איך ניט היינט איין ליכטל, מאָרגן — צוויי, איבערמאָרגן — דריי. די לעצטע נאַכט פרעג איך: וויפיל קומט פון מיר, אַכט ליכטלאַך? — אָנגעצונדן און פטור. ס'איינגענע מיט ספירה. כ'צייל ניט: היינט איינס, מאָרגן צוויי; דעם לעצטן טאָג אָפּגעציילט ניין־און־פערציק — און יוצא...



82

צו ר' נתן אדלער, דער רב־הכולל אין מלכות ענגלאַנד, איז אַמאָל געקומען אַ איד און פאַרלאַנגט, אַז דער רב זאָל אים געבן אַ היפּשע מטבע. אויב ניט — האָט ער מאיים געווען — ווערט ער אַ מיסיאָנער.

— גיב מיר אַ תקיעת־כף — זאָגט אים ר' נתן — אַז דו וועסט באַטש זיין אַן אמת'ער מיסיאָנער.

— ס'הייסט? — חידוש'ט זיך יענער.

— מחמת קיין אמת'ער איד — זאָגט ר' נתן — ביזטו קיינמאָל ניט געווען...



83

ר' בעריש מייזלש, וואַרשעווער רב, איז אַמאָל געפאָרן אויף דער באַן. אנטקעגן אים אין וואַגאָן איז געזעסן אַ משומד. האָט דער משומד אַרויסגענומען פון קעשענע אַ גאָלדענעם זייגער און געוויזן דעם רב, אַז אויף איין זייט איז אויסגעקריצט די צורה פון אַ אידן און אויף דער אַנדערער זייט — די צורה פון אַ כלב.

— זייער ריכטיק — שמייכלט ר' בעריש — אָט דאָס ווערט פון אַ אידן, אַז ער קערט זיך איבער...



84

פּראָפעסאָר דניאל כוואָלסאָן, הגם ער איז געווען אַ משומד, האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ איד. ער פלעגט זיך משתדל זיין אין פעטערבורג ביי מלוכה לטובת אידן, פלעגט זיך דורכשרייבן מיט די גרעסטע רבנים פון דור, ווי: ר' יצחק אלחנן, ר' הערש־לייב, ר' דוד'ל קאַרלינער און זייער גלייכן און האָט תמיד גערעדט און געשריבן: מיר אידן.

בעת ס'איז אַרויס די גזירה אויף אידישע חדרים אין רוסלאַנד, האָט ר' יצחק אלחנן געשריבן צו כוואָלסאָנען, אַז ער זאָל זיך משתדל זיין ביי מלוכה, אַז די גזירה זאָל בטל ווערן. אין בריוו האָט ער אים מרמז

געוועז: „כי לכך נוצרת״ — ס׳הייסט, צוליב דעם האָסטו זיך דאָך גע־שמד׳ט און געוואָרן אַ נוצרי, זאָלסט קענען טאָן טובות אידן.

אויף דעם האָט אים כוואָלסאָן געענטפערט:

— „עד שלא נוצרתי איני כדאי ועכשיו שנוצרתי כאילו לא נוצרתי״...

(איידער כ׳האָב מיך גע׳שמד׳ט בין איך ניט כדאי געוועזן, און איצט, אַז כ׳בין גע׳שמד׳ט איז גלייך ווי ניט גע׳שמד׳ט...).

85

איינער האָט אַמאָל געפרעגט פּראָפעסאָר כוואָלסאָן:

— ווי קומט׳ס פּראָפעסאָר, אַז אַזאַ תלמיד־חכם ווי איר זאָל זיך שמד׳ן?

— כ׳האָב זיך גע׳שמד׳ט — ענטפערט כוואָלסאָן — אויס איבערצייגונג.

— אויס איבערצייגונג? — חידוש׳ט זיך יענער.

— יאָ, יאָ — שמייכלט כוואָלסאָן — כ׳האָב מיך איבערצייגט, אַז זיין אַ גוי אַ פּראָפעסאָר איז בעסער, ווי זיין אַ איד אַ מלמד...

86

כוואָלסאָנ׳ס אידישער נאָמען איז געווען יוסף. בעת ער האָט זיך גע׳שמד׳ט, האָט ער אָנגענומען דעם נאָמען דניאל.

האָט׳ן אים אַמאָל געפרעגט, פאַרוואָס ער האָט געביטן דעם נאָמען פון יוסף אויף דניאל.

— וואָס איז דער חילוק? — האָט ער געענטפערט מיט אַ שמייכל — ביידע האָבן זיך איינגעקויפט אין יחוס ביי מלכים מיט איין זאַך, מיט פּותר חלומות זיין...

87

אין ווילנע דערציילט׳ן, אַז כוואָלסאָנ׳ס לעצטע ווערטער פאַרן טויט זיינען געוועזן:

— פירט מיך צו מיין רבי׳ן, ר׳ ישראל זאַרעטשער...

88

דער פּעטערבורגער צענזאָר אויף אידישע ספרים, זוסמאַן, איז געווען אַ משומד. ער האָט געהאַט גרויסע ידיעות אין דער אידישער ליטע־ראַטור, און האָט האָלט געהאַט צו שמועסן אין תורה מיט אידישע לומדים און געלערנט. ער האָט אָבער געהאַט אַ שוואַכקייט צום ביטערן טראָפּן.

איינמאָל, שפּאַצירנדיק מיט דעם אידיש־רוסישן שרייבער א. קויפמאַן, איבער נעווסקי, און שמועסנדיק מיט אים אין תורה, איז ער פאַרגאַנגען

אין א טראקטיר. דארט האט זיך זוסמאן געהייסן געבן א גרויסע גלאז בראנפן, האט זיך איבערגע׳צלמ׳ט און אויסגעטרונקען פאר אמאל.

קויפמאן האט אים אנגעקוקט.

— אייך חידוש׳ט אודאי — זאגט אים זוסמאן — וואס כ׳האב מיך איבערגע׳צלמ׳ט, שמועסנדיק אקארשט מיט אייך אין תורה. די מעשה דערפון איז אזוי. כ׳זע אוים אביסל ווי א איד. וויל איך ניט, אז די גוים ארום זאלן מיינען, אז א איד איז א שכור...

☙

89

בעת דער שמד־מגפה אין רוסלאנד, ווען כמה אידישע יונגעלייט האבן זיך גע׳שמד׳ט צו קריגן זכיות, איז געקומען א יונגערמאן צום לאדזשער פריידיגער, דר. יעלסקי, זיך שואל עצה זיין, צי זאל ער זיך שמד׳ן.

— מיר ווייסן דאך, הער פריידיגער — זאגט דער יונגערמאן — אז ס׳ביסל וואסער איז גאר ניט. קען איך ניט בלייבן דער אייגענער איד וואס געווען?

— כ׳וועל דיר זאגן — ענטפערט אים דר. יעלסקי — האסט דאך אודאי געלערנט חומש אין חדר, ווייסטו דאך, אז אידן זיינען געגליכן צו זאמד. זאמד האט א טבע, אז מ׳קען עס קערן פון איין ארט אויפן אנדערן — בלייבט׳ס אלץ זאמד. קוים גיסט׳ן אבער ארויף א ביסל וואסער — ווערט׳ס בלאטע...

# אין קהל־שטוב

90

דער ווילנער גאון האט געהאט אפגעמאכט מיט די פּרנסים פון ווילנע, אז זיי זאלן אים ניט רופן צו קיין שטאטישע אסיפות, סיידן ס׳וועט זיך האנדלען מכח מאכן א נייע תקנה.

איינמאל האבן די פּרנסים געוואלט מאכן א תקנה, אז קיין פרעמדע ארימע־לייט זאל מען אין ווילנע ניט אריינלאזן. האבן זיי פארופן אן אסיפה און געשיקט בעטן דעם גאון, ער זאל קומען צו דער אסיפה.

דער גאון איז געקומען. הערט ער מכח וואס מ׳רעדט, זאגט ער צו די פּרנסים:

— כ׳האב דאך מיט אייך אפגעמאכט, אז איר זאלט מיך ניט רופן צו קיין אסיפות, סיידן איר וועט האלטן ביי מאכן א נייע תקנה.

— יא, רבי — ענטפערן זיי אים — עס איז א נייע תקנה, וואס מיר ווילן איצט מאכן.

— ניין — זאגט דער גאון — ס׳איז אן אלטע תקנה נאך פון די „ארבע ארצות".

— „ארבע ארצות"? — חידוש׳ן זיך די פּרנסים — מיר ווייסן ניט דערפון. אין פּנקס פון די „ארבע ארצות" ווערט אזא תקנה ניט דערמאנט.

— כ׳מיין ניט היינטיקע „ארבע ארצות" — זאגט דער גאון — כ׳מיין גאר אמאליקע ארבע ארצות: „סדום ועמורה, אדמה וצבוים". זיי האבן געהאט א תקנה ניט אריינצולאזן ביי זיך קיין ארימע־לייט...

91

ר׳ זלמן מרגליות פון בראד איז געווען א גאון עולם און א גרויסער עושר. ער האט געוואוינט אין בראד ווי א רייכער בעל־בית.

איינמאל האט בראד געדארפט צאלן א גרויסן שטייער צו מלוכה. זיינען די ראשי־קהל זיך צוזאמענגעקומען צו אן אסיפה און געמאכט א הערכה, וויפיל איטלאכער בראדער בעל־הבית זאל געבן אויף זיין חלק. ר׳ זלמן מרגליות האבן זיי מעריך געווען אויף פינף הונדערט גילדן.

שיקט ר׳ זלמן רופן צו זיך די ראשי־קהל. קומען זיי. ר׳ זלמן רופט.

— א יישר־כח אייך — זאגט זיי ר׳ זלמן — מיט אייער הערכה האט איר מיר פארענטפערט א קלער. דאס האב איך געוואוסט, אז פון א

גביר נעמט איר וואס ווינציקער און פון אן ארימאן וואס מערער. כ׳האב אייך געוואוסט, אז אויף א בן־תורה לייגט איר ארויף א גרעסערן שטייער און אויף אן עם־הארץ א קלענערן. ביי מיר איז נאר געווען א קלער: וואס טוט איר מיט איינעם, וואס איז אי א בן־תורה און אי א גביר? צי זיינט איר מיט אים מיטיב מחמת ער איז א גביר, צי איר באגייט זיך מיט אים ווי מיט א בן־תורה? מיט אייער הערכה אויף מיר האט איר׳ס מיר פארענטפערט. אצינד ווייס איך, אז קוים איז איינער ניט קיין עם־הארץ, מעג ער זיין אפילו אן עושר, רייסט איר פון אים די הויט.

❦

92

ר׳ לייב אמסטערדאמער איז אמאל געקומען אין א פרייע שטאט, וואו אידישקייט איז געווען אין א שפל׳ן מצב. גראד איז׳ס געווען ראש חודש אייר, דער יארצייט פון זיין פאטער, ר׳ שמואל קראקער. איז ער געגאנגען דאווענען אין שול און געבעטן ביים פרנס רשות צו דאווענען פארן עמוד. האט אים דער פרנס געזאגט, אז ביי זיי איז דא א תקנה ניט צולאזן קיין אורח דאווענען אום ראש חודש. ר׳ לייב הויבט אן איינצו־טענה׳ן מיטן פרנס, זאגט אים ווער ער איז, נאך וועמען ער האט יאר־צייט — דער פרנס האלט זיך אבער ביי זיינס: א בפירוש׳ע תקנה אין פנקס און מ׳קען ניט עובר זיין פאר קיינעם, יהיה מי שיהיה. פארפאלן. האט ר׳ לייב געדאווענט מיטן עולם.

נאכן דאווענען גייט צו ר׳ לייב צום פרנס און זאגט אים:

— ווי כ׳זע איז ביי אייך א תקנה פון פנקס זייער הייליק.

— יא — זאגט דער פרנס — דאס וואס איז אנגעשריבן אין פנקס איז א חוב אויף אלעמען און קיינער וועט זיך ניט דערוועגן עובר צו זיין.

— אויב אזוי — מאכט ר׳ לייב — האט איר נאך עפעס געדארפט איינשרייבן אין פנקס.

— וואס, א שטייגער? — פרעגט דער פרנס.

— די „עשרת הדברות״ — שמייכלט ר׳ לייב.

❦

93

אין צאנזער בית־מדרש איז געווען א גבאי, ראובן האט ער געהייסן, האט׳ן אויף אים אונטערגע׳לאמר׳ט אין שטעטל, אז ער איז ניט שטארק נזהר אין קהל׳ש געלט. כמה מאל האט מען אים געוואלט אראפּווארפן פון גבאות. ר׳ חיים האט זיך אבער תמיד איינגעשטעלט פאר אים און ניט געלאזן.

איינמאל איז געקומען קיין צאנז א גביר פון רוסלאנד. האט ער געגעבן הונדערט רובל א נדבה אויפן בית־מדרש. האט ראובן צוגענומען

די הונדערט רובל און אראפּגעלאָזן צו זיך אין קעשענע. קהל איז דערפון געוואויר געוואָרן, איז׳ן געקומען צו לויפן צו ר׳ חיים׳ען:

— ס׳טייטש, רבי, אַזאַ׳ן אַקציע!

— איר זאָלט וויסן זיין — זאָגט ר׳ חיים — אַז אויף יענעם עולם איז דאָ אַ באַזונדער שטול אין גן־עדן פאַר גבאים, וואָס זיינען זיך עוסק באמונה אין קהל׳שע ענינים. שטייט נאָך דער שטול עד היום ליידיק. קיין גבאי איז נאָך אויף אים ניט געזעסן. ווילט איר דוקא ראובנ׳ען אוועקזעצן?...

94

אין סלאָנים איז געווען אַ מוסר. איז ווען ס׳פּלעגט זיך מאַכן אַ קהל׳שער עניז, וואָס מלוכה האָט ניט געדאַרפט וויסן, פלעגט קהל געבן דעם מוסר לאַ־יחרץ־געלט, ער זאָל האַלטן מויל.

איינמאָל האָט זיך געמאַכט עפּעס אַ גרויסער ענין, האָט דער מוסר פאַרלאַנגט גאַנצע דריי־הונדערט רובל. האָט קהל גערופן אַן אסיפה, מיטן רב, ר׳ אייזל חריף, בראש, זיך מיישב זיין וואָס צו טאָן. האָט׳ן געשיקט רופן דעם מוסר און אָנגעהויבן מיט אים זיך דינגען. ער איז אָבער באַשטאַנען אויף זיינס. ער מוז קריגן דריי־הונדערט רובל, אַ גראָשן ניט ווייניקער. אַ ניט — וועט ער גיין און מסר׳ן.

— שייגעץ, יונגאַטש! — גיט ר׳ אייזל אויף אים אַ געשריי — ווילסטו נעמען פּופציק רובל — איז רעכט. אויב ניט — וועט קהל קריגן אַן אַנדער מוסר, וואָס וועט׳ס מאַכן פאַר אַ פינף־און־צוואַנציקער...

95

ר׳ אייזל חריף האָט אַמאָל אָנגעטראָפן חברה־קדישא־לייט גייענדיק פון בית־עולם. ווי ס׳טרעפט אַמאָל ביי חברה־קדישא־לייט זיינען זיי געווען גוט מבוסמ׳דיק און זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס.

— טשיקאַווע — שמייכלט ר׳ אייזל — גייען פון עולם־האמת און האָבן ניט קיין פיס ווי דער שקר*...

96

ר׳ יאשע־בער בריסקער האָט געהאַט אַ בית־דין־שמש, וואָס די פרנסים זיינען ניט געווען פון אים צופרידן. האָבן זיי געמאַכט אַן אסיפה און ס׳איז געבליבן אָפּזאָגן דעם שמש. האָבן זיי איבערגעגעבן דעם רב,

* לויטן ווערטל: „שקר אין לו רגלים“.

ר׳ יאשע־בער׳ן, ער זאָל זאָגן דעם שמש, אַז ער איז אָפּגעזאָגט. האָט ר׳ יאשע־בער ניט געוואָלט.

— פאַרוואָס, רבי? — פרעגן אים די פּרנסים — איר זיינט דאָך דער רב און ער איז אייער שמש.

— כ׳וועל אייך זאָגן — ענטפערט זיי ר׳ יאשע־בער — איר זאָגט דאָך אַלע טאָג די עקדה, ווייסט איר דאָך, אַז בעת השם־יתברך האָט געהייסן אברהמ׳ען פירן יצחק׳ן צו דער עקדה, האָט ער אים אַליין געזאָגט, שטייט בפירוש: „ויאמר קח נא את בנך את יחידך". ווען ער האָט אים געהייסן זיך אָפּהאַלטן און ניט אָנרירן יצחק׳ן, האָט ער עס שוין געטאָן דורך אַ מלאך, ווי ס׳שטייט: „ויקרא מלאך ה׳ אל אברהם". איז דאָך אייגנט־לאַך אַ קשיא: פאַרוואָס האָט טאַקע השם־יתברך פריער ניט געשיקט קיין מלאך? איז דער תירוץ: השם יתברך האָט געוואוסט, אַז קיין מלאך וואָלט ניט געגאַנגען. איטלאַכער וואָלט געענטפערט:

— ווילסט קוילענען אַ אידן, זאָג אַליין...

97

אין דווינסק איז אַמאָל געקומען אַ פרעמדער איד און איז קראַנק געוואָרן. געזען, אַז ער האָלט שמאָל, האָט ער געשיקט רופן דעם חסיד׳ישן רב, ר׳ יוסף ראָטשאָווער.

— רבי — זאָגט דער חולה — כ׳זע אַז מיינע טעג זיינען געציילטע. כ׳האָב דאָ ביי מיר עטלאַכע הונדערט רובל. קיין יורשים האָב איך ניט. נאָט אייך דאָס געלט און צוטיילט׳ס נאָך מיין טויט ווי איר פאַרשטייט.

די אייגענע וואָך איז דער איד געשטאָרבן.

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז חברה קדישא געקומען צום ראָטשאָווער מיט אַ בקשה:

— רבי, דער אַלטער בית־עולם דאַרף האָבן אַ גדר. כּלבים לויפן אַרום. ס׳איז אַ בזיון המתים. און אַזוי ווי ביי אייך ליגט עטלאַכע הונדערט רובל אויף עולמות, וואָלט געווען אַ יושר...

— זאָגט־זשע מיר אָבער — לאָזט זיי ר׳ יוסף ווייטער ניט ריידן — פונוואַנען האָבן עס די כּלבים דערשמעקט, אַז ביי מיר ליגט געלט?...

## אויף רבנות

98

פאַרצייטן זיינען פּראַג און פראַנקפורט געווען די צוויי גרעסטע און שענסטע קהלות ביי אידן. זיי האָבן אָבער ניט געהאַט קיין שלום צווישן זיך. איטלאַכס קהלה האָט זיך געהאַלטן חשוב׳ער און יחוס׳דיקער. פראַנק־פורט — מחמת זי איז גרעסער. פּראַג, ווידער — מחמת זי איז עלטער.

## די וועלט דערציילט

איינמאָל האָט פראַנקפורט געדאַרפט נעמען אַ רב. ווי דער שטייגער איז געווען אין יענע יאָרן, האָט קהל אויסגעריכט דריי נכבדים, גרויסע לומדים און חשובים, און זיי געשיקט איבער דער וועלט זוכן אַ רב, וואָס זאָל זיין ראוי צו זיצן אויף פראַנקפורטער כסא־הרבנות.

זיינען די דריי שלוחים געקומען קיין פראַג און געבליבן דאָרט האַלטן שבת. אין דער אַלט־ניי שול אין פראַג איז געווען אַ מנהג מקבל־שבת זיין פאַר ליכטיק, ווען ס'איז נאָך גרויסער טאָג. צו קבלת־שבת פלעגט מען שפילן מיט אַזאַ מין כלי־זמר, וואָס מ'האָט געדריקט מיטן פוס. געוויינלאַך פלעגט'ס זיין די עובדה פון אַ פּראָסטן מענטשן. האָבן די פּרעגער פרנסים געוואָלט חוזק מאַכן פון די פראַנקפורטער שלוחים, האָבן זיי איינעם פון זיי מכבד געווען מיט שפּילן צו קבלת־שבת. יענער, מיי־נענדיק, אַז מ'טיילט אים צו כבוד, האָט זיך ניט געלאָזט בעטן, אָנגענומען דעם כבוד און געשפּילט. דער גאַנצער עולם האָט פאַרשטייט זיך, גע־לאַכט. נאָך שבת זיינען די פראַנקפורטער שלוחים געוואויר געוואָרן פונם בזיון, וואָס פּרעגער פרנסים האָבן זיי אָנגעטאָן. זיי האָבן אָבער געשוויגן און געפאָרן ווייטער זייער וועג.

מיט אַ צייט שפּעטער איז קיין פּראַג געקומען אַן אורח. ווי דער שטייגער, איז דער אורח אַריין צום רב פון שטאָט נעמען שלום. דער רב איז מיט אים אַריין אין אַ שמועס און האָט געזען, אַז ער איז אַ גרויסער תלמיד־חכם, האָט ער אים מכבד געווען האַלטן שבת אַ דרשה אין דער אַלטניי־שול. צו דער דרשה זיינען געקומען אַלע לומדים פון שטאָט. פיר שעה נאָכאַנאַנד האָט דער אורח געהאַלטן זיין דרשה, אַרויסגעוויזן גרויס חריפות און בקיאות, אַז דער גאַנצער עולם לומדים איז געשטאַנען פאַרגאַפט. פּלוצלונג הויבט דער אורח אָן זינגען אַ זמר, וואָס די נאַכט־וועכטער זינגען ביינאַכט, שטייענדיק אויף דער וואַך. האָט זיך דער גאַנצער עולם גע'חידוש'ט: וואָס איז דאָ געשען מיטן אורח? איז ער פון זינען אַראָפּ?

אָפּגעזונגען דעם זמר, זאָגט דער אורח:

— רבותי! אַנומלט זיינען ביי אייך געווען דריי נכבדים פון פראַנק־פורט, האָט איר זיי מבזה געווען און געמאַכט חוזק פון זיי. זייט וויסן, רבותי, אַז איך בין אַ נאַכטוועכטער אין פראַנקפורט. אָט דעם זמר, וואָס כ'האָב איצט געזונגען, זינג איך אַלע נאַכט, בעת כ'שטיי אויף דער וואַך. אויב מיך האָט פּראַג מכבד געווען צו האַלטן אַ דרשה אין דער אַלטניי־שול, קענט איר פאַרשטיין, ס'אַרא לומדים יענע נכבדים זיינען געווען...

99

בעת ר׳ מרדכי יפה, דער „לבוש", איז געווען רב אין האראדנע און געדאווענט אין זיין שול, וואס הייסט נאך עד היום „דעם לבוש׳ם שול" — איז זיין מנהג געווען זינגען שבת „מה יפית" מיט א באזונדער מין ניגון און מיט זייער גרויס התלהבות.

איינמאל, בעת ער איז געגאנגען אין גאס צו מנחה, האבן אים ארייג־געכאפט א חברה שכור׳ע גוים, וואס האבן געפראוועט א הוליאנקע, אים אוועקגעזעצט מיט כבוד אויף א שיינעם שטול און געזאגט:

— זאל דער ראווין זינגען „מה יפית"!

ר׳ מרדכי האט געזען, אז ער איז ביי זיי אין די הענט.

— גוט — זאגט ער — כ׳וועל אייך זינגען, אבער בתנאי, אז איר אלע זאלט טאנצן ארום מיר צום טאקט.

— יא — זיינען זיי מסכים — מיר וועלן טאנצן.

האט ר׳ מרדכי אנגעהויבן זינגען שטיל און די גוים ארום האבן געטאנצט פאמעלאך. וואס ווייטער אבער איז זיין זינגען געווארן אלץ העכער און שטארקער, ביז ער איז אריין אין גרויס התלהבות, געפאטשט מיט די הענט, געזונגען מיט א ברען. די גוים זיינען פארכאפט געווארן פון א ווילדן טאנץ, האבן געטאנצט און געשפרונגען מיט די לעצטע כחות זייערע, זיך ניט געקענט אפשטעלן. אזוי האט ער זיי אנגעהאלטן א היפשע ווילע, ביז זיי זיינען אלע געפאלן פון די פיס, געבראכן מיטן גרינעם גאל און געבליבן ליגן ווי פגרים מתים...

❦

100

בעת ר׳ מאיר ווייל איז געפארן קיין בערלין אויף ס׳נייע רבנות זיינע, איז ער דורכגעפארן פראנקפורט ד׳אדער. איז ער אראפ אין שטאט געוואויר ווערן דעם רב, ר׳ יוסף תאומים, דעם „פרי מגדים". דער „פרי מגדים" האט אים אויפגענומען בכבוד גדול, געפראוועט א יום־טוב׳דיקן מאלצייט, ווערליק אזא אורח חשוב.

שמועסנדיק ביים טיש זאגט דער „פרי מגדים" צו ר׳ מאיר׳ן:

— כבודו קומט דאך אן אויף א ניי רבנות, וועל איך אייך געבן אן עצה, ווי איר זאלט זיך פירן.

— דהיינו? — פרעגט ר׳ מאיר.

— אז כבודו — זאגט אים דער „פרי מגדים" — וועט קומען קיין בערלין און אנהויבן פירן ס׳רבנות, זאלט איר אייך מאכן פאר א תם, פאר א בטלן, וועט איר זיצן בשלוה.

— ס׳הייסט? — חידוש׳ט זיך ר׳ מאיר.

## די וועלט דערציילט

— כ׳וועל אייך דערציילן — זאגט אים דער „פרי מגדים“ — בו ירי הוה עובדא, כ׳ווייס עס פון נסיון. בעת כ׳בין געוועזן דיין אין לעמבערג, האב איך, לא עליכם, געלעבט אין גרוים דחקות און ניט געקענט עוסק זיין אין תורה. האב איך מיך מיישב געווען מיט זוגתי: וואס וועט זיין דער תכלית? פרנסה איז ברוחק, זיצן און לערנען קען איך ניט, לאמיך פארן קיין בערלין לערנען אין ר׳ דניאל יפה׳ס בית־מדרש, דארטן וועט׳ן מיך אויסהאלטן און דיר וועט מען שיקן דיין הספקה. זוגתי האט מסכים געווען. אז כ׳בין אנגעקומען קיין בערלין און זיך געזעצט לערנען אין בית־מדרש, האט׳ן אנגעהויבן קומען צו מיר מיט דין־תורות. מיינע פסקים און מיינע פשרות האבן, ב״ה, נושא־חן געווען ביי בערלינער אידן און מ׳האט אנגעהויבן גיין צו מיר פון גאנץ שטאט. כ׳בין געווארן אזא טרוד, אז כ׳האב קיין צייט ניט געהאט צו עסן. פון לערנען שמועסט׳ן שוין ניט. האב איך מיך ארומגעזען, ס׳איז ווייטער קיין תכלית ניט. ניט צוליב דעם האב איך פארלאזן די היים מיט די בני־בית. האב איך מיך מיישב געווען זיך צו מאכן פאר א בטלן, וואס ווייסט גארניט אין הויות העולם. און אזוי האב איך געטאן. אז ס׳איז געקומען צו מיר א דין־תורה, האב איך מיך געמאכט ווי כ׳בין ניט תופס דעם ענין, איבערגעפרעגט די טענות איין מאל, א צווייטן מאל, א דריטן מאל, און אז די בעלי־דינים זיינען פארמאטערט געווארן טענה׳נדיק, האב איך זיי עפעס געזאגט שלא ממין הטענה. זיינען זיי אוועקגעגאנגען און גע׳חוזק׳ט:

— וואס פוילישע אידן קענען! האלטן אזא בטלן פאר א חכם.

אזוי האב איך געטאן א פאר מאל, ביז מ׳האט אויפגעהערט קומען צו מיר. פון דעמאלט אז בין איך געזעסן אין בערלין במנוחה, געלערנט בהתמדה און דארט מחבר געווען אלע מיינע ספרים.

— ס׳אייגענע — פירט אויס דער „פרי מגדים“ — עצה איך אייך. כבודו ווערט איצט רב אין בערלין און כבודו איז דאך מפורסם פאר א חכם. וועט׳ן דאך אייך אזוי מטריד זיין, אז איר וועט קיין צייט ניט האבן אפילו צו דאוונען. פאלגט־זשע מיין עצה און מאכט אייך פאר א בטלן, וועט איר קענען זיצן במנוחה און עוסק זיין אין תורה און אין עבודה.

❧

101

בעת אין פראנקפורט איז נפטר געווארן דער רב, ר׳ ישעיה הורוויץ, האט ער געלאזן בצוואה, אז ווער ס׳וועט פארענטפערן די און די דריי קשיות, דער זאל זיין ממלא מקומו.

האט קהל ארויסגעשיקט דריי נכבדים, לומדים מופלגים, זיי זאלן פארן איבער דער וועלט און זוכן דעם אדם גדול, וואס איז ראוי צו זיצן אויף פראנקפורטער כסא־רבנות.

זיינען די שלוחים געפארן מעיר לעיר, ביז זיי זיינען געקומען קיין קראקע, וואס איז תמיד געווען א שטאט פון לומדים און גדולי תורה.

תיכף איז געווארן מפורסם אין שטאט, אז פראנקפורטער נכבדים זיינען געקומען. גראד איז יענעם טאג געווען א ברית־מילה ביי איינעם פון די שטאטישע נגידים, האט דער בעל־שמחה פארבעטן די אורחים צום ברית.

ביים טיש, צו דער סעודה, האט דעם בעל־ברית׳ס עלטערער אינגל געזאגט א דרשה, וואס דער רבי זיינער האט אים אויסגעלערנט. אין מיטן דער דרשה זיינען די פראנקפורטער שלוחים נבהל ומשתומם געווארן. ס׳אינגל האט פארענטפערט אלע דריי קשיות.

פרעגן זיי תיכף:

— ווער איז דעם אינגלס רבי?

זאגט׳ן זיי:

— ר׳ יוסף־שמואל, דער אויבער־שמש פון חברה „שומרים לבוקר".

און מ׳ווייזט זיי אן אויף א אידן, וואס זיצט ביים עק טיש.

גייען די פראנקפורטער שלוחים צו אים צו און זאגן אים מיט גרויס דרך־ארץ, אז זיי וואלטן אים וועלן זען ביחידות, מחמת זיי האבן צו שמועסן מכח אן ענין חשוב.

— כ׳בין — ענטפערט זיי ר׳ יוסף־שמואל — א מלמד און טאר מיין צייט ניט מבטל זיין.

די שלוחים האבן אים אבער ניט אפגעלאזן, ביז זיי האבן קוים גע׳פועל׳ט, ער זאל זיי אויסהערן.

אז ר׳ יוסף־שמואל האט דערהערט, אז זיי ווילן אים נעמען פאר א רב אין פראנקפורט, קוקט ער זיי אן:

— ווי קום איך צו זיין רב אין פראנקפורט? כ׳בין ניט מער ווי א מלמד.

דערציילן אים די שלוחים ר׳ ישעיה׳ס צוואה, זיינען אים זייער שטארק מפציר, טענה׳ן אהין אהער — ס׳העלפט ניט. ר׳ יוסף־שמואל וויל בשום אופן ניט אנעמען קיין רבנות. זיינען די שלוחים אוועקגעפארן מיט ליידיקן.

אכט טעג שפעטער איז ר׳ יוסף־שמואל קראנק געווארן. ליגנדיק אויפן קראנקן־בעט, האט ער אויפגעהויבן די אויגן און געזאגט:

— רבונו־של־עולם, אויב דו ווילסט דוקא כ׳זאל גיין קיין פראנק־פורט, ביז איך מבטל מיין רצון פאר דיין רצון.

ר׳ יוסף־שמואל איז געוואָרן רב אין פראַנקפורט און האָט גע׳שמ׳ט איבער דער וועלט מיט זיין גאונות און צדקות.

※

102

ר׳ אברהם־אבוש, פראַנקפורטער רב, האָט פאַר זיין פטירה געלאָזן בצוואה, אַז מ׳זאָל נעמען פאַר אַ ממלא מקומו ר׳ עוזר קלעמענטאָווער, דעם „אבן עוזר".

נאָך שבעה זיינען די פראַנקפורטער פרנסים אַוועקגעפאָרן קיין קלע־מענטאָוו מיט אַ כתב־רבנות. זיי גייען אַריין צום רב — די טיר איז אָפן, קיינער איז ניטאָ. גייען זיי אַרויס אין הויף. זעען זיי די רבי׳צין מעלקט אַ ציג און דער רב שטייט דערביי.

אַז ר׳ עוזר האָט דערזען פרעמדע אורחים, גייט ער זיי אַנטקעגן, גיט זיי שלום און בעט זיי אַריין אין שטוב.

גייען זיי אַריין מיט אים, דערציילן אים די צוואה פון ר׳ אברהם־אבוש׳ן און לייגן אַוועק דעם כתב־רבנות.

— צו וואָס — זאָגט ר׳ עוזר — זאָל איך גיין קיין פראַנקפורט? פעלט מיר עפּעס, חלילה, דאָ, אין קלעמענטאָוו? איר זעט׳ך, כ׳האָב אַ ציג און האָב, ב״ה, פרנסה. ווען כ׳וואָלט געהאַט צוויי ציגן, וואָלט איך געהאַט פרנסה בריוח...

※

103

בעת ר׳ שמעלקי איז אָנגעקומען אויף ניקלשבורגער רבנות, איז גאַנץ שטאָט אַרויס אים מקבל פּנים זיין און אים אָנגעטאָן גרויס כבוד.

אַז ר׳ שמעלקי איז אַראָפּ פון וואָגן האָט ער געבעטן דעם עולם מ׳זאָל אים לאָזן אויף אַ ווײַלע אַריינגיין אין אַ חדר מיוחד. דער עולם האָט זיך אַפילו אַביסל גע׳חידוש׳ט: וואָס איז אַצינד פאַר אַ יחוד? — נאָר קיינער האָט אַ וואָרט ניט גערעדט.

איינער איז אָבער געווען טשיקאַווע צו וויסן וואָס טוט ר׳ שמעלקי אַצינד. שטעלט ער זיך הינטער דער טיר, הערט ער ווי ר׳ שמעלקי רעדט צו זיך אַליין:

— ברוך הבא, ניקלשבורגער רב! שלום עליכם, רבי! זעצט אייך, ר׳ שמעלקי.

גלויבט ער זיינע אויערן נים.

שפּעטער, אַז ר׳ שמעלקי איז אַרויס צום עולם און זיך געזעצט ביים טיש, זאָגט יענער:

— האָט קיין פאַראיבל ניט, רבי, וואָס כ׳וועל אייך פרעגן: זאָגט מיר, וואָס באַטייט׳ס וואָס איר האָט גערעדט צו זיך אַליין?

— כ׳וועל אייך זאגן — ענטפערט ר׳ שמעלקי — כ׳זע דאך, אז דער עולם איז געקומען מיר אפגעבן כבוד, האב איך מורא, כ׳זאל, חלילה, ניט אריינפאלן אין גיאות. מאך איך פראבע אויף מיך אליין, כ׳גיב מיר אליין אפ כבוד. האט׳ס א פנים פון חוזק. בין איך מכוון, אז אזא פנים זאל האבן ביי מיר דער כבוד, וואס אנדערע גיבן מיר...

104

אז ר׳ פינחס, דער בעל „הפלאה“, איז אנגעקומען אויף פראנקפורטער רבנות, איז גאנץ שטאט ארויס אים מקבל־פנים זיין. ס׳איז געווען א גרויסער עולם, א ים מיט מענטשן.

שפעטער האט׳ן אים געפרעגט:

— רבי, וואס ט׳איר בעת מעשה געטראכט?

— כ׳האב געטראכט — ענטפערט ר׳ פינחס — אז מ׳טראגט מיך אויף דער מטה און דער גרויסער עולם גייט צו מיין לויה...

105

ר׳ פינחס, דער בעל „הפלאה“, האט זיך נוהג געווען, אז ביי זיך אין דר׳היים, אין פראנקפורט, האט ער זיך געפירט זייער פשוט, אן רחבות. אונטערוועגס אבער האט ער זיך געפירט זייער ברייט, איז איינגעשטאנען אין גרויסע אכסניות, מיט משרתים וכדומה.

— רבי — האט׳ן אים אמאל געפרעגט — ווי קומט׳ס, וואס איר פירט זיך אין דער פרעמד אנדערש ווי אין דר׳היים?

— כ׳וועל אייך זאגן — ענטפערט ר׳ פינחס — אז „פינחס“ איז אויפן ארט, איז ער „בין המצרים“. אז „פינחס“ איז אבער אין דער פרעמד, איז א גאנצער יום־טוב *...

106

בעת דער „נודע ביהודה“ איז געווארן רב אין פראג האט ער דארט געהאט מתנגדים, וואס האבן געהאלטן, אז ער איז ניט ראוי צו זיין רב אין אזא קהלה ווי פראג.

אז ער האט זיך צום ערשטן מאל געזעצטביים טיש לערנען מיטן עולם, האט ער געמוזט האלטן דעם קאפ אויפגעהויבן, מחמת ער איז געווען א נידעריקער.

— רבי — זאגט אים איינער פון זיינע מתנגדים — דער טיש איז פאר אייך צו הויך...

* די סדרה „פינחס“ פאלט אלע מאל אויס אין די דריי וואכן. אלע יום־טוב׳דיקע מפטורים לייענט מען אין „פינחס“.

## די וועלט דערציילט

— א טעות — ענטפערט דער „נודע ביהודה" — דער שטול איז פאר מיר צו נידעריק...

❦

*107*

אין ווילנע איז געווען א רב, ר׳ משה קרעמער. גערופן האָט־ן אים אזוי, מחמת ער איז געווען א קרעמער, האָט געהאַט א קראָם אין מאַרק. ס׳ווייב איז געשטאַנען אין קראָם און ער איז געזעסן יום ולילה און גע־לערנט.

בעת ער איז געוואָרן רב אין ווילנע האָט ער אויסגענומען א תנאי, אז קיין שכירות זאָל ער ניט קריגן. ער וועט זיך ווייטער מפרנס זיין פון דעם קראָם.

א קורצע צייט נאָכדעם, ווי ער איז געוואָרן רב, האָט ער אַכטונג געגעבן, אז ס׳ווייב פירט א ברייטערע הוצאה אין שטוב. פרעגט ער זי: פונוואַנען? צי נעמט זי ניט אמאָל שכירות אָן זיין וויסן? דערציילט זי אים, אז זינט ער איז געוואָרן רב, איז א שפע אין קראָם. פון גאַנץ שטאָט קומט מען איר געבן צו לייזן.

האָט ר׳ משה גענומען א בויגן פאַפיר, אויסגע׳חשבונ׳ט וויפיל ער דאַרף האָבן א וואָך אויף דער הוצאה און אָנגעזאָגט דעם ווייב:

— ווען דו וועסט זען, אז דו האָסט שוין פאַרדינט אויף דער וואָך חיונה, אפילו ס׳איז נאָך זונטאָג האַלבן טאָג, זאָלסטו צומאַכן די קראָם און מער ניט עפענען א גאַנצע וואָך. אַנדערע אידישע קרעמער דאַרפן אויך לעבן...

❦

*108*

ר׳ עקיבא אייגער האָט זייער פיינט געהאַט ס׳רבנות. אויף דער עלטער האָט ער געוואָלט אינגאַנצן זיך אָפּזאָגן פון רבנות.

איינמאָל איז ער געוואויר געוואָרן, אז אין א שטעטל לעבן פויזנע איז געשטאָרבן דער בעדער. האָט ער אָוועקגעשריבן א בריוו צו זיין טאָכ־טער, וואָס האָט געוואוינט אין יענעם שטעטל און זי געבעטן קריגן פאַר אים דעם מרחץ אין אַרענדע. ער וויל כאָטש די לעצטע יאָרן זיינע האָבן א כשר׳ע פרנסה...

❦

*109*

בעת ר׳ יעקב איז אָנגעקומען פאַר א רב אין ליסא, זיינען די פני פון ליסא געפאָרן אין א קאַטש אים מקבל פנים זיין. אז ר׳ יעקב האָט זיך אַריינגעזעצט אין קאַטש, האָבן די טובי העיר, וואָס זיינען געווען לומדים מופלגים, אָנגעהויבן שמועסן מיט אים אין תורה. אין שמועס

האט זיך אריינגעמישט דער שמייסער, וואס איז געזעסן אויף דער קעלניע און האט ארויסגעוויזן גרויס לומדות און עמקות, איז ר׳ יעקב א פאר־ציטערטער געווארן.

— הייסט שוין פארן צוריק — זאגט ער צו די טובי העיר — ווי קום איך צו זיין א רב אין א שטאט, וואו אפילו א בעל־עגלה איז א גדול בתורה.

— האט קיין יסורים ניט, רבי — שמייכלען די טובי העיר — ס׳איז ניט קיין בעל־עגלה, נייערט איינער פון די דיינים. לכבודכם איז ער געווארן א בעל־עגלה אויף א ווײַלע.

❦

110

אז ר׳ יעקב איז אפגעוועזן א היפשע פאר יאר אין ליסא, האט ער אנגענומען א כתב־רבנות אין סטרי. האט ער געשיקט רופן די טובי־העיר און זיי מודיע געווען, אז ער האלט ביים אוועקגיין פון ליסא.

— פארוואס, רבי? — פרעגן זיי אים — וואס פעלט אייך ביי אונז?

— כ׳וועל אייך זאגן וואס מיר פעלט — זאגט ר׳ יעקב — זינט איך בין ביי אייך רב איז דאס די ערשטע שאלה וואס מ׳פרעגט מיך...

❦

111

בעת אין פיורדא איז נפטר געווארן דער רב, ר׳ משולם־זלמן, און שטאט האט אנגעהויבן קלערן וועגן א ממלא מקומו, איז געבליבן בהסכם כולם צו שיקן א כתב־רבנות ר׳ משה סופר, דעם „חתם סופר" פון פרעס־בורג, וואס איז שוין דעמאלט געווען מפורסם פאר א גאון עולם. ר׳ משה סופר האט מסכים געווען אנצונעמען ס׳פיורדער רבנות, בתנאי, אז ער זאלט דארט אריבערפירן זיין ישיבה און די קהלה זאל אויסהאלטן די בחורים מיט הספקה.

אז מ׳איז געוואויר געווארן אין פרעסבורג, אז מ׳וויל ארויסנעמען דעם רב, איז געווארן א רעש אין שטאט. קהל האט תיכף גערופן אן אסיפה און ס׳איז געבליבן, אז די טובי העיר זאלן גיין צום רב און זען פועל׳ן ביי אים, ער זאל פון פרעסבורג ניט אוועקגיין.

די טובי העיר זיינען אוועק צו ר׳ משה סופר און אנגעהויבן איינ־טענה׳ן מיט אים, אז ער דארף פון פרעסבורג ניט אוועקגיין. פרעסבורג איז א שיינע אידישע קהלה, איז א מקום תורה. זייערע אלע טענות האבן אים אבער ניט געגומען. ער וועט פיורדא אויך מאכן פאר א מקום תורה — האט ער געזאגט.

איז דארט געווען איינער א נכבד, ר׳ הירש יפה, שטעלט ער זיך אויף און זאגט מיט הארץ:

— אמת, רבי, איר וועט פיורדא מאַכן אַ מקום תורה און שטאַרקן אידישקייט אין דייטשלאַנד. ווייסט איר אָבער, רבי, אַז ווען איר גייט אוועק פון פּרעסבורג, ווערט פּרעסבורג אויס מקום תורה און אידישקייט פאַלט אין גאַנץ אונגאַרן? בעת איר וועט אין דייטשלאַנד מאַכן פון גוים אידן, וועלן אין אונגאַרן פון אידן ווערן גוים...

די טענה האָט גענומען ר׳ משה סופר און ער איז געבליבן אין פּרעסבורג.



*112*

ר׳ אליה ראַגאָלער, ר׳ חיים וואָלאָזשינער׳ס תלמיד, אַז ער איז גע־וואָרן רב און אָנגענומען אַ כתב־רבנות, איז ער פאָרן פאָרן אַריין צו ר׳ חיים׳ען, זיך זעגנען און מקבל הדרכה זיין.

ר׳ חיים האָט מיט אים געשמועסט אין תורה, אין מילי דעלמא, אים איבערגעגעבן ווי אַ רב דאַרף זיך נוהג זיין און אים באַלייט מיט אַ ברכה.

ביים באַלייטן אים גיט אים ר׳ חיים אַ קליין קונטרס׳ל און זאָגט אים:

— כדאי אריינצוקוקן אין דעם. אַ רב דאַרף׳ס נויטיק וויסן.

אַז ר׳ אליה איז אַרויס, איז ער געווען טשיקאַווע צו וויסן סאַראַ קונטרס ר׳ חיים האָט אים געגעבן. גיט ער אַ קוק — ס׳איז אַ לוח, אַ פּשוט׳ער לוח. חידוש׳ט ער זיך. פונדעסטוועגן איז ער מקיים וואָס ר׳ חיים האָט אים אָנגעזאָגט און קוקט דורך דעם לוח פון אָנהויב ביז ענד.

אין שטעטל, וואו ער איז געוואָרן רב, איז ער אָנגעקומען שבת מברכין. אַז ער איז אַריין אין בית־מדרש, איז צוגעגאַנגען צו אים אַ פּשוט׳ער איד און אים געפרעגט:

— רבי, ווען פאַלט אויס דער מולד?



*113*

ר׳ לייב, דער „קצות החושן", איידער ער איז געוואָרן סטריער רב, איז ער געווען יאָרן לאַנג אַ דיין אין לעמבערג.

שוין זייענדיק אין סטרי, איז ער אַמאָל געקומען קיין לעמבערג, גע־וואויר ווערן דעם רב, ר׳ יאַנקעלע אורנשטיין, דעם „ישועות יעקב". איז דאָרט געווען איינער אַן עזות־פּנים, האָט ער מיט עפּעס פּוגע בכבוד געווען דעם „קצות החושן". האָט׳ס דעם „ישועות יעקב" זייער פאַרדראָסן און ער האָט גוט אויסגעזידלט דעם עזות־פּנים.

— לאָזט אים — רופט זיך אָפּ דער „קצות החושן" — ס׳איז דאָך לעמ־בערג.

— וואס איז לעמבערג? — חידוש'ט זיך ר' יאנקעלע.

— כ'וועל אייך — זאגט ר' ליב — דערציילן א מעשה.

איידער לעמבערג איז געווארן א שטאט, איז דא געווען א טיפער וואלד, וואו עס האבן געוואוינט אלערליי חיות, לייבן, בערן, לעמפערטן וכדומה. איז געקומען פרינץ לעא, האט אויסגעהאקט דעם וואלד, פאר־טריבן די חיות און אויסגעבויט א שטאט מיט גאסן, מיט הייזער, מיט פאלאצן.

ויהי היום, האט זיך אמאל א לייב פארביינקט נאך לעמבערג, וואו ער איז אזוי פיל יארן געווען א תושב. איז ער געקומען געוואויר ווערן זיין אלטן מקום. ער האט געזען פאר זיך א נייע וועלט, א שיינע שטאט מיט גאסן און פאלאצן, ממש חידושים. פלוצלונג איז אויף אים אנגע־פאלן א כלב און אנגעהויבן בילן, און וואו ער איז געגאנגען, זיינען אים כלבים באפאלן.

האט דער לייב געזאגט צו זיך אליין:

פריער, אז איך בין געווען א תושב, האבן די כלבים מורא געהאט. אצינד, בין איך דער גר און זיי זיינען די תושבים — בילן זיי...

114

בעת דער לעמבערגער רב, ר' יאנקעלע אורנשטיין, איז נפטר גע־ווארן, האבן די לעמבערגער משכילים ניט דערלאזן נעמען א רב פונם אלטן שניט, ווי ר' יאנקעלע און די פריערדיקע רבנים זיינען געווען. זיי האבן געוואלט, אז לעמבערג זאל נעמען א ראבינער, וואס זאל פריידיגן אויף טייטש, ווי די מאדע איז דעמאלט געווארן. האבן זיי אויסגעבויט א נייע שול, א מין טעמפעל און אראפגעבראכט פון דייטשלאנד א רא־בינער־פריידיגער, ר' אברהם כהן. דורך השתדלות ביי מלוכה האבן זיי גע'פועל'ט, אז ר' אברהם כהן זאל ווערן לעמבערגער רב. איז געווארן א פייערדיקע מחלוקת אין שטאט: ס'הייסט, א טייטשער ראבינער זאל זיצן אויף לעמבערגער כסא־רבנות? מער פון אלע האבן געברענט די חסידים. ביי זיי איז עס געווען א מעשה־שמד.

האט זיך געפונען א כנופיא קנאים, וואס איז ביי זיי געבליבן, אז ניט אנדערש, מ'מוז דעם ראבינער אפראמען פון וועג. איז'ן זיך צוזא־מענגעקומען, געזעצט א בית־דין פון דריי־און־צוואנציק, „סנהדרין קטנה", און דן געווען דעם ראבינער. דער פסק איז ארויס, אז דער ראבינער איז א מסית ומדיח און ס'איז א מצוה אנצוטאן אים א מיתה. דעם פסק־דין האט'ן תיכף מקיים געווען. מ'האט געקראגן א שפל'ן מענטש, איינעם א קופערשמיד, וואס געברויכט סמ'ען אין זיין מלאכה, און ער האט זיך אריינגע'גנב'עט צום ראבינער אין קיך און אריינגעשאטן סם אין גע־

קעכע. ר׳ אברהם כהן מיטן ווייב מיטן גאנצן בני־בית זיינען פאר־סמ׳ט געווארן און געשטארבן אין מורא׳דיקע יסורים. בלויז איין קינד איז ניצול געווארן, איז אבער געבליבן א חלוש אויפן גאנצן לעבן.

די רציחה האט פארשטייט זיך, געמאכט א רעש אין שטאט. מ׳האט תיכף מודיע געווען דער פאליציי און אידן אליין האבן געהאלפן מאכן די חקירה ודרישה.

איידער ר׳ אברהם כהן איז געשטארבן, בעת ער איז נאך געווען ביים קלארן שכל, איז געקומען דער אויספארשונגס־ריכטער אים אויספרעגן, צי ער ווייסט, אדער איז זיך משער, ווער ס׳האט עס געטאן.

— כ׳ווייס ניט — ענטפערט ר׳ אברהם.

— אבער — פרעגט אים ווייטער דער ריכטער — א איד האט׳ס זיכער געטאן?

— ווער ס׳טוט אזא זאך — ענטפערט ר׳ אברהם — דער איז קיין איד ניט...

ר׳ אברהם כהן האט׳ן מקבר געווען ווי א קדוש, אים געלייגט צווישן ט״ז און צווישן „ישועות יעקב״. די קנאים האבן אבער ארויסגע׳גנב׳עט דעם מת פון קבר און אים ערגעץ־וואו פארטראגן.



115

ר׳ הירשל סאלאנטער איז געווען א גאון עולם, איז אבער כל ימיו געזעסן אין סאלאנט און ניט געוואלט אנעמען קיין אנדער רבנות. פון כמה גרויסע שטעט איז׳ן געקומען צו אים, אים געוואלט געבן א כתב־רבנות — ער האט אבער ניט געוואלט הערן און זען. פארצייטיקע רבנים!

איינמאל זיינען געקומען צו אים די חשובים פון מינסק מיט א כתב־רבנות. ר׳ הירשל, ווי זיין שטייגער, האט ניט געוואלט אנעמען. די מינסקער נכבדים זיינען אבער צו אים צוגעשטאנען, גע׳טענה׳ט, אז מינסק וויל האבן די זכיה ער זאל זיין איר רב און אז שטאט האט זיי אנגעזאגט ניט צו קומען מיט ליידיקן. האט זיי ר׳ הירשל געשיקט צו דער רבי׳צן. זאל זי קודם מסכים זיין.

זיינען די שלוחים אוועק צו דער רבי׳צן. איר געוויזן דעם כתב מיט די גרויסע שכירות, האט זי תיכף מסכים געווען.

קומען זיי צוריק צו ר׳ הירשלען מיט א שמחה:

— די רבי׳צן איז מסכים. איצט, רבי, זייט איר מסכים!

— פארשטייט איר מיך — ענטפערט זיי ר׳ הירשל — זוגתי תחיה קען זיין א רבי׳צן אין מינסק אזוי ווי זי איז א רבי׳צן אין סאלאנט. אבער איך קען קוים זיין א רב אין סאלאנט, ווי קום איך צו זיין א רב אין אזא כרך ווי מינסק?...

116

ר׳ יוסף־שאול נאטאנסאָן, לעמבערגער רב, איז געווען אַ גאון עולם און אַ גרויסער עושר. דערצו איז ער געווען אַ גרויסער בעל־מדות, אַן ענו און אַ בורח מפּני הכּבוד.

איידער ער איז געוואָרן רב אין לעמבערג, זיינען אין שטאָט געווען צוויי צדדים. איין צד — די „טייטשן", האָבן אים געוואָלט פאַר אַ רב, מחמת ער איז געווען אַ נוח לבריות, געהאַלטן פון השכּלה. דער אַנדערער צד — די חסידים, האָבן נוטה געווען צו זיין שוואָגער, זיין ווייבס ברודער, ר׳ מרדכי־זאב איטינגא. ר׳ יוסף־שאול אַליין איז געשטאַנען פון וויטן, ווי דער גאַנצער ענין וואָלט אים ניט נוגע געווען. זיין ווייב, אַדרבּא, האָט געטאָן אַלע התפּעלות און געזען, אַז איר מאַנס צד זאָל מנצח זיין דעם ברודערס צד.

שפּעטער, אַז ר׳ יוסף־שאול איז שוין געזעסן אויף לעמבערגער כּסא־הרבנות, האָט אים ס׳ווייב זיינס געזאָגט:

— דו מיינסט דאָך, אַז מחמת דו ביזט אַ רב — בין איך אַ רבּי׳צן; אַ טעות. מחמת איך בין אַ רבּי׳צן — ביזטו אַ רב...

❦

117

ר׳ דוד־שלמה אייבעשיץ, סאָראָקער רב, האָט ניט געלעבט בשלום מיט די בעלי־בתּים פון שטאָט. ער האָט תּמיד צו זיי געהאַט טענות, אַז זיי זיינען ניט פרום, גיבן ניט גענוג צדקה, אַז סאָראָקע איז די ערגסטע שטאָט.

ווען ער איז אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל, איז גאַנץ שטאָט אים גע־גאַנגען באַלייטן. קיין קינד אין וויג איז ניט געבליבן — אַלע זיינען גע־גאַנגען באַלייטן דעם רב. ווען זיי זיינען שוין געווען אונטערן שטאָט, זאָגט ר׳ דוד־שלמה צו זיינע בעלי־בתּים:

— אַצינד זע איך, סאָראַ שיינע שטאָט סאָראָקע איז.

— סטייטש, רבּי — פרעגן אים די בעלי־בתּים — איר פלעגט תּמיד האָבן צו אונז טענות, אַז אונזער שטאָט איז די ערגסטע?

— אָט דאָס מיין איך טאַקע — ענטפערט ר׳ דוד־שלמה — אַצינד, אַז אַלע זיינען אַרויס פון שטאָט, איז סאָראָקע זייער אַ שיינע שטאָט...

❦

118

ר׳ דניאל, דער „חמודות דניאל", איז געווען דיין אין האָראָדנע. שכירות האָט ער געקראָגן פיר גילדן אַ וואָך און געלעבט אין גרויס דחקות, פלעגט אַפּקומען אַ גאַנצע וואָך מיט שוואַרצברויט און קרופּניק מיט נישט.

איינמאל, ביים עסן, האט ער זיך געכאפּט, אז דער קרופּניק איז באַשמאַלצן.

— וואָסי געשען? — פרעגט ער דעם ווייב — פונוואַנען קומט צו דיר שמאַלץ?

— די שכנה — ענטפערט די רבי׳צן — האט היינט געפרעגלט שמאַלץ, האט זי מיר אריינגעטראָגן אַביסל.

ווי ר׳ דניאל האט׳ס דערהערט, האט ער אָפּגערוקט ס׳עסן, געבענטשט און געהייסן דעם שמש תיכף רופן די פּרנסים אויף אַן אסיפה.

די פּרנסים זיינען געקומען צו לויפן. אז ר׳ דניאל שיקט רופן, איז׳ס מסתמא א חשוב׳ער ענין, א כלל־זאך.

אז אלע זיינען געזעסן ביי דער אסיפה, האט ר׳ דניאל זיך געשטעלט און געזאָגט:

— רבותי, זייט וויסן, אז זוגתי האט היינט גענומען שוחד ביי א בעל־דינ׳ס א ווייב און כ׳טאָר מער ביי אייך קיין דיין ניט זיין.

❦

119

בעת ר׳ וועלוועלע, דער „אגודת אזוב“, איז געווען רב אין ביאַליסטאָק, האט ער געהאט א בית־דין שמש זייער א שלעכטער, א צר־עין. די לערנער אין בית־מדרש פלעגט ער זשאַלעווען א שטיקל ליכט. דעם רב פלעגט ער ניט ברייינגען די שכירות אין צייט.

איינמאל איז אַוועק א גאַנצע וואָך און ער האט דעם רב די שכירות ניט געבראַכט. ערשט דאָנערשטאָג פאַרנאַכט האט ער זיך מיישב גע־ווען און אריינגעטראָגן דעם רב די שכירות זיינע. האָט׳ס ר׳ וועלוועלן פאַרדראָסן.

— הער זיך איין — זאָגט ער צום שמש — ביי אידן זיינען דאָ דריי שמשים: דער שמש פון די חנוכה־ליכט, דער שמש פון די ציצית און דער בית־דין שמש. דער שמש פון די חנוכה־ליכט ווערט פאַרברענט, דער שמש פון די ציצית ווערט פאַרדרייט, נאָר פון א בית־דין שמש קען מ׳ניט פּטור ווערן. ניט ער ברענט, ניט ער ווערט פאַרדרייט...

❦

120

ר׳ לייבעלע קאָוונער האט אין די יונגע יאָרן געוויכט פון רבנות. שוין דעמאָלט האט ער גע׳שמט פאַר א גדול בתורה און כמה קהלות האבן אים אנגעבאָטן א כתב־רבנות. ר׳ לייבעלע האט אָבער ניט געוואָלט אַנעמען, איז געזעסן און געלערנט תורה לשמה. ערשט אין די מיטעלע יאָרן איז ער געוואָרן רב.

האט׳ן אים אַמאָל געפרעגט:

— רבי, פאַרוואָס זיינט איר אַזוי שפּעט געוואָרן אַ רב?

— כ׳וועל אייך — זאָגט ר׳ לייבעלע — דערציילן אַ מעשה.

אין אַ דאָרף איז געווען אַ פּויער, אַ גרויסער שיכור. ער פּלעגט זיך אַנטרינקען און וואַלגערן זיך אין אַלע מיסטן. האָבן דעם פּריץ׳ס קינדער אים געוואָלט אָפּטאָן אַ שפּיצל.

איינמאָל, בעת ער איז געלעגן טויט־שיכור, האָבן דעם פּריץ׳ס קינדער אים אָנגעטאָן גלח׳ישע בגדים, געלאָזט אים ליגן און אַוועקגעגאַנגען.

דער פּויער ניכטערט זיך אויס און רייבט די אויגן: איז ער אויף דער וואָר? ווי קומט ער צו גלח׳ישע בגדים? ניט־שוין־זשע איז ער אַ גלח? ער טאַפּט די בגדים: דעם לאַנגען, שוואַרצן קאַפּטן, די הויכע מיץ — ס׳איז אויף דער וואָר. און שיכור, דאַכט זיך, איז ער אויך ניט. הייסט׳ס, אַז ער איז אַ גלח.

קלערט ער: מ׳דאַרף זען, צי ליגט אין קעשענע אַ גלח׳יש ביכל.

טוט ער אַריין די האַנט אין קעשענע און נעמט אַרויס אַ גלח׳יש ביכל. הייסט׳ס, ער איז טאַקע אַ גלח.

קלערט ער ווייטער: ניין, מ׳דאַרף זען, צי כ׳קען לייענען.

עפנט ער ס׳ביכל — ער ווייס קיין צורת אות ניט. אַ ראיה, אַז ער איז ניט קיין גלח.

פאַלט אים איין: מ׳דאַרף זען, צי דער גלח אַליין קען לייענען.

און ער הויבט זיך אויף, גייט אַוועק צום גלח און גיט אים לייענען ס׳ביכל. און זע אַ פּלאַ — דער גלח קען אויך ניט.

אויב אַזוי — זאָגט דער פּויער — בין איך אויך אַ גלח.

— ס׳איינענע — פירט אויס ר׳ לייבעלע — איז מיט מיר: לכתחילה האָב איך געמיינט, אַז צו זיין אַ רב מוז׳ן זיין אַ בקי בש״ס ופוסקים, אַנגעקוקט אין תשובות, אין ספרי יראים, היינט ווי קום איך צו זיין אַ רב? בין איך געזעסן און געלערנט. ערשט שפּעטער בין איך געוואויר געוואָרן, אַז רבנים קענען אויך ניט לערנען — אויב אַזוי — זאָג איך — קען איך אויך זיין אַ רב.

❦

121

בעת ר׳ לייבעלע קאָוונער איז געווען רב אין סמאָרגאָן איז דער גביר פון שטעטל געווען איינער ר׳ דודל אָרענדאַר. דודל איז געווען אַ האַרטער מענטש, אַ תקיף, און האָט געהאַלטן ס׳גאַנצע שטעטל אין דער מורא.

מאַכט זיך אַמאָל, אַז דודל האָט געהאַט מיט איינעם אַ דין־תורה פאַר ר׳ לייבעלען. די דין־תורה איז געווען אויף אַ היפּשע סומע געלט און דודל האָט געהאַלטן ביים פאַרשפּילן. די רבי׳צן מיט די בני־בית, ווויסנדיק מיט וועמען מ׳האָט דאָ צו טאָן, האָבן אָנגעהויבן איינ׳טענה׳ן

מיט ר׳ לייבעלן, ער זאָל ניט תיכף אַרויסטראָגן דעם פּסק, ניט זאָגן דוד׳לען, אַז ער האָט פאַרשפּילט, געפינען עפּעס אַ וועג ווי אים איינצו־נעמען, מחמת יענער איז קאַפּאַבל יורד לחיים זיין.

— כ׳וועל אייך זאָגן — ענטפערט ר׳ לייבעלע — די תורה זאָגט אונז: „לא תגורו מפּני איש" — איר זאָלט קיין מורא ניט האָבן פאַר אַ מענטשן. היינט לאָמיר זען, פאַר וואָסער מענטשן הייסט׳ס די תורה קיין מורא ניט האָבן? פאַר משה־דוד דעם מלמד, וואָס רירט ניט אַן אַ פליג אויף דער וואַנט? מיינט׳ן דאָך מן־הסתם איינעם, פאַר וועמען ס׳איז יאָ דאָ וואָס מורא צו האָבן, אַזאַ ווי דודל, למשל, אַט פאַר אַזאַ איינעם טאָר מען טאַקע קיין מורא ניט האָבן.

און הייסט תיכף אַריינרופן די בעלי־דינים און זאָגט צום גביר:

— דודל, דו האָסט פאַרשפּילט די דין־תורה.

דער סוף איז געווען, אַז דער גביר איז געוואָרן דעם רב אַ שונא אין לעבן און אים שטאַרק גע׳רודפ׳ט, ביז מ׳האָט ר׳ לייבעלן אַרויסגענומען קיין קאַלוואַריע.

122

דער וואַרשעווער רב, ר׳ זלמן פּויזנער, דער „חמדת שלמה", האָט געהאַט גרויסע מתנגדים, וואָס האָבן אים רודף געווען.

איינמאָל, ערב פּסח, בעת ער איז געגאַנגען אין גאַס וועגן מצות, האָט׳ן אַרויפגעוואָרפן אויף אים אַ מיאוס׳ע זאַך. איז געוואָרן אַ רעש אין שטאָט. ר׳ זלמן איז אַוועק אַהיים, צו זיך אין זיין חדר מיוחד.

אַז ס׳ווייב, די רבי׳צן, איז אַריין צו אים, האָט זי אים געפונען, ווי ער זיצט און וויינט.

— וואָס וויינסטו? — פרעגט זי אים — וואָס נעמסטו זיך אַזוי צום האַרצן? מאַלע וואָס לייד־אַקעס האָבן געטאָן.

— כ׳וויין — ענטפערט איר ר׳ זלמן — און בין מתפּלל פאַר השם־יתברך, אַז יענע מענטשן זאָלן, חלילה, ניט נענש ווערן...

123

ר׳ עקיבא אייגער איז אַמאָל געקומען קיין וואַרשע. איז גאַנץ שטאָט אַרויס אים מקבל־פּנים זיין און אים אָנגעטאָן גרויס כבוד, ווערליק ר׳ עקיבא אייגער, דער גדול הדור.

אין וואַרשע איז דעמאָלט געווען רב, ר׳ זלמן פּויזנער, דער „חמדת שלמה", אַ גדול בישראל.

האָט איינער געפרעגט ר׳ זלמנ׳ען:

— רבי, פאַרוואָס גיט וואַרשע אייך ניט אָפּ אַזאַ כבוד?

— כ׳וועל דיר זאגן — ענטפערט ר׳ זלמן — צו „ונתנה תוקף״ מאַכט׳ן א גאַנצן פּאַראַד, מ׳עפנט דעם ארון־קודש, דער עולם גיסט טייכן טרערן, דער חזן אַרבעט אויף אַלע כלים, ווייזט וואָס ער קען — ס׳אַן אימה. און לאַנג „והוא רחום״, וואָס איז ניט קיין קלענערע תפלה, כאַפּט׳ן אָפּ אין א מינוט. פאַרוואָס זשע? איז דער תירוץ: „ונתנה תוקף״ זאָגט׳ן בלויז ראש־השנה און יום־כפור און לאַנג „והוא רחום״ זאָגט׳ן אַלע מאָנטאָג און דאָנערשטאָג...

124

דער וואַרשעווער רב, ר׳ חיים דאַווידזאָן, איז רוב ימיו געווען א סוחר. ער האָט געהאַט גרויסע געשעפטן און איז געווען א גרויסער עושר. די געשעפטן האָט מייסטנס געפירט ס׳ווייב זיינס און ער האָט עוסק געווען אין תורה, אין עבודה און אין כלל־ענינים.

בעת אין וואַרשע איז נפטר געוואָרן דער רב, ר׳ זלמן פּויזנער, דער „חמדת שלמה״, איז שוין ר׳ חיים דעמאָלט געווען א בן־שמונים. נאָכן חודש אבלות זיינען זיך צוזאַמענגעקומען די ראשי־קהל צו אַן אסיפה מכח נעמען א רב. ר׳ חיים, וואָס איז געווען איינער פון די ראשי־קהל, האָט מציע געווען צו נעמ׳ען ר׳ דוד ביכאָווער, דעם רד״ל, וואָס איז געווען מפורסם פאַר א גאון. די איבעריקע ראשי־קהל האָבן אָבער געוואוסט, אַז שטאָט וויל האָבן ר׳ חיימ׳ען אַליין פאַר א רב. האָבן זיי מיט אַן איבערראַשונג געבעטן ר׳ חיימ׳ען ער זאָל אויף א ווײַלע אַרויסגיין פון דער אסיפה. אַז ער איז אַרויס, האָבן זיי אים פּה־אחד אויסגעקליבן פאַר א רב, אים אַריינגעבעטן און אים אָפּגעגעבן: מזל טוב!

ר׳ חיים האָט לכתחילה ניט געוואָלט הערן און זען. ווי קומט ער צו זיין א רב אין אַזא קהלה ווי וואַרשע? די ראשי־קהל און אַלע נכבדים פון שטאָט האָבן אים אָבער זייער מפציר געווען, ביז ער איז מרוצה געוואָרן.

125

בעת אין וואַרשע איז נפטר געוואָרן דער רב, ר׳ זלמן פּויזנער, דער „חמדת שלמה״, האָט גראַף פּאַסקעוויטש ניט געלאָזן נעמען קיין רב, וואָס איז ניט קיין פּוילישער. האָט קהל אויסגעקליבן פאַר א רב ר׳ חיים דאַווידזאָן, וואָס איז כל ימיו געווען א סוחר. זייענדיק א גרויסער למדן און אַן עוסק בצרכי צבור, איז ער געווען דער שענסטער בעל־הבית אין וואַרשע.

אַז ר׳ חיים דאַווידזאָן איז געוואָרן רב אויף ר׳ זלמנ׳ס אָרט, האָט׳ן אין וואַרשע געזאָגט:

„אצינד האבן מיר א טאָפּעלע אבדה. מיר האָבן אָנגעוואָרן אי א שיינעם רב, אי א שיינעם בעל־הבית...“

126

אין טרעסטענע, א שטעטל לעבן ביאַליסטאָק, איז געווען א רב, ר׳ שמואל מגיד האָט ער געהייסן. שכירות האָט ער גענומען פיר פּוילישע גילדן א וואָך. פאַר דעם געלט האָט ער נאָך געדאַרפט זיין א שמש אויך, אויסקערן דעם בית־מדרש און הייצן ווינטער דעם אויוון. קיין חיונה פון רבנות מיטן שמשות האָט ער ניט געהאַט, האָט ער נאָך געטאָן זיין מלאכה. ער איז געווען א שמיד, און פון דעם געצויגן זיין חיונה. לעבן בית־הרב האָט ער געהאַט זיין קוזשניע, וואו ער פלעגט פאַר די גוים שמידן פערד, פאַריכטן וועגן און שאַרפן קאָסעס.

בעת ער האָט ניט געהאַט וואָס צו טאָן אין קוזשניע, איז ער געזעסן ביי זיך, אין בית־הרב, אין טלית און תפילין, געלערנט, גע׳פסק׳נט שאלות און געענטפערט מענטשן.

אז א גוי האָט געדאַרפט א פּאָדקאָווע, אָדער א ראָד, פלעגט ער אַנקלאַפּן אין פענסטער:

— היי, ראַווין!

פלעגט דער רב אויסטאָן טלית און תפילין, אָנטאָן ס׳רימענע׳ פאַר־טוך און אַוועקגיין אין קוזשניע.

אז עמיצער פלעגט דעמאָלט קומען פרעגן אויפן רב, פלעגט די רבי׳צן ענטפערן:

— ציט אויף א ווײַלע. דער רב וועט באַלד אַריינקומען. ער איז אין קוזשניע...

127

ר׳ נחומ׳קע האַראָדנער איז געווען שמש אין חברה ש״ס בית־מדרש און געלעבט אין גרוים דחקות. פון כמה שטעט האָט׳ן אים אָנגעבאָטן א כתב־רבנות. ער האָט אָבער קיין רב ניט געוואָלט זיין.

האָט ס׳ווייב זיינס מיט אים אָנגעהויבן איינ׳טענה׳ן:

— נחום, וויפיל איז דער שיעור צו לעבן אין דחקות? פאַרוואָס זאָלסטו ניט אָנעמען א רבנות און האָבן פּרנסה בכבוד?

— פאַרשטייסטו מיך — ענטפערט איר ר׳ נחומ׳קע — דאָ, אין האַ־ראָדנע, קענען מיך שוין אַלע, אז כ׳בין א פּראָסטער איד, א שמש, און מ׳לאָזט מיך צורו. אז כ׳וועל אָבער אָנקומען אין א נייע שטאָט און נאָך אויף רבנות, וועט׳ן דאָך אָנהויבן מיך פאַרהערן, פרעגן שאלות און אז מ׳וועט זען, אז כ׳בין אן עם־הארץ וועט׳ן מיך בחרפה אַרויסטרייבן, וועל איך נאָך ס׳שמשות אויך אָנווערן...

128

ר׳ יעקב צבי מעקלענבורג, קיניגסבערגער רב, האָט זיך נוהג געווען ניט גיין צו קיין חופּה מסדר־קדושין זיין, וואו ער האָט ניט געוואוסט, אַז די חתונה ווערט געפּראוועט לויטן אידישן דין.

איינמאָל האָט אַ קיניגסבערגער גביר, וואָס האָט ניט געהאַלטן פון אידישקייט, חתונה געמאַכט אַ טאָכטער. האָט זיך ר׳ יעקב צבי אָפּגעזאָגט מסדר־קדושין זיין. דער גביר איז אָבער געווען אַ תקיף, איז ער אַוועק צו מלוכה און אַרויסגענומען אַ באַפעל, אַז דער רב מוז מסדר־קדושין זיין.

איז ר׳ יעקב צבי געגאַנגען צו דער חופּה.

אַז ס׳איז געקומען צו „הרי את“, האָט ער, ווי דער מנהג איז, פירגעזאָגט דעם חתן: „הרי... את... מקודשת...“ און האָט אויסגעפירט: „כדת... פרידריך דער גרויסער...“

— „כדת משה וישראל“ — כאַפּט׳ן אים אונטער פון אַלע זייטן.

— ניין — זאָגט ר׳ יעקב צבי — כדת משה וישראל איז די חופּה ניט, נאָר כ׳מוז פאָלגן מלוכה...



129

אין אַ שטעטל אַרום וואָלאָזשין איז געווען אַ רב אַ נגיד. פלעגט ער מאַכן מסחר מיט בעלי־בתים און האָבן מיט זיי סכסוכים, אַמאָל איז ער געווען דער תובע, אַמאָל — דער נתבע. פלעגט ער אָפט קומען קיין וואָלאָזשין, זיך לאָדן מיט זיינע בעלי־בתים פאַר ר׳ הערש־לייב׳ן.

האָט אים ר׳ הערש־לייב אַמאָל צווישן זיך אויסגערעדט, אַז פאַר אַ רב פּאַסט ניט צו עוסק׳ן זיך אין עניני ממונות, האָבן צו טאָן מיט מענטשן, זיך לאָדן — ס׳איז אַ חלול השם און אַ חלול התורה.

— רבי — זאָגט אים דער שטעטלדיקער רב — איר ווייסט דאָך, אַז היינטיקע צייטן קען אַ רב זיך אויך ניט באַגיין אָן געלט. פון שכירות אַליין קען מען קיין פּרנסה ניט האָבן, אויסגעבן קינדער — אוודאי ניט.

— איר זיינט גערעכט — זאָגט אים ר׳ הערש־לייב — אָן אַ נאָדל קען מען זיך אויך ניט באַגיין. איטלאַכער מענטש, דער גרעסטער עושר און דער גרעסטער חכם, מוז האָבן אַ נאָדל. אָבער טראָגן אַ נאָדל אין לאַץ, אַלע זאָלן זען, איז מעשה שניידער־יונג...



130

ר׳ אייזל חריף האָט אַ מאָל, שמחת תורה, ווען ער איז געווען אויפגעלייגט, געזאָגט צו זיינע בעלי־בתים:

— פון היינט אָן רופט מיך מער ניט סלאָנימער רב. רופט מיך וואַרשעווער רב.

— פארוואס, רבי? — פרעגן זיי אים.

— דער וואס רופט מיך סלאנימער רב — ענטפערט ר׳ אייזל — זאגט א קיילעכדיקן ליגן. ניט סלאנים וויל מיך פאר א רב און ניט איך וויל סלאנים פאר א שטאט. זעט איר, ווארשעווער רב איז עפעס אנדערש. איך וויל דאך ווארשע פאר א שטאט, מער ניט — ווארשע וויל מיך ניט פאר קיין רב, איז׳ס כאטש א האלבער ליגן...

❦

131

ר׳ אייזל איז אמאל געפארן מיט א בעל־עגלה. האט זיך די פור איבערגעקערט און ער איז ארויסגעפאלן און צוקראצט ס׳פנים. אז ער איז געקומען צוריק אין שטאט, פרעגן אים די בעלי־בתים:

— רבי, וואס איז געשען מיט אייער פנים?

— א שיינעם פנים — שמייכלט ר׳ אייזל — האט ביי אייך דער רב...

❦

132

איידער ר׳ יאסעלע סלאנימער איז געווארן רב, האט ער געגעסן קעסט ביי זיין שווער, ר׳ אייזל חריף, סלאנימער רב.

— הער זיך איין, יאשע — זאגט אים אמאל ר׳ אייזל — ווער פון אונז ביידע איז סלאנימער רב, איך צי דו? אז שאלות — פסק׳נען מיר ביידע ניט, אויף דעם איז דא דער מורה־הוראה, ר׳ פייטל; ביי דין־תורות — זיצן מיר ביידע; פון די שכירות — לעבן מיר ביידע, טא ווער איז פארט דער רב?

— נו, זאגט איר, שווער — שמייכלט ר׳ יאסעלע — ווי ווייסט מען טאקע?

— כ׳וועל דיר זאגן — ענטפערט ר׳ אייזל — גיי ארויס אין שטאט, וועסטו הערן וועמען מ׳בארעדט...

❦

133

ר׳ אייזל סלאנימער האט ניט מאריך געווען אין דאוונען. ער פלעגט אויסשטיין שמונה־עשרה פריער פאר אלעמען.

— סטייטש, רבי — פרעגט׳ן אים אמאל — איר שטייט אוים אזוי גיך שמונה־עשרה, גאר ניט מעשה רב.

— איר דארפט וויסן — ענטפערט ר׳ אייזל — אז איך בין אנדערש ווי אלע רבנים. אלע רבנים גייען אוים נאך זייערע בעלי־בתים; ביי מיר אבער — גייען די בעלי־בתים אוים נאך מיר...

❦

134

ר׳ יאסעלע סלאנימער, ר׳ אייזל׳ס איידים, האט זייער פיינט געהאט ס׳רבנות. אז ער האט געהאלטן ביים אויסגעבן א טאכטער, האט ער געזאגט:

— כ׳זוך אַן אײדים, וואָס זאָל זײַן אַן עם־הארץ גמור. וואָרים טאָמער קען ער עברי, בין איך בײַ הײַנטיקע צײַטן מיט אים ניט זיכער, ער זאָל קײַן רב ניט ווערן...

135

ר׳ חיים אויערבאַך, לענטשיצער רב, האָט געהאַט גרויסע מתנגדים אין שטאָט. טײל פֿון זײ ניט קײן גרויסע ערלאַכע אידן.

איז ר׳ חיים אַמאָל געשטאַנען אין מאַרק און געשמועסט מיט אַ אידענע מכח אַ דבר נחוץ. האָבן די מתנגדים זײַנע געמאַכט אַ ויצעקו אין שטאָט: סטײטש, דער רב האָט געשמועסט מיט אַן אשה.

אַז די זאַך איז דערגאַנגען צו ר׳ חײמ׳ען, האָט ער אַ שמײכל געטאָן און געזאָגט:

— ליבערשט שמועסן מיט אַן אשה און האָבן אין זינען דעם רבונו־של־עולם, אײדער שמועסן מיטן רבונו־של־עולם און האָבן אין זינען אַן אשה...

136

ר׳ יאָשע־בער בריסקער איז אַמאָל געזעסן מיט די גבירים פֿון שטאָט און זיך געאַמפּערט מכח אַן ענין. די גבירים האָבן זיך אײַנגע׳עקשנ׳ט, ווי די טבע פֿון גבירים, און ניט געוואָלט נאָכגעבן דעם רב. דערווײל האָט ר׳ יאָשע־בער אַכטונג געגעבן, ווי אַ אידענע שטײט בײַם טיר. רופֿט ער זי צו.

— רבי — זאָגט די אידענע — כ׳בין געקומען איר זאָלט מיר פּותר־חלום זײַן. מיר האָט זיך די נאַכט גע׳חלומ׳ט, אַז מײַן אײן־און־אײנציקער זון איז, ניט־דאָ־געדאַכט, משוגע געוואָרן.

— אַ גוטער חלום — שמײכלט ר׳ יאָשע־בער — אַ סימן, אַז אײַער זון וועט, אם־ירצה־השם, זײַן אַ גביר, וואָרים אַלע גבירים זײַנען דאָך משוגע. און איר — מאַכט ער צו די גבירים — האַלט דאָך, אַז אַלע רבנים — זײַנען משוגע, טאָ זײַט איר פּותר־חלום, אַז איר זון וועט זײַן אַ רב אויך...

137

ס׳קלײנע שטעטל קאַרעליטש האָט תמיד געהאַט די שענסטע רבנים, וואָס זײַנען דערנאָך געוואָרן גרויסע מפֿורסמים און אַרויסגענומען געוואָרן אין גרעסערע שטעט.

אײנמאָל האָט קאַרעליטש געזוכט אַ רב. געוואָלט האָבן זײ, ווי תמיד, אַ רב מיט אַלע מעלות: אי אַ גדול בתורה, אי אַ הדרת פּנים. האָבן זײ אַנגעפֿרעגט אין בריסק בײַ ר׳ יאָשע־בער׳ן. האָט זײ ר׳ יאָשע־בער געענטפֿערט, אַז ער האָט פֿאַר זײ אַ שײנעם רב, ער זיצט טאַקע אין

בריסק. האָט שטאָט אויסגעריכט צוויי בעלי־בתים חשובים, זיי מיטגע־ געבן אַ כתב און געשיקט קיין בריסק.

געקומען קיין בריסק, זיינען זיי גלייך אַוועק צום רב — צו ר׳ יאָשע־ בער׳ן. זיי גייען אריין אין בית־דין שטוב, זעען זיי קיינער איז ניטאָ, נאָר עפּעס אַ יונגערמאַן, אַ מאַגערער, אַ דאַרער, מיט אַ קליין בערדל, שטייט ביי דער פּאָליצע, נעמט אַרויס איין ספר, נאָך אַ ספר און קוקט. איין.

— וואו איז דער רב? — פרעגן זיי אים.

— ער וועט באַלד אריינקומען — ענטפערט ער זיי פון ספר.

זעצן זיי זיך אַוועק און וואַרטן. דערוויילן באַמערקן זיי, אַז דער יונגערמאַן גייט קרועה־בלואה, די קאַפּאָטע צעריסן, די שיך אויסגעדרייט, דורכ׳ן היטל זעט זיך אַרויס די האָר. קלערן זיי ביי זיך, אודאי אַן אָרימער פּרוש, וואָס קומט אריין צום רב.

ר׳ יאָשע־בער איז אריינגעקומען, גיט ער זיי שלום:

— פונוואַנען זיינען אידן?

— פון קאַרעליטש — ענטפערן זיי.

— אַ, פון קאַרעליטש? — זאָגט ר׳ יאָשע־בער — איר זיינט געקומען נעמען דעם רב וואָס איך נאַרייע אייך? אָט איז ער. קומט אַהער, ר׳ אליה־ברוך! — רופט ער צו דעם יונגנמאַן.

די צוויי אידן בלייבן שטיין געפּלעפטע. אָט דער דאַרער, אָפּגעריסענער יונגערמאַן וועט׳ס זיין קאַרעליטשער רב?

אַ ווײַלע שפּעטער, אַז זיי האָבן זיך אַביסל דורכגעשמועסט און ר׳ אליה־ברוך איז אַרויסגעגאַנגען, האָט איינער פון די צוויי שלוחים זיך געמאַכט האַרץ און געזאָגט צו ר׳ יאָשע־בער׳ן:

— האָט קיין פאַריבל ניט, רבי, אַז איר הייסט אונז נעמען דעם יונגנמאַן פאַר אַ רב, איז ער אודאי ראוי. אָבער איר ווייסט דאָך, רבי, אַז אונזער שטאָט איז געוואוינט צו האָבן רבנים בעלי־צורה, מיט אַ הדרת־פּנים, און דער יונגערמאַן איז עפּעס...

לאָזט אים ר׳ יאָשע־בער ווייטער ניט ריידן, גיט אַ געשריי צום שמש זיינעם:

— יאַנקל, קום אַהער.

דער שמש איז צוגעגאַנגען.

— נעם די צוויי אידן — זאָגט אים ר׳ יאָשע־בער — פיר זיי אַוועק אין באַינע (שלאַכטהויז) אריין און וויז זיי אָן אויף בערל דעם קצב.

די אידן קוקן פאַר׳חידוש׳ט אויף ר׳ יאָשע־בער׳ן.

— איר ווילט דאָך — זאָגט זיי ר׳ יאָשע־בער מיט כּעס — אַ רב אַ געזונטן יונג, אַ הויכן, מיט ברייטע פּלייצעס, טאָ גייט מיט מיין שמש, ער וועט אייך שוין אָנווייזן.

די קאַרעליטשער אידן האָבן זיך פאַרשעמט און אָנגעהויבן:

— רבי, האָט קיין פאַריבל ניט. מיר האָבן, חלילה, גאָרניט געמיינט...

— טאָ נעמט דעם רב, וואָס איך גיב אייך — שמייכלט ר׳ יאָשע־בער — און פאָרט לחיים ולשלום.

ר׳ אליה־ברוך האָט געקראָגן דעם כתב און ער איז געווען רב אין קאַרעליטש, ביז מ׳האָט אים אַרויסגענומען אין מיר.

*138*

בעת ר׳ יאָשע־בער איז געווען רב אין סלוצק, איז אַמאָל אַריינגעפאַלן צו אים דער סלוצקער בעל־טאַקסע מיט אַ געוואַלד:

— רבי, מ׳פירט אַריין אין שטאָט בשר־חוץ!

— מה רעש? — פרעגט ר׳ יאָשע־בער.

— ס׳הייסט? — חידוש׳ט זיך דער בעל־טאַקסע — אַ חוצ׳נע שחיטה, מ׳קען ניט די שוחטים.

— קיין אחריות ניט — שמייכלט ר׳ יאָשע־בער — ס׳אַ פּשוט׳ער קל־וחומר. מה־דאָך סלוצקער שוחטים, וואָס מיר קענען יאָ, עסן מיר פון זייער שחיטה, פרעמדע שוחטים, וואָס מיר קענען ניט, מעגן מיר אודאי עסן פון זייער שחיטה...

*139*

דער סלוצקער בעל־טאַקסע, אַברהמ׳ל יאַווראוו, האָט אַמאָל אַריינגע־שיקט דעם רב, ר׳ יאָשע־בער׳ן, אַ מתנה — אַ בהמה אויף מילך.

מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער איז דער בעל־טאַקסע געקומען צו ר׳ יאָשע־בער׳ן, ער זאָל אַרויסגעבן אַן איסור אויף בשר חוץ. ר׳ יאָשע־בער האָט ניט מסכים געווען און אויפ׳ן אָרט אַריינגערופן דער רבי׳צן און איר געזאָגט:

— גיב תיכף אָפּ ר׳ אַברהמ׳לען זיין בהמה און באַצאָל אים פאַר דער צייט, וואָס דו האָסט זי געמאָלקן...

*140*

בעת ר׳ יאָשע־בער איז אָוועק פון סלוצק, איז ער אַ צייט געזעסן אָן אַ רבנות און אָן פּרנסה.

איינמאָל, פאַרנדיק אין באַן, טרעפט ער זיך מיט אַ בריסקער אידן, פון די טובי העיר. בריסק האָט דעמאָלט געזוכט אַ רב. הויבט דער איד אָן צו שמועסן מיט ר׳ יאָשע־בער׳ן מכּח בריסקער רבנות.

— פאָלגט מיך — זאָגט אים ר׳ יאָשע־בער — און נעמט ר׳ יהושע לייב׳ן. ער איז ראוי צו זיין בריסקער רב.

ערשט מיט עטלאַכע יאָר שפּעטער, אַז ר׳ יהושע־לייב איז אַרויס פון בריסק, איז דאָרט ר׳ יאָשע בער אָנגעקומען אויף רבנות.



141

ר׳ יאָשע־בער בריסקער האָט געהאַט אַ ווערטל:

צוויי מענטשן זיינען דאָ אויף דער וועלט, וואָס ווייסן ניט דעם כח זייערן: דער אוריאַדניק און דער רב, להבדיל.

דער אוריאַדניק אין שטעטל איז דאָך אַ קיסר. וואָס ער וויל קען ער טאָן: אַרויסגעבן גזירות, אַרויפלייגן שטראָף, אַריינזעצן מענטשן אין תפיסה — מי יאמר לו מה תעשה? פונדעסטוועגן איז ער אַ פּראָסטער גוי און וואַלגערט זיך מיט די פּויערים אין שיינק.

דער רב, להבדיל, פירט אַ גאַנצע מלוכה: פּסק׳נט שאלות, מאַכט כשר און טריף, שיקט אַ שמש מזמין זיין לדין, מאַכט דעם גערעכט און דעם אומגערעכט, אסר׳ט, קנס׳נט — און ס׳פעלט אים גאָרניט איין: וואָס איז זיין תקיפות? וואָס וועט ער טאָן, אַז מ׳וועט אים ניט פאָלגן?...



142

בעת ר׳ יצחק אלחנן איז אַראָפּ פון קעסט, האָט ער אָנגענומען ס׳ערשטע רבנות אין זאַבעלין, אַ קליין שטעטל לעבן וואָלקאָווויסק. שכירות האָט ער געקראָגן גאַנצע פינף גילדן אַ וואָך.

איינמאָל האָט מ׳אים אַרויסגערופן אויף אַ דין־תורה קיין פּרוזאַנע, אַ דערבייאיק שטעטל. איז ער דעם שטעטל זייער געפעלן געוואָרן און מ׳האָט אים געוואָלט געבן אַ כתב. זיי זיינען אָבער ניט מושווה געוואָרן מיט די שכירות. ר׳ יצחק אלחנן האָט געבעטן צען גילדן אַ וואָך און די טובי העיר האָבן אים געוואָלט געבן אַכט. ר׳ יצחק אלחנן האָט שוין אפילו געלאָזן פאַר ניין גילדן, אָבער זיי האָבן זיך געהאַלטן ביי זייערס, אַז מער ווי אַכט גילדן קענען זיי ניט צאָלן. איז ר׳ יצחק אלחנן געבליבן אין זאַבעלין.

מיט יאָרן שפּעטער, בעת ער איז שוין געווען רב אין נעסוויזש און געגומען פיר רובל אַ וואָך, איז ער אַמאָל דורכגעפאָרן פּרוזאַנע. זיינען די טובי העיר געקומען אים מקבל־פנים זיין. שמועסנדיק, רופט זיך אָפּ איינער פון זיי צו ר׳ יצחק אלחנן:

— אַי, רבי, ווען איר וואָלט דעמאָלט מרוצה געוואָרן צו נעמען ביי אונז אַכט גילדן אַ וואָך, וואָלט איר דאָך עד היום געווען ביי אונז רב...

143

בעת דער מינסקער „גדול“ איז אַנגעקומען אויף מינסקער רבנות, האָט דער שרייבער בריל (איו״ב ממינסק) געשריבן וועגן אים אין צייטונג און ארויסגעזאָגט ניט קיין גוטע מיינונג.

אַז מ׳האָט׳ס דערציילט דעם „גדול“, האָט ער געזאָגט מיט אַ שמייכל:

— מיינע חסרונות מוזן זיין זייער קליינע, אַז נאָר אַ ב ר י ל זעט זיי...

🙡

144

ר׳ שמואל סאַלאַנט איז אַמאָל געזעסן אין אַ מסיבה און געשמועסט. איז אויסגעקומען צו רייד מכח רבנים און בעלי־בתים.

— מיינע בעלי־בתים — זאָגט ר׳ שמואל — וועלן מיך תמיד פאָלגן וואָס כ׳וועל הייסן.

— וואָס זיינט איר אַזוי זיכער, רבי? — פרעגט מ׳אים.

— פשוט — ענטפערט ר׳ שמואל — מחמת דאָס וואָס מ׳וועט מיך ניט פאָלגן וועל איך ניט הייסן...

🙡

145

אַז ר׳ מאיר־שמחה האָט אַנגענומען ס׳רבנות אין דווינסק זיינען דווינסקער פּרנסים געקומען צו אים קיין ביאַליסטאָק אים איבערגעבן דעם כתב־רבנות. כדרך הטבע האָט׳ן געשמועסט אין תורה, אין מילי דעלמא און זיי האָבן זיך ביי אים פאַרזעסן ביז שפּעט אין דער נאַכט. אַוועק־גייענדיק האָט ר׳ מאיר־שמחה זיי באַלייט אין פירהויז און זיי צוגעלויכטן די טרעפּ.

— צו וואָס, רבי — זאָגן זיי אים — זאָלט איר זיך אַזוי פיעל מטריח זיין?

— כ׳וויל ניט — ענטפערט ר׳ מאיר־שמחה — אַז מיינע מעלות (טרעפּ) זאָלן ווערן ביי אייך חסרונות...

🙡

146

ר׳ מאיר־שמחה איז ניין־און־דרייסיק יאָר געווען רב אין דווינסק.

אין דער גרויסער וועלט־מלחמה, בעת דווינסק איז געשטאַנען אין רעכטן מיטן פייער, זיינען זיך אַלע צעלאָפן פון שטאָט. ווער ס׳איז נאָר געווען ביכולת האָט זיך געראַטעוועט. געבליבן זיינען בלויז אָרימעלייט, אביונים.

איז׳ן געקומען צו ר׳ מאיר־שמחה׳ן, ער זאָל וואָס גיכער אַוועק פון שטאָט, מחמת די סכנה ווערט גרעסער פון טאָג.

— ניין — ענטפערט ר׳ מאיר־שמחה — כל־זמן אין דווינסק וועלן בלייבן ניין אידן, וועל איך זיין דער צענטער...

בעת ר׳ אליה־ברוך איז אנגעקומען אין קארעליטש פאר א רב, איז ער געווען זייער געדריקט אין מצב. האבן די טובי העיר גערופן אן אסיפה און ס׳איז געבליבן, אז מ׳זאל פארקויפן דעם פלאץ, וואס קהל האט אין מארק און ס׳געלט געבן דעם רב א מתנה, ער זאל האבן אויף די ערשטע נויטיקע הוצאות. האט׳ן פארקויפט דעם פלאץ, אפגענומען פינף־און־זיבעציק רובל און זיי אריינגעשיקט דעם רב.

מיט א צייט שפעטער זיצן די פרנסים ביים רב און שמועסן. רופט זיך אפ איינער אביסל האפערדיק:

— ווי געפעלט אייך, רבי, אונזער מתנה?

— כ׳וועל אייך — ענטפערט ר׳ אליה־ברוך — דערציילן א מעשה.

א מלך האט אמאל געהאט א ידיד נאמן, וואס ער האט אים ליב געהאט אהבת־נפש. האט ער אים געמאכט פאר זיין שאצמייסטער, כדי ער זאל זיין נאענט צו אים און זיך זען מיט אים אלע טאג. און ס׳איז טאקע ניט אוועק א טאג, וואס דער מלך זאל זיך ניט זען מיט אים און פארברייינגען מיט אים.

איין טאג איז דער שאצמייסטער ניט געקומען. איז׳ם דעם מלך געווען א גרויסער חידוש. האט ער אים געשיקט רופן. דער שאצמייסטער איז געקומען. זעט דער מלך, אז ער איז חושך ווי די ערד.

— וואס איז מיט דיר געשען? — פרעגט אים דער מלך — ביזטו, חלילה, קראנק.

— אזוי בין איך געזונט — ענטפערט דער שאצמייסטער — נאר עפעס אומעטיקע, מרה־שחורה׳דיקע מחשבות מאטערן מיך און לאזן מיך ניט צורו.

דער מלך האט פארשטאנען, אז ס׳מוז פעלן געלט אין קאסע. זאגט ער צום שאצמייסטער:

— כ׳האב ביי מיר זייער א שיין בוך, וואס פארטרייבט אלע אומעטיקע מחשבות און מאכט זייער פריילאך. כ׳וועל דיר שיקן דעם בוך, וועסטו גאר אן אנדער מענטש ווערן.

דער מלך איז אוועק צו זיך אין קאבינעט, האט געהייסן אויסקלעפן די בלעטער פון א בוך מיט צענטויזנטער און אוועקטראגן זיין פריינט, דעם שאצמייסטער.

אויף מארגן קומט דער שאצמייסטער א פריילאכער, א לעבעדיקער.

— ווי געפעלט דיר מיין בוך? — פרעגט אים דער מלך.

— כ׳דאנק דיר, אדוני המלך — ענטפערט דער שאצמייסטער — פאר דער מתנה. דאס איז מיר אזוי געפעלן, אז כ׳וואלט וועלן האבן דעם צווייטן חלק...

— האט איר אויך — שמייכלט ר׳ אליה־ברוך — א צווייטן חלק?...

148

א שטעטל האט אמאל געהאט א סכסוך מיטן רב. האט'ן אראפגע־בראכט ר' יצחק יעקב ריינעס ער זאל פסק'נען. איז געבליבן, אז שטעטל זאל געבן דעם רב א פצוי, ער זאל אוועקגיין.

האט זיך אנגעהויבן א דינגעניש. שטעטל האט געוואלט געבן הונ־דערט רובל און דער רב האט ניט אנדערש געוואלט נאר דריי־הונדערט רובל.

— דער רב איז גערעכט — זאגט ר' יצחק־יעקב צו די ראשי־קהל — גיט אים דריי־הונדערט רובל.

— ס'הייסט? — טענה'ן די ראשי־קהל — פארוואס קומט'ס אים דריי הונדערט רובל? הונדערט איז ניט גענוג?

פארשטייט איר מיך — שמייכלט ר' יצחק־יעקב — איר ווילט דאך אים געבן געלט ער זאל אוועק פון אייך. מן־הסתם ווייסט ער ביי זיך, אז פטור ווערן פון אים איז ווערט דריי־הונדערט רובל...

149



איינער א רב האט זיך אמאל געקלאגט פאר ר' יצחק יעקב ריינעס, אז ער האט גרויסע רדיפות פון חסידים, מחמת זיי זיינען אים חושד אין השכלה.

— כ'האב — זאגט אים ר' יצחק־יעקב — פאר אייך אן עצה.

— דהיינו? — כאפט זיך אן דער רב.

— שרייבט זיי א בריוו — זאגט ר' יצחק־יעקב — וועלן זיי שוין זען, אז דער חשד זייערער איז אן אומזיסטער...

150



ר' משה־איצל, פאנעוועזשער רב, איז געווען מער סוחר ווי רב. ער האט געהאנדלט מיט פארשיידענע סחורות: מיט פרייסישע טיי, מיט פרייסישע ציגארן, מיט שניט־סחורה און אפילו מיט פערד. צוליב זיינע מסחרים פלעגט ער תמיד ארומפארן.

האט ער געהאט א ווערטל:

— פאנעוועזש וואלט מיר שוין לאנג אפגעזאגט ס'רבנות, געפינען זיי מיך אבער קיינמאל ניט אין דר'היים...



151

כמה רבנים האבן ניט גורס געווען ר' משה־איצל'ס דרך און האבן געהאט אויף אים תרעומות, אז ער איז מבזה ס'רבנות.

אז מ'האט'ס דערטראגן צו ר' משה־איצלען, האט ער א שמייכל געטאן און געזאגט:

— בעסער זאָל איך ס׳רבנות באַגראָבן, איידער ס׳רבנות זאָל מיך באַגראָבן...

❦

*152*

ר׳ אליה־חיים לאָדזשער איז געווען אַ גרויסער בעל־צדקה, פֿלעגט געבן איבער זיין יכולת. זיין שכירות האָט אים ניט מספּיק געווען און ער איז תמיד געווען אַ בעל־חוב.

בעת ער איז געזעסן אין לאָדזש האָט די וואַרשעווער קהלה אים כמה מאָל אָנגעבאָטן אַ כתב רבנות, מחמת ר׳ אליה־חיים איז געווען פֿון די גדולי הדור. ר׳ אליה־חיים האָט זיך אָפּגעזאָגט און ניט אָנגענומען.

— רבי — האָט׳ן אים אַמאָל געפֿרעגט — פֿאַרוואָס נעמט איר ניט אָן ס׳וואַרשעווער רבנות? אַזאַ קהלה חשובה ווי וואַרשע.

— כ׳וועל אייך זאָגן — ענטפֿערט ר׳ אליה־חיים — ווי איר ווייסט בין איך אַ גרעסערער בעל־הוצאה ווי מיינע שכירות און מאַך חובות. אין פּלוג, אויף וואָס זענענדיק? אויף מיין עשירות? אויף מיינע נכסים? נאָר דער איינציקער סמך מיינער איז, אַז ס׳וועט קומען אַ גרעסערע קהלה מיך אַרויסנעמען פֿאַר אַ רבֿ, וועט זי באַצאָלן מיינע חובות. און אַזוי האָב איך תמיד געטאָן. אַז כ׳בין געווען רבֿ אין דרעטשין, האָב איך געליען אויף פּרוזשינע, אַז כ׳בין געווען אין פּרוזשינע, האָב איך געליען אויף לאָדזש. אַצינד, אַז כ׳בין אין לאָדזש, ליי איך אויף וואַרשע. אָבער אַז כ׳וועל אַרויס קיין וואַרשע, אויף וועמען וועל איך לייען?...

❦

*153*

בעת ר׳ יעקב־דוד איז געווען רבֿ אין סלוצק, פֿלעגט ער זיך תמיד קלאָגן אויף דער שטאָט, אַז מ׳האַלט אים ניט בכבוד, בעלי־בתים טוען אים אָן צרות.

— רבי — פֿרעגן אים אַמאָל סלוצקער בעלי־בתים — פֿאַרוואָס זיצט איר טאַקע אין סלוצק? נאַכסאָל זעט איר אייך ניט אָן אַנדער רבנות?

— כ׳וועל אייך זאָגן — ענטפֿערט ר׳ יעקב־דוד — אין גיהנם זיינען דאָ שבעה מדורי גיהנם. פֿאַרוואָס עפּעס גאַנצע זיבן? דאַכט זיך אין איין מדור זיינען דאָ גענוג יסורים מיט ענויים פֿאַרן רשע? נאָר דער תירוץ איז אַזוי: אַז דער רשע ווערט צוגעוואוינט צו זיין מדור אין גיהנם, אַרן אים די יסורים ניט אַזוי. פֿירט׳ן אים אַלע מאָל איבער אין אַ נייעם מדור מיט נייע יסורים.

— ס׳אייגענע — פֿירט אויס ר׳ יעקב־דוד — איז מיט מיר. סלוצק איז טאַקע פֿאַר מיר אַ גיהנם, אָבער כ׳בין שוין צוגעוואוינט. אַ נייע שטאָט וועט זיין פֿאַר מיר אַ נייער גיהנם מיט נייע יסורים...

## צום רב

*154*

ר׳ זרח דיסקין, ר׳ יהושע־לייב׳ס ברודער, איידער ער איז געוואָרן רב איז ער געווען א גרויסער סוחר, פלעגט פאָרן קיין לייפּסק, קיין גרינשפּרוק און טאָן גרויסע מסחרים.

איז אים איינגעפאַלן דרוקן די „ארבעה טורים" מיט זיינע הגהות. האָט ער זיך געלאָזט קאָסטן א פאַרמעגן און אָפּגעדרוקט די „טורים" בתכלית ההידור. דער סוף איז געווען, אַז ער האָט פאַרלאָרן ביז א פּרוטה און איז אַרויס נקי. ערשט דעמאָלט האָט ער אָנגענומען ס׳רבנות אין פערשטאַט.

האָט ער געהאַט א ווערטל:

— די „טורים" האָב מיך געמאַכט פאַר א רב...



*155*

אין קאַפּוליע איז געווען א איד א גביר, ר׳ איסר. ר׳ איסר איז געווען דער נכבד אין שטעטל און א גרויסער תקיף.

איינמאָל האָט שטעטל געהאַט א מחלוקת מיטן רב. האָט ר׳ איסר געזאָגט צום רב:

— אייער גליק, רבי, וואָס איר האָט ביי אונז קיין פּ נ י ם ניט, אַניט וואָלטן מיר אייך אויסגעפּאַטשט...

## צום רב

*156*

צו ר׳ יחזקאל לאַנדא, דעם „נודע ביהודה", זיינען אַמאָל געקומען צוויי פּרעגער גבירים מיט א טשיקאַווע דין־תורה.

זיי זיינען ביידע שכנים, וואוינען אין איין הויז. האָט א גאַסנשפּילער זיך געשטעלט פאַר דער טיר און זייער שיין געשפּילט. איז ביי זיי געוואָרן א מחלוקת: פאַר וועמען האָט דער שפּילער געשפּילט. דער טענה׳ט, אַז פאַר אים האָט דער שפּילער געשפּילט און דער טענה׳ט אַז פאַר אים. זיינען זיי געקומען צום „נודע ביהודה", ער זאָל פּסק׳נען, ווער ס׳איז גערעכט — און תיכף אויפן אָרט אָוועקגעלייגט פערציק רענדלאַך פּסק־געלט.

הערט דער „נודע ביהודה" אויס זייערע טענות און זאָגט מיט א שמייכל צו די גבירים:

— דער שפּילער האָט געשפּילט ניט פאַר דיר און ניט פאַר דיר, נאָר פאַר מיר, כ׳זאָל קריגן פערציק רענדלאַך...

157

איינער איז געקומען צו ר׳ יחזקאל לאנדא, דעם „נודע ביהודה“, און זיך פאר אים געקלאגט:

— וואס זאל איך טאן, רבי, כ׳האב גרויס טרדה פון מענטשן, מ׳לאזט מיך א מינוט ניט צורו, כ׳קען ניט נעמען קיין ספר אין האנט.

— כ׳האב פאר דיר אן עצה — זאגט אים דער „נודע ביהודה“ — קומען צו דיר גבירים — בעט זיי א גמילות־חסד, וועסטו זיי מער ניט אנ־קוקן. קומען צו דיר אביונים — גיב זיי א גמילות־חסד, וועלן זיי זיך פאר דיר מער ניט ווייזן...

158

ר׳ שמעלקע ניקלשבורגער איז אמאל דורכגעפארן קראקע. איז גע־קומען צו אים א אידענע מיט א קינד און געוויינט:

— רבי, היילקער, ראטעוועט. ס׳קינד איז ביי מיר אן איינציקס, איין אויג אין קאפ געבליבן, אצינד איז׳ס זייער קראנק.

האט ר׳ שמעלקי גענומען א פאטשיילקע, עפעס איינגעוויקלט, דער־לאנגט דער אידענע און געזאגט:

— גיי גיב׳ס דעם רב, וועט ער דיר זאגן וואס צו טאן.

איז די אידענע אוועק צום רב, ר׳ יצחק לאנדא, און אים געגעבן ס׳פאטשיילקע.

ר׳ יצחק וויקלט אויף — ס׳ליגט א גאלדן רענדל. חידוש׳ט ער זיך. דערמאנט ער זיך אבער, אז אין שטאט איז אצינד דא א פראפעסאר, וואס נעמט א רענדל פאר א וויזיט. זאגט ער צו דער אידענע:

— נעמט ס׳רענדל און גייט צום פראפעסאר...

159

צו ר׳ יעקב ליסער זיינען אמאל געקומען צוויי אידן מיט א דין־תורה. איינער פון זיי האט געפונען אין גאס א גאלדן רענדל, טענה׳ט דער אנדערער, אז ס׳איז זיינס.

ר׳ יעקב האט פארשטאנען, אז יענער, וואס טענה׳ט, אז ס׳רענדל איז זיינס, איז א רמאי. האט ער אים געהייסן ארויסגיין. ער וועט דערווייל אויסהערן איין צד.

אז יענער איז ארויס, הויבט ר׳ יעקב אן אויפן קול:

— אויב ער זאל טענה׳ן ווי דער דין, אז ס׳רענדל האט א לעכל — געווינט ער, מחמת א לעכל איז דאך א סימן מובהק.

— אז מ׳האט יענעם אריינגערופן, זאגט ער צו ר׳ יעקב׳ן:

— רבי, איר ווייסט, אז כ׳האב ס׳רענדל ניט געזען, וועל איך אייך זאגן א סימן, ס׳האט א לעכל.

— אויב אזוי — שמייכלט ר׳ יעקב — וועסטו מוזן ווארטן ביז וואנען דער בעל־דין דיינער וועט געפינען א רענדל מיט א לעבל. נא, זע: ס׳רענדל וואס ער האט אצינד געפונען, האט קיין לעבל ניט...

160

צו ר׳ ברוך לייפניקער איז אמאל געקומען איינער און אים דערציילט כלומר׳שט בסוד, אז ער איז געווען א גוי, און ניט אבי־ווער, נאר א כומר. איצט האט ער זיך מגייר געווען. לכן, זאל דער רב מאכן פאר אים א שיינע נדבה.

ר׳ ברוך האט דערקענט אן אים, אז ער איז א רמאי.

— זאגט מיר — פרעגט ער אים — וואסערע „פאטשערעס" (תפילות) זאגט׳ן חגא?

יענער האט ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן.

— גענוג — זאגט אים ר׳ ברוך — וואס איר זיינט אייך אליין מבזה, צו וואס זאלט איר נאך מבזה זיין אייער טאטע־מאמע, וואס זיינען אודאי געווען ערלאכע אידישע קינדער?...

161

צו ר׳ אבלי פאסוויילער, ווילנער רב, איז אמאל געקומען א דינסט־מיידל מיט א שאלה:

— רבי, וואס זאל איך קאכן צו ווארימעס?

— גיי אהיים — זאגט איר דער רב — און קאך לאקשן.

דער עולם האט זיך גע׳חידוש׳ט אויף דער טשיקאווער שאלה מיטן ענטפער.

— וואס פארשטייט איר דא ניט? — זאגט צו זיי ר׳ אבלי — ס׳מיידל האט געפרעגט איר בעל־הבית׳טע: וואס זאל זי קאכן צו ווארימעס? האט זיך יענע אויף איר אנגעבייזערט: „גיי פרעג דעם רב!" ס׳מיידל ווייסט ניט קיין חכמות — איז זי געקומען מיך פרעגן.

162

ר׳ אבלי פאסוויילער, ווילנער רב, פלעגט געבן בריוו ארימעלייט, נשרפים, יורדים, וואס גייען איבער דער וועלט. און היות ער איז געווען בטבע א גוטער, האט א מענטשן ניט געקענט אפזאגן, איז וועלכער מקבל ס׳איז געקומען האט ער אים געגעבן א בריוו.

איינמאל איז צו אים געקומען א איד און זיך געקלאגט, אז ער האט צוויי טעכטער חתונה צו מאכן און האט ניט מיט וואס, על־כן זאל אים דער רב געבן א בריוו אויף הכנסת־כלה. האט אים ר׳ אבלי געגעבן.

א פּאָר טעג שפּעטער געפינט מען דעם אידן ליגנדיק אין גאַס טויט־שכור און ר׳ אבלי׳ס בריוו וואַלגערט זיך לעבן אים. נעמט׳ן דעם בריוו און מ׳טראָגט אַוועק צו ר׳ אבלי׳ן:

— זעט, רבי, וועמען איר גיט בריוו.

אַז דער איד האָט זיך אויסגעניכטערט, קומט ער צו ר׳ אבלי׳ן און קלאָגט זיך, אַז ס׳האָט מיט אים פּאַסירט אַן אומגליק. ער האָט דעם בריוו פאַרלאָרן, על־כן זאָל אים דער רב געבן אַן אַנדער בריוו.

— כ׳וועל אייך זאָגן — מאַכט צו אים ר׳ אבלי — די וועלט האָט אַ ווערטל: „שכור ווי לוט". איז דאָך אין פּלוג אַ קשיא: פאַרוואָס עפּעס ווי לוט און ניט ווי נח? נח האָט דאָך אויך געשכור׳ט און ער איז געווען פאַר לוט׳ן? נאָר דער תירוץ איז: נח האָט געשכור׳ט בעת ער האָט שוין געהאַט אויסגעגעבן אַלע קינדער זיינע, איז ניט אַזאַ׳ן עולה. לוט האָט אָבער געהאַט צוויי טעכטער חתונה צו מאַכן, אַזאַ טאַטע טאָר ניט שכור׳ן...

❦

*163*

איינער איז אַמאָל אַרומגעפאָרן איבער דער מדינה מיט אַ כתב פון ר׳ אבלי פּאָסוווילער. אין כתב האָט ר׳ אבלי געשריבן, „הוא יצק מים על ידי" — ער האָט געגאָסן וואַסער אויף מיינע הענט — אַ שבח, וואָס מ׳שרייבט געוויינלאַך אויף אַ תלמיד.

וואו דער איד איז געקומען און געוויזן דעם כתב, האָט׳ן אים אויפגענומען בסבר־פּנים־יפות, אָפּגעגעבן גרויס כבוד. אַ קלייניקייט: ר׳ אבלי׳ס אַ תלמיד. אַז מ׳האָט אָבער אָנגעהויבן צו שמועסן מיט אים, האָט׳ן געזען, אַז דער איד איז נעבאַך אַ גרויסער עם־הארץ. איז׳ס ביי אַלעמען געווען אַ חידוש. האָט׳ן עס דערטראָגן צו ר׳ אבלי׳ן:

— היתכן, רבי, אַזוי צו שרייבן אויף אַ אידן אַן עם־הארץ, אַ בור דאורייתא?

— וואָס — פרעגט ר׳ אבלי — האָב איך עס אַזוינס אויף אים געשריבן?

— איר האָט געשריבן — זאָגט׳ן אים — ניט קיין קלענערן שבח, ווי „יצק מים על ידי".

— כ׳האָב געשריבן דעם אמת — שמייכלט ר׳ אבלי — דער איד איז כמה יאָרן געווען ביי מיר אַ וואַסערטרעגער...

❦

*164*

אַ סופר האָט אַמאָל געבראַכט ווייזן אַ יריעה פון אַ נייער ספר־תורה פאַר ר׳ הירש דינעווער.

ר׳ הירש־מלך האָט איינגעקוקט אין דער יריעה און געשוויגן.

— ווי געפעלט אייך, רבי, דער כתב? — פרעגט אים דער סופר.

— דער כתב ווי דער כתב — ענטפערט ר׳ הירש־מלך — אָבער ס׳לשון איז אַ בחיר...



*165*

צוויי אידן זיינען אַמאָל געקומען אַ דין־תורה האָבן פאַר ר׳ משולם־שכר הורוויץ, סטאַניסלאַווער רב. די דין־תורה איז געווען מכח עופות. איינער האָט גע׳טענה׳ט, אַז יענער האָט די עופות ביי אים גע׳גנב׳עט און יענער האָט גע׳טענה׳ט, אַז די עופות זיינען זיינע.

בעת די טענות פרעגט ר׳ משולם־שכר דעם תובע:

— זאָג־זשע מיר, מיט וואָס קאָרמעסטו די עופות?

— מיט גאַנצע קוקורוזע — ענטפערט יענער.

— און דו? — פרעגט ער דעם נתבע.

— מיט קוקורוזע־מעל — ענטפערט דער.

און ר׳ משולם־שכר הערט ווייטער די טענות.

פאַרן פסק אַרויסטראָגן הייסט ער ברענגען די עופות. האָט׳ן גע־בראַכט. נעמט ער די עופות אין האַנט, טאַפּט ער אָן אין וואָליע גאַנצע קוקורוזע.

— טאַפּ אָן די וואָליע — זאָגט ער צום נתבע.

יענער איז געבליבן שטיין ווי אַ באַגראָבענער. ער האָט נעבאַך בחרפּתו געמוזט מודה זיין, אַז ער האָט די עופות גע׳גנב׳עט.



*166*

אין לעמבערג איז געווען אַ גוי׳שע גאָרקיך, וואו מאַנכע אידן פלעגן זיך אַריינכאַפּן בשתיקה און אָפּעסן אַ מאָלצייט.

איז אַמאָל די גוי׳ע, די בעל־הבית׳טע פון גאָרקיך, געקומען צום רב, ר׳ יאַנקעלע אורנשטיין, און זיך געקלאָגט, אַז אידן קומען צו איר אין גאָרקיך, באַרגן אַן און באַצאָלן ניט.

— כ׳האָב פאַר דיר אַן עצה — זאָגט איר ר׳ יאַנקעלע — דער ערשטער איד, וואָס וועט מאָרגן קומען עסן, זאָלסטו׳ן געבן אַ חשבון וואָס קומט דיר פון אַלע אידן. אויב ער וועט ניט וועלן באַצאָלן, זאָלסטו אים רופן צום רב.

האָט די גוי׳ע אַזוי געטאָן.

מאָרגן קומט אַ איד אין גאָרקיך, זעצט זיך אַוועק ברייטלאַך און הייסט זיך געבן אַ פעטן מאָלצייט. נאָכן עסן דערלאַנגט אים די גוי׳ע אַ חשבון — ווערט אים פינסטער אין די אויגן.

— סטייטש — זאגט ער — אזויפיל פאר איין מאלצייט?

— אט דאס — זאגט די גוי׳ע — קומט מיר פון דיינע ברידער אידן, וואס עסן ביי מיר.

— בין איך — טענה׳ט ער — מחויב צו באצאלן פאר אנדערע אידן?

— טא קום — זאגט די גוי׳ע — צום רב.

ווי ער האט׳ס דערהערט, האט ער ארויסגעכאפט און באצאלט און נעלם געווארן.

דעם אייגענעם טאג איז די גוי׳ע געקומען צום רב און אים געדאנקט פאר דער עצה.

✻

*167.*

איז בארדיטשעוו איז אמאל געווען א גרויסע מחלוקת מכח א שוחט. דארט איז געווען אן אלטער שוחט, אברהם, א גרויסער בריה אויף אראפ־נעמען סרכות. האט זיך געפונען א צד אין שטאט, וואס האט אנגע־הויבן לאמר׳ן אויף אים, אז ער איז א מאכיל טרפות. איז געווארן א מחלוקת. דער צד האלט מיטן שוחט, דער צד — איז כנגד. זאגן די — כשר, זאגן די — טריף. בקיצור, די שטאט האט געברענט.

איז געבליבן מ׳זאל אראפברייננגען דעם בראדער מגיד, ר׳ שלמה קלוגער, און ווי ער וועט פסק׳נען אזוי זאל זיין.

ר׳ שלמה קלוגער האט מסכים געווען צו קומען קיין בארדיטשעוו מכח דעם עניז, אבער בתנאי, אז דעם פסק זאל ער ניט ארויסזאגן אויפן ארט, נאר צושיקן פון דר׳היים.

ר׳ שלמה איז געקומען קיין בארדיטשעוו, מנסה געווען דעם שוחט, אכטונג געגעבן ווי ער שחט, ווי ער איז בודק און זיך שוין געקליבן פארן אהיים קיין בראד.

מאכט זיך אים אן עיכוב מכח׳ן פאס און ער בלייבט אין באר־דיטשעוו גאנצע דריי וואכן.

איז דער עולם טשיקאווע צו וויסן וואס דער פסק־דין איז. קומט׳ן צו ר׳ שלמה׳ן מיט כל׳ערליי תירוצים, מ׳פרואווט זיך אויף אלערליי אופנים ארויסקריקן ביי אים דעם פסק. ר׳ שלמה האלט קאפ און זאגט ניט אוים.

איינמאל זיצט ביי אים דער גביר פון שטאט, ר׳ ישראל האלפערן. שמועסנדיק, זאגט ער צו אים:

— רבי, גאנץ שטאט קען מיך, אז כ׳בין א בעל־סוד. פאר מיר מעג׳ן פארטרויען ס׳גרעסטע געהיימניש וועט קיין מוטער בן־אדם ניט וויסן. על־כן, רבי, זאגט מיר וואס איז אייער פסק מכח׳ן שוחט.

— איר האָט זייער אַ שיינע מידה — שמייכלט ר׳ שלמה — וועל איך מיך טאַקע לערנען פון אייך און קיין סוד ניט אויסזאָגן...

✤

168

אין מעמל האָט׳ן געבויט אַ שול. זיינען געבליבן ציגל פון בנין. איז׳ן געקומען פרעגן ביי ר׳ ישראל סאַלאַנטער, וואָס זאָל׳ן טאָן מיט די געבליבענע ציגל, מחמת ס׳איז דאָך הקדש.

— דאָס גלייכסטע וואָלט געווען — האָט ר׳ ישראל געענטפערט — פאַרמויערן די טיר פון עזרת־נשים. זאָלן די נשים בעסער זיצן אין שטוב און אַכטונג געבן אויף די קינדער.

✤

169

צו ר׳ יהושע׳לע קוטנער איז אַמאָל געקומען אַ אידענע מיט אַ שאלה אויף אַן עוף. ביים כשר־מאַכן האָט זי די גאָל ניט געפונען.

ווי דער דין איז ביי אַזאַ שאלה, האָט ר׳ יהושע׳לע געגעבן אַ לעק ס׳לעבערל — ס׳איז ניט ביטער. גיט ער די דיינים, זיי לעקן און שפירן אויך ניט קיין ביטערקייט. זאָגט ער צו דער אידענע:

— פּרואווט איר אַ לעק טאָן.

גיט די אידענע אַ לעק ס׳לעבערל.

— ס׳אי ביטער? — פרעגט איר ר׳ יהושע׳לע.

— אַי, רבי׳נקע־קרוין — קרעכצט די אידענע — ס׳אי ביטער ווי דער טויט. כ׳בין אַן אַלמנה מיט קליינע יתומים. ס׳עלטערע אינגל מיינס איז אַ וואויל לערנער. ער איז אָבער קראַנק געוואָרן, האָט דער דאָקטער גע־הייסן אים קאָכן אַ הינערש יאיכל. האָב איך אָפּגעשפּאָרט ס׳לעצטע און געקויפט אַן עוף. האָב איך דאָך מזל — מאַכט זיך אַ שאלה. אַי, ווי ביטער, רבי׳נקע!

— אויב ס׳איז ביטער — פּסק׳נט ר׳ יהושע׳לע — איז כשר...

✤

170

ר׳ אייזל סלאָנימער (ר׳ אייזל חריף) איז געווען אַ גרויסער מקיל אין שאלות. דער דיין זיינער איז געווען אַ גרויסער מחמיר.

איינמאָל זיצן זיי ביידע און שמועסן וועגן דעם ענין פון מקיל און מחמיר זיין. מאַכט ר׳ אייזל צום דיין:

— פאַרשטייט איר מיך. ניט אַלע מאָל מוז׳ן פּסק׳ענען ווי ס׳שטייט אין דין, נאָר אַלע מאָל מוז שטיין אין דין ווי מ׳פּסק׳נט...

✤

171

צו ר׳ יצחק וואָרקער איז אַמאָל געקומען אַן אַלמנה אַ דין־תורה האָבן מיט צוויי סוחרים, וואָס זיינען געבליבן שולדיק איר מאַן געלט.

ר׳ יצחק האָט גע׳פּסק׳נט, אַז די סוחרים זאָלן דער אַלמנה באַצאָלן ס׳געלט וואָס זי מאָנט, נאָר היות ווי זיי זיינען ניט קיין גרויסע עשירים, זאָלן זיי עס אויסצאָלן.

אַז די אַלמנה איז אַוועקגעגאַנגען, זאָגן די סוחרים צום רבי׳ן:

— רבי, אַט דער חצופה גלויבט איר? איר מאַן איז שוין טויט העכער דריי יאָר און זי האָט ערשט מיט אַ האַלב יאָר צוריק געהאַט אַ קינד.

— אַזוי? — כאַפּט זיך ר׳ יצחק — האַלט זי שוין אַזוי? גייט תיכף און באַצאָלט איר ס׳גאַנצע געלט מיט אַ מאָל...

☙

172

פאַר ר׳ לייבעלע׳ן איז אין קאָוונע געווען אַ לאַנד־שדכן. רפאל האָט ער געהייסן. רפאל איז געווען מפורסם אין דער מדינה און ער פלעגט אויספירן די גרעסטע שידוכים צווישן גבירים, אדירים.

איינמאָל האָט רפאל געהאַלטן ביים אויספירן גאָר אַ געהויבענעם שידוך, וואו דער נדן האָט באַטראָפן שווערע אלפים און אים איז גע־שטאַנען צו פאַרדינען אַ היפּשע מטבע שדכנות. דער חתן איז געווען פון קאָוונע און די כלה פון אַ גאַנץ ווייטע שטאָט. כדרך הטבע האָט רפאל פאַרלויבט דעם חתן, אַז ער איז אַ מושלם בכל המעלות, אַ למדן מופלג און אַ גרויסער משכיל. האָט דער אבי־הכלה געוואָלט ניט אַנ־דערש, נאָר דער קאָוונער רב זאָל מעיד זיין אין אַ בריוו, אַז דער חתן איז אַ למדן. איז רפאל׳ן איינג געוואָרן. קריגן פון ר׳ לייבעלן אַזאַ בריוו איז קיין קליינינקייט ניט. אַז ר׳ לייבעלע זאָל שרייבן אויף איינעם, אַז ער איז אַ למדן, דאַרף יענער זיין אַ גאון. רפאל איז דאָך אָבער געווען אַ לאַנד־שדכן, פאַלט ער אויף אַ המצאה. ער וועט נעמען אַ בריף פון ר׳ משה־שמואל׳ן, ר׳ לייבעלע׳ס זון, וואָס זיצט אין דיינות. מיט אַזאַ בריוו וועט זיך דער מחותן צופרידנשטעלן. רפאל האָט לאַנג ניט גע־טראַכט, איז אַוועק צו ר׳ לייבעלע׳ס זון, אים צוגעזאָגט צו באַפרידיגן פאַר דער טרחה און אַרויסגענומען פון אים אַ בריוו.

דער שידוך איז געוואָרן. ס׳איז געווען תנאים, חתונה. רפאל האָט אָפּגענומען זיין שדכנות. איז ער געקומען צו ר׳ משה־שמואל׳ן און אים גענעבן אַ פינף־און־צוואַנציקער. האָט ר׳ משה־שמואל ניט געוואָלט נעמען. ס׳איז קנאַפּ. האָבן זיי זיך ביידע אָנגעהויבן דינגען. אויף די רייד איז אין בית־דין שטוב אַריינגעגאַנגען ר׳ לייבעלע. פרעגט ער:

— וואָס איז צווישן אייך?

— מיר האָבן — זאָגט רפאל — אַ שטיקל סכסוך. אדרבה, פּסק׳נט איר, רבי.

— אויב איר זיינט מיך מקבל — זאָגט ר׳ לייבעלע און זעצט זיך שוין ביים טיש — לאָזט הערן אייערע טענות.

ווי ר׳ לייבעלע האָט געהערט וועגן וואָס דער סכסוך איז, איז ער אויפגעשפרונגען מיט כעס צום זון:

— משה־שמואל, וואָס האָסטו געטאָן? ממה־נפשך: איז דער חתן טאַקע אַ למדן, ביזטו דאָך געווען מחויב צו שרייבן דעם אמת אָן אַ פּרוטה. אויב ניט — האָסטו דאָך פאַר געלט געשריבן אַ שקר. רבותי — זאָגט ער צום עולם — איר זאָלט תיכּף מעביר זיין מיין זון פון דיינות. ער איז פּסול לדין...



173

צום וואַרשעווער רב, ר׳ בעריש מייזלש, איז אַמאָל אַריינגעלאָפן אַ איד מיט אַ געוויין:

— רבי, ראַטעוועט מיך! כ׳בין אומגליקלאַך.

— זיצט, ר׳ איד — נעמט אים איין דער רב — דערציילט וואָס איז געשען.

דערציילט דער איד אַזאַ מעשה:

— כ׳בין אַ פרעמדער איד, אַ סוחר. געקומען אַהער קיין וואַרשע, איינהאַנדלען סחורה. היות כ׳בין אָנגעקומען ערב־שבת און געהאַט ביי זיך פינף־טויזנט רובל, האָב איך מורא געהאַט איינצושטיין אין אַן אַכסניא. בין איך פאַרפאָרן צו מיינעם אַ באַקאַנטן, יענער און יענער סוחר, וואָס האָט אַ נאָמען אין וואַרשע. פרייטאָג פאַר ליכט־בענטשן האָב איך אים געגעבן באַהאַלטן די פינף־טויזנט רובל איבער שבת. זונטאָג אין דער פרי בעט איך אים ס׳געלט, כ׳דאַרף אַרויס אין גאַס. טענה׳ט ער: להד״ם! הויב איך דאָך אָן צו חלש׳ן: סטייטש, פרייטאָג פאַרנאַכט האָב איך אייך דאָך אַליין ס׳געלט געגעבן? אַהין, אַהער — ער האַלט זיך ביי זיינס: ער ווייסט ניט פון וואָס צו זאָגן. וואָס טו איך, רבי? ס׳קומט מיר אָנים, שונאי ישראל, פון בריק אין וואַסער. פרעמד געלט.

— באַרואיקט אייך, ר׳ איד — זאָגט אים דער רב — מיטן אויבערשטנס הילף, איר וועט האָבן אייער געלט. כ׳וועל אים שיקן רופן. איר גייט אַריין אין דערבייאיקן חדר. ווען איר וועט הערן מיך ריידן אויפן קול — זאָלט איר אַרויסקומען.

דער רב האָט געשיקט רופן דעם וואַרשעווער סוחר. ער דאַרף אים כּלומר׳שט האָבן מכח אַ שטאָטישן ענין. יענער איז תיכּף געקומען. האָט דער רב אים געבעטן זיצן, איז אַריין מיט אים אין אַ שמועס, גערעדט נעלאַסן, כדבר איש אל רעהו. פּלוצלונג האָט ער אָנגעהויבן ריידן אויפן

קול. דא איז דער פרעמדער איד ארויס פונם דערבייאיקן חדר און ווי ער האט דערזען דעם ווארשעווער סוחר, האט ער א געשריי געטאן:

— רבי, אט דאס איז ער. זאל ער מיך ניט קוילענען און אפגעבן מיינע פינף־טויזנט רובל.

— איר קענט דעם אידן? — פרעגט דער רב דעם ווארשעווער סוחר.

— יא, רבי — ענטפערט ער בנעימות — כ׳קען אים. ער האט ביי מיר געהאלטן שבת, געגעסן, געטרונקען. איצט האט ער זיך צוגעטשעפעט צו מיר, אז כ׳האב זיינע פינף־טויזנט רובל. ניט אנדערש: דער איד איז אויסן זינען.

דער פרעמדער איד רייסט אים אבער די אויגן:

— סט׳אד אליין ביי מיר גענומען ס׳געלט פרייטאג פאר ליכט־בענטשן און נאך איבערגעציילט פאר מיר אין די אויגן. ווי האט׳ס א איד א הארץ צו טאן אזא נבלה?

— איר זעט דאך — רופט זיך אפ דער רב צום ווארשעווער סוחר — אז איר וועט פון דעם אידן ניט לויז ווערן, גיט אים עטלאכע רובל און ווערט פטור.

— אז איר הייסט, רבי — זאגט דער ווארשעווער סוחר — פאלג איך אייך. כ׳בין מרוצה אים צו געבן פינף־און־צוואנציק רובל, אבי ער זאל זיך אפטשעפען פון מיר.

דער פרעמדער איד וויל אבער ניט הערן:

— וואס גיט ער מיר, אויף א שטריקל זיך אויפצוהייגגען?

— גיט אים נאך א פאר רובל — זאגט דער רב.

— כ׳פאלג אייך, רבי — זאגט ווייטער דער ווארשעווער סוחר — כ׳גיב אים פופציק רובל און א סוף זאל׳ס נעמען.

דער פרעמדער איד הערט אבער ניט אויף צו שרייען און צו וויינען, אז אויב ער גיט אים ניט אפ די פינף־טויזנט רובל, קוילעט ער אים אן א מעסער.

— איר זעט דאך — זאגט דער רב צום ווארשעווער סוחר — אז איר זיינט אריינגעפאלן — מיט א קלייניקייט וועט איר דא ניט פטור ווערן. נעמט מיין עצה און גיט אים הונדערט רובל.

— כ׳טו אייך צוליב, רבי — זאגט דער ווארשעווער סוחר — כ׳גיב דעם פגר־רע הונדערט רובל און א סוף אן עק.

דער פרעמדער איד וויל אבער ניט הערן און זען.

— וואס ווילט איר? — בייזערט זיך דער רב כלומר׳שט אויפן פרעמדן אידן — הונדערט רובל איז א שיינע נדבה.

— כ׳וויל ניט קיין נדבות — צעוויינט זיך ווייטער דער איד — כ׳וויל מיין געלט.

— ווייסט איר וואָס? — זאָגט דער רב צום וואַרשעוווער סוחר — פּרוּווט נאָך ס׳איינציקע מאָל. גיט אים פינף־הונדערט רובל.

— אַז איר הייסט, רבי, גיב איך — איז מסכּים דער וואַרשעוווער סוחר.

דאָ האָט זיך דער רב אויפגעשטעלט און אַ געשריי געטאָן אויף אים:

— שייגעץ, יונגאַטש! גיב שוין אַוועק דעם אידן די פינף־טויזנט רובל. אַצינד ווייס איך קלאָר, אַז דו האָסט זיי ביי אים גענומען. כ׳קען דיך, אַז דו ביזט ניט אַזאַ פּזרן. כ׳האָב דיך אַנומלט געבעטן צען רובל אַ נדבה, האָסטו ניט געגעבן, און אַצינד גיסטו מיט אַ גרינגע האַנט פינף־הונדערט רובל. דו וועסט שוין פון דאַנען ניט אַוועקגיין. כ׳בין תּיכּף מודיע דער פּאָליציי און מ׳וועט שוין ביי דיר אין שטוב געפינען ס׳געלט.

ווי דער וואַרשעוווער סוחר האָט דאָס דערהערט, איז ער געוואָרן בלאַס ווי קאַלך און האָט זיך מודה געווען. אַ ווײַלע שפּעטער האָט דער פרעמ־דער סוחר געהאַט צוריק זיינע פינף־טויזנט רובל.

❦

174 ר׳ משה סאַוואָראַנער איז געווען מפורסם פאַר אַ גוטן אידן, וואָס ווייסט אין הויות העולם.

בעת ער איז אַמאָל געווען אין באַרדיטשעוו, איז צו אים געקומען אַ איד, קענטיק אַ גרויסער סוחר, און אים פאַרטרויט אַזאַ מעשה:

— אַליין בין איך — זאָגט דער איד — אַ בראָדער. מיין נאָמען איז דוד פּויזנער. כ׳בין אַ קאָמיסיאָנער. פיר, ב״ה, גרויסע מסחרים, דער עיקר מיט רוסלאַנד. איז איינער פון מיינע סוחרים, אַ באַלטער גביר, מיר געווען שולדיק טויזנט רובל. האָט ער, ווי דער שטייגער, מיר גע־געבן אַ וועקסל. אין אַ צייט אַרום האָב איך באַדאַרפט אים שיקן אַ רשימה פון סחורות. האָב איך די רשימה אויפגעשריבן און אַוועקגעלייגט אינם קעסטעלע, וואו ס׳ליגן דעם באַלטער סוחר׳ס חשבונות מיטן וועקסל זיינעם. מחמת אַזוי איז מיין שטייגער, צו האַלטן איטלעך סוחר׳ס חשבונות אין אַ באַזונדער קעסטעלע. דעם טאָג, וואָס די פּאָטשט גייט אָפּ, האָב איך געזאָגט מיין טאָכטער, וואָס העלפט מיך אַרויס אין גע־שעפט, זי זאָל אַוועקשיקן די רשימה מיט אַ בריוו צום באַלטער סוחר. אויף מאָרגן, כ׳גיי צו צום קעסטעלע — כ׳געפין די רשימה. ווערט מיר די זאַך קשה. פרעג איך מיין טאָכטער, צי זי האָט אַוועקגעשיקט די רשימה. זאָגט זי: יאָ. ווייז איך איר דאָך די רשימה. בקיצור הדברים, מ׳הויבט אָן זוכן, מ׳כאַפּט זיך, אַז ס׳וועקסל איז ניטאָ. מיין טאָכטער האָט געהאַט אַ טעות און אַוועקגעשיקט דעם באַלטער סוחר ס׳וועקסל אַנשטאָט דער רשימה. שיק איך אים אַוועק די רשימה מיט אַ בריוו,

דערקלער אים דעם טעות און בעט אים מיר אָפּשיקן ס׳וועקסל. ס׳גייט אוועק א צייט — ניטאָ קיין תשובה. שרייב איך אים א צווייטן מאָל, א דריטן מאָל — ענטפערט ער מיר, אז ער ווייסט ניט פון קיין פּותר און פון קיין חלום. ער האָט קיין וועקסל אין די אויגן ניט אָנגעזען. הכלל, רבי, וואָס טו איך? גיט מיר אַן עצה, ווי קען איך ראַטעווען מיין געלט?

ר׳ משה האָט אים אויסגעהערט און געזאָגט:

— אין דריי וואָכן אַרום זאָלסטו קומען קיין באַלטע, דעמאָלט וועל איך דאָרטן זיין. און השי״ת וועט העלפן.

אין דריי וואָכן אַרום איז דער בראָדער סוחר געקומען קיין באַלטע און איז תיכף אוועק צו ר׳ משה׳ן, הערן וואָס ער וועט אים זאָגן וועגן זיין ענין.

— רוף דעם באַלטער סוחר — זאָגט אים ר׳ משה — פאַר מיר לד״ת. כ׳וועל אויסהערן אייערע ביידנס טענות און אַרויסגעבן מיין פּסק.

זיינען ביידע סוחרים געקומען צו ר׳ משה׳ן לדין. צו אַזאַ טשיקאַווע דין־תורה איז געקומען אַ גרויסער עולם. דער בראָדער סוחר טענה׳ט, אַז ער האָט געהאַט אַ וועקסל אויפן באַלטער אויף טויזנט רובל און בטעות האָט ער אים דעם וועקסל אָפּגעשיקט. דער באַלטער סוחר טענה׳ט: להד״ם! — ער ווייסט ניט פון וואָס צו זאָגן.

ר׳ משה הערט די בעלי־דינים און הייסט ביידן אַרויסגיין. אַז זיי זיינען אַרויס, זאָגט ער צום עולם:

— קיינער זאָל זיך ניט דערוועגן אַוועקגיין פון דאַנען ביז נאָך דער דין־תורה. דעם טעם דערפון וועל איך אייך שפּעטער זאָגן.

און געהייסן אַריינרופן די בעלי־דינים.

אַז זיי זיינען אַריין, זאָגט ער צום באַלטער סוחר:

— כ׳הייס דו זאָלסט אָפּגעבן דעם אידן די טויזנט רובל.

— ס׳הייסט — ווערט יענער אין כעס — כ׳זאָל באַצאָלן וואָס איך בין ניט שולדיק? טויזנט רובל איז ביי אייך אַ קלייניקייט, רבי? אַחוץ דעם, וועל איך דאָך מיך אַליין מאַכן צו שאַנד און צו שפּאַט. לייט וועלן זאָגן, אַז ס׳איז טאַקע אמת, דער מענטש האָט געהאַט אויף מיר אַ וועקסל און איך האָב געלייקנט, וועט׳ן מיך האַלטן פאַר אַ רמאי. ניין, רבי, אַזעלכע זאַכן טו איך ניט.

— ווילסטו, הייסט׳ס — זאָגט ר׳ משה — אַ מופת? אָט האָסטו: פרייטאָג־צו־נאַכטס האָסטו פאַרברענט ס׳וועקסל אָן די ליכט, וואָס ס׳ווייב דיינס האָט געבענטשט לכבוד שבת.

ווי דער באַלטער סוחר האָט׳ס דערהערט, האָט ער אויפן אָרט אוועק־געע׳חלש׳ט.

אז מ׳האט אים אפגעמינטערט און ער איז געקומען צו זיך, זאגט אים ר׳ משה:

— זעסט, כ׳האב דיר באוויזן, אז ס׳איז דא א גאט אויף דער וועלט, וואס זעט אלץ און לאזט ניט פאלן דעם גערעכטן. שיק תיכף זאגן דעם ווייב, זי זאל ברייננגען אהער טויזנט רובל און גיב אפ דעם אידן די גזלה. דערפאר וועל איך מתפלל זיין, השי״ת זאל דיר מוחל זיין.

דער באלטער סוחר האט אזוי געטאן.

דא האט ר׳ משה געזאגט צום עולם:

— כ׳האב אייך אלעמען געהייסןווארטן ביז צום סוף. מחמת כ׳האב געוואוסט, אז אוועקגייענדיק פון דאנען, וועט איטלאכער פון אייך האבן צו דערציילן נסים ונפלאות און וועט זאגן: ניט אנדערש, א מלאך פון הימל האט דעם רבי׳ן מגלה געווען. האב איך אייך אלעמען אויפגעהאלטן, כדי אייך צו באווייזן דעם מלאך. איר זאלט אים זען מיט אייערע אייגענע אויגן.

דער עולם האט זיך אנגעהויבן ארומקוקן.

תוך־כדי־דיבור האט ר׳ משה געעפנט א דערבייאיק חדר, ארויסגעפירט פון דארטן א אינגל פון א יאר דרייצען און געזאגט צום עולם:

— זעט, אט דאס איז דער מלאך, וואס האט מיך מגלה געווען דעם סוד.

דער באלטער סוחר איז געבליבן שטיין א דערשלאגענער צום טויט. ס׳אינגל איז געווען זיינס א שוועסטערנזון, וואס האט זיך ביי אים אין שטוב געהאדעוועט.

— זאלסט ס׳אינגל ניט אנרירן — האט ר׳ משה אנגעזאגט דעם באל־טער סוחר — האדעווע אים ווי א געטרייער טאטע, וועט השי״ת דיר מוחל זיין.

ווי אזוי ר׳ משה סאווראנער איז דערגאנגען דורכן אינגל דעם אמת, איז די מעשה אזוי געווען:

בעת ר׳ משה איז געקומען קיין באלטע, האט ער זיך אנגעהויבן נאכ־פרעגן אויפ׳ן באלטער סוחר. ווער ס׳איז געקומען צו אים האט ער חוקר ודורש געווען: צי קען ער יענעם און יענעם סוחר? ווי פירט ער זיך אויף אנטקעגן גאט און לייט? אלע האבן געזאגט, אז ווי ווייט זיי קענען אים, איז ער אן ארנטלאכער סוחר און פירט זיך אויף ווי א איד. ר׳ משה האט זיך שוין כמעט מיאש געווען פונם גאנצן ענין.

איינמאל איז צו אים געקומען א מלמד. האט ר׳ משה אים אויך געפרעגט, צי ער קען יענעם און יענעם סוחר. ווייזט זיך ארויס, אז גראד דער מלמד קען אים זייער גוט, זיינס א שוועסטערנזון, א יתום, לערנט ביי אים.

— איז ער אַ ערנטלאַכער מענטש? — פרעגט ר׳ משה דעם מלמד.

— פירט זיך ווי אַ ערלאַכער איד — ענטפערט דער מלמד — יאָ, איינמאָל האָט עפּעס דער יתום דערציילט אין חדר, אַז ער האָט אַליין געזען, ווי דער פעטער זיינער האָט מחלל שבת געווען. איך אָבער, ווייס דאָך, אַז ס׳קען ניט זיין. מן הסתם האָט ס׳אינגל עפּעס געזען און ווייסט ניט וואָס ער האָט געזען. האָב איך אויף אים אָנגעשריען און ער האָט׳ס מער ניט דערציילט.

ר׳ משה׳ן זיינען די רייד אַריין אין זינען און ער האָט געהייסן דעם מלמד ברענגען צו אים ס׳אינגל און קיינעם ניט דערציילן.

דער מלמד האָט געבראַכט ס׳אינגל. ר׳ משה האָט פאַרשלאָסן די טיר, גענומען ס׳אינגל צו זיך און אים געזאָגט:

— האָב קיין מורא ניט, מיין קינד. דיר וועט קיין בייז ניט געשען. דו זאָג מיר נאָר דעם אמת. דער רבי דיינער האָט מיר געזאָגט, אַז דו האָסט געזען דיין פעטער מחלל־שבת־זיין. דערצייל־זשע מיר, ווי עס איז געווען.

מיט גרויס פּחד האָט ס׳אינגל אָנגעהויבן דערציילן:

— איינמאָל, פרייטאָג־צו־נאַכטס, בעת כ׳בין מיטן פעטער געקומען פון שול און אָנגעהויבן זאָגן „שלום־עליכם", האָט דער בריוונטרעגער אַריינגעבראַכט אַ פאַרמאַכטן בריוו. דער פעטער האָט מיר געגעבן עפענען דעם קאָנווערט און ער האָט אַרויסגענומען אַ בריוו מיט נאָך עפּעס אַ פּאַפּירל. ווי ער האָט דערזען ס׳פּאַפּירל האָט ער אַ שפּרונג געטאָן און אָנגעהויבן לייענען דעם בריוו. די בני־בית האָבן געזען, אַז דער פעטער וועט אַזוי גיך קיין קידוש ניט מאַכן, זיינען זיי זיך צוגאַנגען אין די חדרים. בלויז איך אַליין בין געבליבן שטיין הינטער די בגדים, וואָס זיינען געהאַנגען אויף דער וואַנט. האָב איך געזען, ווי דער פעטער האָט זיך אַרומגעקוקט, געכאַפּט ס׳פּאַפּירל און אָנגעצונדן אַן די שבת־ליכט.

— גיי אַהיים, מיין קינד — האָט ר׳ משה געזאָגט צום אינגל — האָב קיין מורא ניט. אין גיכן וועל איך דיך שיקן רופן.

ר׳ משה האָט תיכף אויסגערעכנט, אַז דער בריוו, וואָס איז אַרויסגעשיקט געוואָרן פון בראָד, איז פרייטאָג־צו־נאַכטס אָנגעקומען קיין באַלטע און אַז ס׳„פּאַפּירל" איז געווען ס׳וועקסל.



175

ר׳ משה סאַווראַנער איז אַמאָל געקומען אין אַ שטאָט אויף שבת. מאַכט זיך אין שטאָט אַזאַ מעשה:

ביי איינעם, אַ וויינשיינקער, איז אָנגעקומען אַ נייער משרת. האָט דער משרת געהאַט אָפּגעשפּאַרטע פופציק רובל, וואָס ער האָט אָנגעקליבן

איז משד פון יארן, געקליבן גראשן צו גראשן פון שווערער פראצע. ס׳געלט האט ער תמיד געטראגן מיט זיך, א חוץ שבת, פארשטייט זיך.

ערב־שבת פאר ליכט־בענטשן, איז דער משרת אראפ אין קעלער און פארבאהאלטן זיין געלט צווישן די פעסער וויין.

מוצאי־שבת נאך הבדלה, ער גייט אראפ אין קעלער — ס׳געלט איז ניטא. און היות ווי א חוץ ער און דער בעל־הבית פלעגט קיינער אין קעלער ניט גיין, איז ער ארויפגעלאפן מיט א געוויין צום בעל־הבית, ער זאל אים אפגעבן זיין געלט. יענער אבער קוקט אים אן. ער ווייסט ניט פון וואס צו זאגן. דער משרת וויינט, חלש׳ט, די פאר רובל איז זיין גאנץ אייגנס — דער בעל־הבית האלט זיך ביי זיינס, ער ווייסט ניט פון קיין פותר און פון קיין חלום. אדרבה, ער ווערט נאך אין כעס אויפ׳ן משרת, למאי טראכט ער אויס אויף אים א שקר־בלבול.

דער משרת זעט ס׳איז שלעכט, לויפט ער אוועק צו ר׳ משה סאווראנער און פאלט צו צו אים מיט תחנונים, ער זאל אים ראטעווען. ר׳ משה הערט אויס די מעשה, שיקט ער רופן דעם ווייגשיינקער. טענה׳ט יענער ווייטער ס׳אייגענע: ער ווייסט ניט פון וואס צו זאגן.

— האסטו ס׳געלט ניט גענומען? — פרעגט אים ר׳ משה נאך אמאל.

— ניין — האלט זיך שטייף דער ווייגשיינקער.

— אויב אזוי — זאגט ר׳ משה — קען דאך זיין, אז אן ערל האט ס׳געלט גענומען. וועל איך מוזן אויסרופן אן איסור אויפן גאנצן וויין דיינעם.

ווי דער ווייגשיינקער האט דאס דערהערט, איז אים געווארן פינסטער אין די אויגן. ס׳האט געשמעקט מיט א היזק פון כמה אלפים.

— רבי — האט ער גענומען שטאמלען א באגראבענער פון חרפה — איך... איך האב ס׳געלט גענומען.

— מיט וואס בין איך זיכער — לאזט אים ר׳ משה ניט אפ — אז דו האסט ס׳געלט גענומען און ניט קיין גוי?

— רבי — שווערט זיך דער ווייגשיינקער — זאל איך אזוי און אזוי, אויב כ׳זאג ליגן. מיט מיינע אייגענע הענט האב איך ס׳געלט ארויסגענומען פון צווישן די פעסער.

מיט יסורים, מיט לייד האט ער קוים גע׳פועל׳ט, אז ר׳ משה זאל אים גלויבן, אז ער האט גע׳גנב׳עט ס׳געלט...

✻

176 ר׳ פינחס־מיכאל, אנטיפאליער רב, איז געווען מפורסם פאר א פשטן ניט בלויז אין לערנען, נאר אויך אין וועלט־זאכן.

איינמאל איז געקומען צו אים א איד און אויסגעגאסן פאר אים זיין ביטער הארץ:

— רבי, כ׳בין אַ שרייבער אין אַ וואַלד. מיין בעל־הבית, דער וואַלד־סוחר, איז זייער אַ שלעכטער מענטש, ער וויל מיך אָפּזאָגן פון דער שטעלע. אויב ער זאָל מיך אָפּזאָגן — קומט מיר אויס צו נעמען אַ טאָרבע און גיין איבער די הייזער. גיט מיר, רבי, אַן עצה, וואָס זאָל איך טאָן.

— וואוינט איר — פרעגט אים ר׳ פּינחס־מיכאל — מיטן ווייב און קינד אין וואַלד?

— ניין — ענטפערט דער איד — ווי קען איך אַראָפּברענגען מיין ווייב און קינד, אַז איך אַליין הייננ אין דער לופטן און ווייס ניט, וואָס ס׳וועט מאָרגן זיין מיט מיר.

— טאָ פאָלגט מיין עצה — זאָגט אים ר׳ פּינחס־מיכאל — און שיקט תיכּף נאָכן ווייב און קינד, זיי זאָלן קומען צו אייך אין וואַלד.

— רבי — זאָגט דער איד — איר קענט ניט מיין בעל־הבית. ער איז אַ גרויסער כעסן און אַן אביר־לב. ווען ער וועט זען, אַז כ׳האָב אַראָפּגעבראַכט מיין הויז־געזינט, וועט ער מיך תיכּף אַרויסטרייבן מיט זיי.

— נישקשה, נישקשה — בארואיקט אים ר׳ פּינחס־מיכאל — טוט ווי איך הייס אייך און השי״ת וועט העלפן.

דער איד, ניט האָבנדיק קיין ברירה, האָט אַזוי געטאָן. ער האָט אַראָפּגעבראַכט זיין הויז־געזינט און געזעסן אין איין שרעק, וואָס וועט דער בעל־הבית איצטער זאָגן.

דער וואַלד־סוחר איז געקומען אין וואַלד, געזען, אַז דער שרייבער זיצט שוין מיטן הויז־געזינט, האָט ער זיך לכתחילה אַביסל געבייזערט, איז אָבער באַלד בעסער געוואָרן. ער האָט שוין דעם שרייבער ניט אָפּגעזאָגט, האָט נאָך אים געגעבן אַ הוספה, חתונה געמאַכט זיינס אַ טאָכטער און אַז מ׳האָט געענדיקט האַקן דעם וואַלד, האָט ער אים געגעבן אַ נייע שטעלע אין אַן אַנדער וואַלד.

דער איד איז געקומען צו ר׳ פּינחס־מיכאל׳ן און אים געדאַנקט פאַר דער קלוגער עצה.

— כ׳האָב עס געהאַלטן פאַר אַ דבר פשוט — זאָגט ר׳ פּינחס־מיכאל — אַ איד, אפילו אַן אכזר, וועט ניט האָבן קיין האַרץ אַרויסצוטרייבן אַ גאַנץ געזינט. אידן זיינען פאָרט רחמנים בני רחמנים.

❧

177

ר׳ אייזל חריף איז אַמאָל געווען סנדק אויף אַ ברית. ווען ס׳איז געקומען צו „ויקרא שמו בישראל״... און מ׳האָט געוואַרט דער בעל־ברית זאָל זאָגן, ווי ס׳קינד אַ נאָמען צו געבן, איז ער צעטומלט געוואָרן און פאַרגעסן דעם נאָמען, וואָס ס׳ווייב האָט אים אָנגעזאָגט. האָט ער געוואָלט גיין צו דער קימפּעטאָרן פרעגן, האָט אים ר׳ אייזל ניט געלאָזן און געהייסן ס׳קינד אַ נאָמען געבן אברהם.

נאך דער מילה איז דער בעל־הבית אריין צו דער קינפּעטאָרן און איר דערציילט, וואָס ס׳איז דאָ געשען, אַז ער האָט פאַרגעסן דעם נאָמען, האָט דער רב געהייסן אַ נאָמען געבן אברהם. זאָגט זי צו אים:

— כ׳האָב דיר דאָך טאַקע געהייסן אַ נאָמען געבען אברהם.

איז דער בעל־ברית אַרויס צום עולם און פאַר אַלעמען דערציילט דעם מופת. דער עולם האָט זיך גע׳חידוש׳ט, איינער האָט איבערדער־ציילט דעם אַנדערן, ביז ס׳איז אָנגעקומען צו ר׳ אייזלען. ער איז דאָך געווען אַ שאַרפער מתנגד פון רביים מיט מופתים. זאָגט ער צום עולם:

— איר מיינט טאַקע, אַז כ׳האָב געוואוסט מיט רוח־הקודש, ווי די יולדת האָט געוואָלט אַ נאָמען געבן? ס׳הויבט זיך ניט אָן. נאָר פּשוט, כ׳האָב געזען, אַז דער בעל־ברית איז אַ ת ר ח האָב איך געהייסן רופן דעם זון א ב ר ה ם...



*178*

צו ר׳ ליפּעלע ביאַליסטאָקער, דעם „עונג יום טוב“, זיינען אַמאָל גע־קומען צוויי אידן מיט אַ דין־תורה וועגן אַ שטיקל פּלאַץ. זיי זיינען געווען ביידע האַרטע בעלי־דברים און ר׳ ליפּעלע האָט ניט געקענט זיי אויס־גלייכן. איז ער מיט זיי אַוועק אָנקוקן דעם פּלאַץ.

קומענדיק אויפן אָרט האָבן די בעלי־דין איבער־אַ־נייס אָפּגעפרישט זייערע טענות און זיך אָנגעהויבן קריגן. האָט זיך ר׳ ליפּעלע איינגעבויגן מיטן אויער צו דר׳ערד און איז אַזוי געשטאַנען אַ היפּשע ווײַלע.

— וואָס טוט איר, רבי? — חידוש׳ן זיך די בעלי־דין.

— כ׳וועל אייך זאָגן — ענטפערט זיי ר׳ ליפּעלע — איר קריגט זיך איבערן שטיקל ערד. דער זאָגט: די ערד איז מיינע און דער זאָגט: די ערד איז מיינע. טראַכט איך מיר: לאָמיך הערן וואָס די ערד אַליין זאָגט. זאָגט זי גאָר: אַז איר ביידע זיינט אירע...



*179*

ר׳ שמואל סאַלאַנט, דער ירושלים׳ער רב, איז געווען אַ פּקח און האָט געוואוסט די וועלט.

איינמאָל האָט מען צו אים, אין בית־דין שטוב, אַריינגעפירט אַ צע־בלוטיקטן אידן מיט קולות:

— רבי, זעט, דאָס האָט יענער און יענער אים אַזוי צעשלאָגן. אַזאַ נבלה. זאָל דער רבי הייסן תיכּף אים אָפּשטעלן די חלוקה, ביז ער וועט ניט צייטן זיין.

רופט ר׳ שמואל דעם בית־דין־שמש זיינעם און זאָגט אים:

— לויף אַריבער צו יענעם און זע וואָס מיט אים איז.

איז דער עולם מתרעם:

— סטייטש, רבי, איר זעט דאָך אויף דעם אידן, וואָס יענער האָט געטאָן?

— ס׳קען זיין — ענטפערט ר׳ שמואל — אַז יענער האָט קיין כח ניט צו קומען אַהער...

❧

180

ר׳ שמואל סאַלאַנט האָט ניט געהאַלטן פון פראַווען גוט־אידישקייט, פון געבן ברכות און הייסן טאָן סגולות.

איינמאָל איז׳ן געקומען צו אים פון אַ מקשה לילד. ס׳איז סכנת נפשות. ס׳ווייבל גייט שוין צו קינד פון אינדערפרי אָן.

— האָט׳ן עפּעס געטאָן? — פרעגט ר׳ שמואל.

— שוין דריי מאָל דער דאָקטאָר געווען — זאָגט׳ן אים — געטאָן וואָס ער האָט געהייסן — קיין הילף איז אָבער נאָך אַלץ ניטאָ.

— גייט אַהיים — זאָגט ר׳ שמואל — אין אַ האַלבע שעה אַרום וועט זי געהאָלפן ווערן.

אין אַ דריי־פערטל שעה שפּעטער קומט׳ן צו ר׳ שמואל׳ן און מ׳זאָגט אים אָן:

— מזל־טוב, רבי! אייער ברכה איז מקוים געוואָרן אויפן האָר. צו דער האַלבער שעה איז די יולדת געהאָלפן געוואָרן.

דער עולם אַרום קוקט זיך איבער.

— איר זאָלט אייך ניט איינריידן — זאָגט ר׳ שמואל — אַז דאָ איז געשען אַ מופת. איטלאַכער פון אייך האָט געקענט באַווייזן אַזאַ מופת. מחמת ס׳איז דאָך אַ דבר פשוט. אַז ס׳ווייבל איז געגאַנגען צו קינד אַ האַלבן טאָג, דער דאָקטער איז געקומען, געגעבן רפואות, געטאָן מיטלען, וויפיל נאָך האָט געקענט געדויערן? נאָך אַ האַלבע שעה.

❧

181

צו ר׳ יהושע־לייב דיסקין האָט מען אַמאָל געבראַכט אַ ווייבל מיט אַ משונה׳דיק חולאת. אַזוי איז זי געווען געזונט און מיט אַלע חושים, נאָר זי האָט זיך איינגערעדט, אַז וואָס זי עסט און טרינקט שפּירט זי דעם טעם פון חלב, ביז זי האָט אינגאַנצן אויפגעהערט צו עסן און איז איינגעגאַנגען פון טאָג צו טאָג. מ׳איז אויסן געווען מיט איר ביי די גרעסטע דאָקטוירים און קיינער האָט ניט געוואוסט קיין תרופה. איז׳ן געקומען מיט איר צו ר׳ יהושע־לייב׳ן, וואָס איז געווען מפורסם פאַר אַ צדיק, ער זאָל זי העלפן.

ר׳ יהושע־לייב האָט אַנגעהויבן אויספרעגן ס׳ווייבל וועגן איר לעבן, איר יוגנט, צי האָט מיט איר ניט אַמאָל עפּעס געשען. האָט זי דערציילט אַזאַ מעשה:

אין דער יוגנט איז זי געווען אַ דינסט ביי איינעם, וואָס האָט געהאַט אַ קו. איר עובדא איז געווען צו מעלקן די קו פאַר אַ חלבֿ׳ן ליכט. האָט זיך געמאַכט, אַז ס׳ליכט איז אַריינגעפאַלן אין דער כלי מיט מילך. מורא האָבנדיק פאַר דער בעל־הבית׳טע, האָט זי די זאַך פאַרשוויגן און די מילך האָט מען פאַרניצט. אַזוי אַרום האָט זי מאכיל טרפות געווען — אַנגע־קאַרמעט אידישע קינדער מיט חלבֿ.

ר׳ יהושע־לייב האָט שוין פאַרשטאַנען פונוואַנען איר חולאת נעמט זיך. פרעגט ער זי:

— ווי גרויס איז געווען די כלי?

— אַרום אַ עמער — ענטפערט דאָס ווייבל.

— אויב אַזוי — זאָגט איר ר׳ יהושע־לייב — איז אַלץ געווען כשר, אי די מילך, אי די כלי און דו האָסט קיין עבירה ניט געטאָן.

דעם ווייבל איז אַראָפּ אַ שטיין פון האַרצן. זי האָט אָנגעהויבן עסן און טרינקען און איז אינגאַנצן געזונט געוואָרן.

❦

182 ר׳ שלום־בער קלעצקער איז געווען אַ גרויסער מקיל. זיין דיין איז אָבער געווען אַ מחמיר.

איינמאָל האָט זיך געמאַכט אַ שווערע שאלה. איז ר׳ שלום־בער געזעסן מיט׳ן דיין, געזוכט, געקלערט און אויפגעוויזן מיט ראיות, אַז ס׳איז כשר. דער דיין האָט ניט געוואָלט מסכים זיין. ער האָט אַ בפירוש׳ן אחרון, וואָס איז מחמיר. ר׳ שלום־בער איז זיך מיט אים ווייטער מפלפּל, ברענגט אים נאָך כמה וכמה ראיות כשר צו מאַכן — דער דיין האַלט זיך ביי זיינס: אַט שטייט בפירוש לחומרא.

— כ׳וועל אייך — זאָגט ר׳ שלום־בער — דערציילן אַ מעשה:

אין אַ שטעטל איז אַמאָל געווען אַ מוסר. האָט ער אָנגעטאָן גרויסע צרות. האָט קהל געוואָלט פּטור ווערן פון אים, האָט מען אים פאַרשריבן איין־און־צוואַנציק יאָר, כדי אים אָפּצוגעבן אין סאָלדאַטן.

איז געקומען דער פּריזיוו, קריגט דער מוסר אַ פּאַוועסטקע, ער זאָל ז״ך צושטעלן. קומט ער צולויפן און הויבט אָן טענה׳ן:

— סטייטש, ווי קום איך צום פּריזיוו, אַז כ׳בין שוין לאַנג אַריבער די יאָרן, כ׳בין שוין איבער פערציק.

— ביי אונז — ענטפערט׳ן אים — שטייסטו פאַרשריבן איין־און־צוואַנציק.

טענה׳ט ער ווייטער:

— ווי קען איך אלט זיין איין־און־צוואנציק, אז כ׳האב שוין א זון פון פינף־און־צוואנציק — און לויפט תיכף אוועק און ברייננגט מיט זיך זיין זון, וואס איז שוין אליין א טאטע פון קינדער.

נאטשאלסטווא האלט זיך אבער ביי איהרם:

— וואס מיר זון, וואס מיר קינדער? אט דא שטייט בפירוש, אז דו ביזט אלט איין־און־צוואנציק יאר.

און מ׳האט אים אפגעגעבן פאר א סאלדאט...

❦

183

צו ר׳ אברהם זשעטלער זיינען אמאל געקומען די קצבים מיט א שווערע שאלה. ס׳איז געווען פאר פסח, בעת שטעטל דארף האבן פלייש און די קצבים זיינען געווען געזונטע ארימעלייט, ס׳געלט אויפן אקס האבן זיי געבארגט און געליען — האט ר׳ אברהם געוואלט מכשיר זיין. לויטן רמ״א אבער האט׳ן עס ניט געקענט כשר מאכן. האט ער אזוי לאנג גע־זוכט, ביז ער האט געפונען עפעס א קולא אין א שפעטערדיקן אחרון. זאגט ער צום דיין:

— לאמירביידע נעמען אויף זיך: איך אביסל, איר אביסל, און כשר מאכן.

— חלילה וחס — האט זיך דער דיין אפגעשאקלט — קעגן רמ״א?

האט ר׳ אברהם אליין כשר געמאכט.

— היתכן? — פרעגט אים דער דיין — האט איר אזעלכע ברייטע פלייצעס זיך צו שטעלן קעגן רמ״א?

— כ׳וועל אייך זאגן — ענטפערט אים ר׳ אברהם — ווען כ׳וואלט טריף געמאכט, וואלט איך אויפן עולם האמת געהאט צו טאן מיט די קצבים. זיי וואלטן מיך געשלעפט פארן בית־דין של מעלה און גע׳טענה׳ט, כ׳האב זיי בדלות געשטעלט. ס׳געלט איז געווען געליענע. ס׳טריפה פלייש האבן זיי געמוזט פארקויפן מיט היזק. היינט גיי טענה זיך אוים מיט פראסטע אידן. איצט, אז כ׳האב כשר געמאכט, וועל איך האבן צו טאן מיטן רמ״א. נישקשה, מיט אזא גאון און צדיק ווי ער וועל איך שוין דורכקומען...

❦

184

ר׳ מאיר־מיכל שאטער האט מורא געהאט צו פסק׳נען א שאלה, טאמער פסק׳נט ער ניט ווי דער דין. דערפאר האט ער זיך אפגעזאגט פון שאטער רבנות און קיינמאל מער קיין רב ניט געווען.

איינמאל האט׳ן אים געזען, ווי ער איז נאכגעלאפן אין גאס א אידן, וועמען ער האט טריף געמאכט אן עוף און זיך געבעטן, יענער זאל נעמען ביי אים געלט פארן עוף...



*185*

ר׳ ירוחם־לייב, דער מינסקער „גדול", איז אמאל געווען אויף א חתונה. נאך דער חופה האבן זיך חתן־כלה צעקושט. האט דער גדול שטארק מקפיד געווען.

— ס׳טייטש, רבי — פרעגט׳ן אים — ס׳איז דאך שוין נאך דער חופה, מאן און ווייב.

— יא, — מאכט דער גדול — אבער „לעיני כל ישראל" איז א סוף פון דער תורה *...



*186*

פאר ר׳ משה־איצל פאניוועזשער איז אמאל געקומען א טשיקאווע דין־תורה.

צוויי אידן האבן פארן לעבן געקויפט קברים אויפן בית־עולם. איז געווארן ביי זיי א סכסוך, איטלאכער האט געוואלט דעם בעסערן, דעם שענערן קבר. פלעגן זיי זיך תמיד ארומקריגן, ביז זיי זיינען געקומען זיך לאדן פאר ר׳ משה־איצלען.

ר׳ משה־איצל האט אויסגעהערט די טענות און גע׳פסק׳נט:

— וועד ס׳שטארבט פריער — דער באקומט דעם בעסערן קבר...

פון דעמאלט אן האבן זיי זיך מער ניט געקריגט.



*187*

בעת ר׳ אליה־ברוך איז געווען רב אין מיר, איז אמאל געקומען צו אים א דינסטמיידל מיט א הילצערן לעפל אין האנט פרעגן א שאלה.

— רבי, כ׳האב מיך געאיילט אפקאכן ווארימעס, איז פון גרוים איי־לעניש האב איך מיטן מילכיקן לעפל אויסגעמישט ס׳פליישיקע טעפל.

ר׳ אליה־ברוך זעט, אז ס׳לעפל איז נאך גאר א נייס.

— האסטו שוין — פרעגט ער דעם מיידל — געניצט ס׳לעפל אין מיל־כיקן?

— ניין, רבי — ענטפערט זי — ס׳א ניי לעפל.

* די תורה לאזט זיך אויס מיט די ווערטער „לעיני כל ישראל" — פאר אלע אידן אין די אויגן.

— טא פונוואנעז־זשע ווייסטו — פרעגט ער זי — אז ס׳איז א מילכיקס?

— ס׳הייסט פונוואנען? — חידוש׳ט זיך ס׳מיידל — דער בעל־הבית האט׳ס נעכטן אנגעקארבט. אט זיינען די קארבן.

ר׳ אליה־ברוך האט קיין שמייכל ניט געטאן, געזאגט דעם מיידל:

— ס׳איז כשר, נאר זאלסט אפרייבן די קארבן און ניצן ס׳לעפל אין פליישיקן...

❦

188

צו ר׳ חיים בריסקער איז׳ן אמאל געקומען מיט אזא שאלה:

איינער, וואס איז ידוע פאר א גנב, מאכט א שמחה. צי מעג׳ן ביי אים עסן?

האט ר׳ חיים געהייסןווארטן א ווייל און געשיקט רופן צו זיך דעם רבי׳ן פון די גנבים אין בריסק.

יענער איז תיכף געקומען. דער רב רופט איז ר׳ חיים מיט אים אריין אין א חדר מיוחד און אים געזאגט:

— הער זיך איין, כ׳וויל ביי דיר עפעס פרעגן, זאלסט מיר אבער זאגן דעם אמת. דו ווייסט דאך, אז פאר מיר דארפסטו קיין מורא ניט האבן.

— יא, רבי, פרעגט — זאגט דער גנב — אייך וועל איך זאגן דעם ריינעם אמת.

— זאג־זשע מיר — פרעגט אים ר׳ חיים — ווי איז, אז ס׳קומט אוים צו גיין גנב׳ענען אום שבת?

— גייט׳ן — ענטפערט דער גנב געלאסן.

— ווי איז, אז מ׳דארף אנצינדן פייער?

— צינדט׳ן אן.

— אז מ׳דארף ברעכן א שלאס?

— ברעכט׳ן.

— זאג־זשע מיר — פרעגט ווייטער ר׳ חיים — ווי איז, אז ס׳קומט אוים צו גיין גנב׳ענען ביי א גוי?

— וואס איז א גוי? — שמייכלט דער גנב מעשה וואוילער יונג — גוי׳ש געלט איז קיין געלט ניט?

— ווי איז, אז איר געפינט ביי א גוי א זייט טריפה פלייש, אדער א שטיק חזיר?

— נעמט׳ן צו.

— וואס טוט איר מיט דעם?

— מ׳פארקויפט׳ס א גוי.

— פארוואס עסט איר׳ס ניט אליין?

— ס׳הייסט? — חידוש׳ט זיך דער גנב — עסן טריפות? חזיר?
— זע — זאגט אים ר׳ חיים — גנב׳ענען ביי יענעם איז רעכט, אָנ־צינדן פייער און ברעכן שלעסער אום שבת — איז רעכט; וואס איז טרפות עסן אנדערש?
— זאלט איר געזונט זיין, רבי — באַליידיקט זיך דער גנב — איר זאלט׳ס זאגן? גנב׳ענען איז אונזער פּרנסה. און אז ס׳קומט אוים שבת, וואס זאל׳ן טאן? אבער עסן טרפות? — וואסי, מיר זיינען, חלילה, קיין אידן ניט?
— קענסט גיין געזונטערהייט — זאגט אים ר׳ חיים.
א ווײַלע שפּעטער איז ר׳ חיים אַרוים צו די וואס ווארטן און גע־ענטפערט די שאלה:
— מ׳מעג עסן.

## אויף דער בימה

*189*

דער דובנער מגיד, ר׳ יעקב קראַנץ, איז, כידוע, געווען א גרויסער בריה אויף משלים. זיין דרך איז געווען אַלץ ממתיק צו זיין מיט א משל.
איינמאל האט׳ן אים געבעטן, ער זאל לערנען פאַרן עולם „משלי“, אבער אן משלים.
— וועל איך אייך — זאגט דער דובנער — קודם זאגן א משל.
איינער האט אמאל גענומען א גוטן איידים און אים געגעבן עסן קעסט. נאך דעם משך פון די קעסט, זאגט דער שווער צום איידים:
— מיין קינד, ביז איצט האָב איך דיך אויסגעהאַלטן. איצט איז די צייט, דו זאלסט אַליין אנהויבן צו טאָן. געלט האָסטו, גיי אַרוים אין מאַרק און הויב אָן צו האנדלען. נאָר היות דו ביזט נאָך ניט געניט אין מסחר, וועל איך דיר געבן א כלל. אז דו וועסט קויפן סחורה, זאָלסטו תמיד גוט אכטונג געבן, צי די סחורה האָט ניט קיין לעבער. אויב ס׳האָט לעבער — זאָלסטו׳ס אין האַנט ניט נעמען.
דער איידים איז אַרוים אין מאַרק, זיך געזאַמט א היפשע ווײַלע און געקומען אַהיים.
— האסטו — פרעגט אים דער שווער — עפּעס איינגעהאַנדלט?
— ניין — ענטפערט דער איידים — ס׳האָט זיך מיר געמאַכט צו קויפן לייוונט, איז׳ס אָבער געווען הוילע לעבער.
— האסט גוט געטאָן — זאָגט אים דער שווער — געלעכערט לייוונט איז קיין סחורה ניט.

אויף מארגן איז ער ווייטער ארוים אין מארק און ווידער געקומען מיט ליידיקן.

— היינט — דערציילט ער דעם שווער — האָט׳ן מיר אָנגעבאָטן צו קויפן פעלץ. אז איך האב גוט אכטונג געגעבן האב איך געזען, אז ס׳איז צעלעכערט. האב איך ניט געקויפט.

— זייער וואויל געטאן — זאגט דער שווער.

אויפן דריטן טאג קומט ער פון מארק און דערציילט:

— היינט האט זיך מיר געמאכט צו קויפן נאָדלען, האָט אָבער איטלאך נאָדל געהאט א לאך. קיין איינע ניט געווען קיין גאנצע. האב איך ניט געקויפט.

— שוטה איינער — בייזערט זיך אויף אים דער שווער — נאָדלען מוזן האבן לעכער. דאס איז זייער מעלה. אָן לעכער טויגן זיי ניט.

דער נמשל:

„משלי" קען מען גארניט אנהויבן צו פארשטיין אָן א משל.



*190*

מ׳האט אמאל געפרעגט דעם דובנער מגיד:

— רבי, איר זאגט דאך אייערע דרשות צו שטראָפן דעם עולם, ער זאל ווערן פרימער, בעסער, טא פארוואס נעמט איר געלט פארן זאגן?

— השם יתברך — ענטפערט דער דובנער — שטראָפט אויך ניט אומ־זיסט...



*191*

אין טיקטין איז אמאל געווען א מגיד. איז ער אריין צום רב, ר׳ מאיר׳ל, נעמען ביי אים רשות צו האלטן א דרשה אין שול. ר׳ מאיר׳ל האט אים געגעבן רשות צו זאגן און איז אליין געגאנגען אים הערן.

דער מגיד האט געהאלטן א פייערדיקע דרשה, ווי אמאליקע מגידים, גע׳מוסר׳ט דעם עולם אויף די גרויסע חטאים בין אדם למקום ובין אדם לחבירו, און מעורר געווען צו תשובה.

די גאנצע צייט פון דער דרשה איז ר׳ מאיר׳ל געשטאנען, געהארכט איטלאכס ווארט און געגאסן מיט טרערן.

נאך דער דרשה, אז דער עולם איז זיך צוגאנגען, זאגט ר׳ מאיר׳ל צום מגיד:

— א יישר כח אייך פאר אייער תוכחה. אבער פארוואס האט איר מיך מבייש געווען ברבים? איר האט דאך געקענט מיך מוכיח זיין בינינו לבין עצמנו?

— וואס רעדט איר, רבי — ציטערט דער מגיד פון פחד — כ׳האב אייך, חלילה, געמיינט? כ׳האב געמיינט דעם עולם.

— נייז — זאגט ר׳ מאיר׳ל בתמימות — אידן זיינען אלע קרושים. אז איר האט גערעדט מכח חטאים און עבירות, האט איר געמיינט מיך אליינעם, וואס איז א חוטא ופושע...

✱

192

א מגיד איז אמאל געקומען אין טיקטין זאגן א דרשה. האט ער אנגעהויבן זאגן מוסר דעם עולם פאר וואס זיי גיבן פאלשע וואג און מאס.

איז ר׳ מאיר׳ל ארויף אויף דער בימה און געזאגט:

— רבונו־של־עולם, הער ניט וואס ער זאגט, ס׳איז קיין וואר ווארט ניטא אין זיינע רייד. אידן זיינען נזהר אין מדות און משקלות און גיבן א ריכטיקע וואג און מאס...

✱

193

א מגיד איז אמאל געקומען אין פרעמישליאן. האט ער געזאגט א דרשה אין שול און זייער אויסגענומען ביים עולם. נאך דער דרשה האט׳ן אים געמאכט עטלאכע רייניש און אים געגעבן, ווי א מגיד.

פארן אפפארן פון שטעטל איז ער אריין צום רב, ר׳ מאיר׳ל, זיך זעגענען. ר׳ מאיר׳ל האט אים מקבל געווען בסבר־פנים־יפות און אים געבעטן זיצן. זעט דער מגיד, ווי ס׳קומט א גרויסער עולם מיט קוויטלאך, דער ארוים און דער אריין און איטלאכער גיט א פדיון, טייל — גאר גרויסע פדיונות. אין א פאר מינוט איז דער טיש געווען פארלייגט מיט זילבער און גאלד.

— זעט, רבי — זאגט דער מגיד צו ר׳ מאיר׳ל׳ען — צו מיר קומט אן עולם און צו אייך קומט אן עולם. מיך פטור׳ט׳ן אפ מיט פרוטות און אייך גיט׳ן גאלד און זילבער.

— כ׳וועל דיר זאגן — ענטפערט אים ר׳ מאיר׳ל — מיר האבן ביידע א השפעה אויף אונזער עולם. איך האב געלט פיינט בתכלית השנאה, ביז איך אזוי משפיע אויף מיין עולם, קריגט ער אויך פיינט געלט און גיט׳ס אוועק. דו, אבער, ביזט א אוהב־ממון, האסט זייער ליב געלט, ביזטו אזוי משפיע אויף דיין עולם, קריגט ער נאך מער ליב ס׳געלט זיינס און רוקט׳ס טיפער אין קעשענע אריין...

✱

194

בעת ר׳ יאנקעלע חריף איז געווען שטאט־מגיד אין ווילנע האט ער, לויט׳ן ווילנער מנהג, געמוזט מספיד זיין איטלאכן מת אין שטאט. זיין דרך איז געווען זאגן אויף א מת בלויז שבחים.

איינמאל איז אין ווילנע געשטארבן א רייכער בעל־הבית, וואס איז געווען ידוע אין שטאט פאר א קמצן גדול, און אביר־לב. ער האט א פרוטה

צדקה ניט געגעבן, אַז אָרימאַן אויפֿן שוועל ניט אַרויפֿגעלאָזן. איז דער עולם געווען טשיקאַווע צו הערן, וואָס וועט ר׳ יאַנקעלע אויף אים זאָגן.

ר׳ יאַנקלע האָט אָבער געפֿונען אויף אים אַ שבח. ער האָט קיינמאָל ניט געהעכערט קיין דירה־געלט זיינע שכנים.

און אויף דעם האָט ר׳ יאַנקעלע געזאָגט דעם גאַנצן הספד...



195

בעת ר׳ יאָשע־בער בריסקער איז נפטר געוואָרן און אין אַלע שטעט, בכל תפוצות ישראל, האָט מען געמאַכט גרויסע הספדים, האָבן די מינסקער פרנסים געבעטן דעם שטאָט־מגיד, ר׳ ישראל האַראַדנער, ער זאָל מספיד זיין דעם בריסקער רב. האָט זיך ר׳ ישראל אָפּגעזאָגט. ער איז ניט אינגאַנצן געזונט — האָט ער געזאָגט — און קען קיין הספד ניט מאַכן.

גראָד אויף מאָרגן איז אין מינסק געשטאָרבן ווענגראַוו, וואָס איז געווען מפורסם אין שטאָט פאַר אַן אפיקורס, אַ מומר־להכעיס און האָט געהאַט צוויי קינדער משומדים. ר׳ ישראל איז געגאַנגען צו דער לויה און אויפֿן בית־עולם האָט ער דעם מת מספיד געווען, ווי ס׳איז געווען איינגעפֿירט אין מינסק, אַז דער שטאָט־מגיד איז מחויב מספיד זיין אַלע מתים.

איז געוואָרן אַ רעש אין שטאָט און מ׳האָט ר׳ ישראל׳ן פֿירגעהאַלטן:

— סטייטש, מגיד, נעכטן, אַז מ׳האָט געדאַרפֿט מספיד זיין דעם בריסקער רב, זיינט איר געווען אַ חולה, און היינט, מספיד זיין דעם טריפֿ־ניאַק, זיינט איר שוין געוואָרן געזונט.

— וואָס חידוש׳ט איר אייך ? — ענטפֿערט ר׳ ישראל — זאָגן אַ הספד אויף ווענגראַוו׳ן קען איך אפֿילו קראַנקערהייט, ס׳קאָסט מיר קנאַפּ־וואָס געזונט. אָבער מספיד זיין אַזאַ גרויסן גאון, ווי ר׳ יאָשע־בער, וואָס איז אַ שווערע אבדה פאַר כלל ישראל, האָב איך אפֿילו געזונטערהייט אויך קיין כח ניט...



196

ר׳ ישראל האַראַדנער, מינסקער שטאָט־מגיד, איז אויף דער עלטער געווען בלינד און אָרים. די לעצטע יאָרן זיינע האָט ער זיך געוואַלגערט אין אַ קליינעם בית־מדרש אין מינסק, לעבן אַלטן בית־עולם.

אַז מאַסליאַנסקי איז געקומען קיין מינסק, איז ער געגאַנגען געוואויר ווערן ר׳ ישראל׳ן. שמועסנדיק מיט אים האָט מאַסליאַנסקי באַדויערט זיין מצב, צו וואָס ער איז געקומען אויף די עלטערע יאָרן.

— דאַס טו איך אַ חסד־של־אמת — שמייכלט ר׳ ישראל — מיט חברה קדישא. דער בית־הקברות איז דאָ דערביי, וועלן זיי ניט האָבן קיין טרחה מיך ווייט צו טראָגן...

197

דער סלוצקער מגיד, „משה ידבר“, איז געווען א איד א בעל־צורה, געהאט א שיינעם הדרת פנים, געגאנגען בכבוד׳יק אנגעטאן און אויסגעזען ווי א רב.

פארנדיק אמאל אויף דער באן איז ער אריין אין א וואגאן, אן אנגעפאקטן מיט אידן. אפילו צו שטיין איז קיין ארט ניט געווען. ווי ער איז אריין, איז געווארן א געמורמל:

— א רב! א רב!

און דער עולם האט זיך צענויפגעקוועטשט און אים געמאכט א וועג.

איינער, וואס איז געזעסן, האט זיך אויפגעהויבן און אים אפגעגעבן זיין ארט:

— זיצט, רבי.

דער מגיד האט זיך געזעצט.

הויבט זיך אן, ווי דער שטייגער ביי אידן, א שמועס:

— פונוואנען פארט איר, רבי?

— וואוהין?

— וואו זיצט איר אויף רבנות?

— כ׳בין ניט קיין רב — זאגט ר׳ משה — כ׳בין סלוצקער מגיד.

ווי ער האט׳ס ארויסגערעדט, גייט צו דער איד, וואס האט אים אפגעגעבן זיין ארט און זאגט:

— זייט־שע מוחל, ר׳ איד, דער ארט איז א פארנומענער.

דער מגיד האט זיך נעבאך געמוזט אויפהויבן און שטיין דעם גאנצן וועג אויף די פיס...

❦

198

א מטיף, וואס האט געהאט א שם פאר ניט קיין ירא שמים, איז אמאל געקומען קיין בריסק, האט ר׳ חיים אים ניט געלאזן זאגן.

איז דער מגיד געקומען צו ר׳ חיים׳ען מיט א טענה:

— סטייטש, רבי, פארוואס לאזט איר מיך ניט זאגן? מיינע דרשות זיינען כשר בתכלית הכשרות, כ׳זאג א פסוק, א מאמר חז״ל, רייד וועגן אידישקייט.

— פארשטייט איר מיך — מאכט ר׳ חיים — פלייש, וואס איז גע־שחט׳ן כדין וכדת, אן א ברעקל סירכה, געטרייבערט און געזאלצן, ווערט׳ס פונדעסטוועגן טריף, אויב ס׳קאכט זיך אין א טריף טעפל...

## ביים עמוד

*199*

בעת ר׳ שבתי כהן, דער ש״ך, איז געווען פרנס אין ווילנע, האט שטאט געדארפט נעמען א חזן. האט דער ש״ך געוואלט מאכן פאר שטאט־חזן ר׳ משה רבקה׳ס, דעם „באר הגולה״, וועלכער איז געווען א גרויסער למדן און אן ארימאן אן אביון.

— סטייטש, רבי — טענה׳ן די אנדערע פרנסים — משה רבקה׳ס האט דאך קיין קול ניט?

— על־פי־דין — ענטפערט דער ש״ך — דארף א חזן האבן די מעלות: ער דארף זיין א למדן, א ירא־שמים, א הדרת־פנים און האבן א שיין קול. ר׳ משה רבקה׳ס האט אלע איבעריקע מעלות, טא וואס־זשע איז, אז ס׳פעלט אים די איין מעלה פון קול? וואו וועט איר׳ס קריגן א חזן מיט אלע מעלות?...



*200*

סלאנים האט געהאט א שם מיט אירע חזנים. זיי האבן זיך אבער דארט לאנג ניט געהאלטן. ווי א סלאנימער חזן איז געווארן מפורסם, איז געקומען א גרעסערע שטאט, געגעבן אים גרעסערע שכירות און אים ארויסגענומען.

בעת יאשע סלאנימער איז דארט אנגעקומען פאר א חזן, האט די שטאט שוין געוואלט דאס מאל זיך באווארענען, אז מ׳זאל דעם חזן אזוי גיך ניט אוועקנעמען. האט׳ן גערופן אן אסיפה און ס׳איז גע־בליבן, אז דער חזן זאל חתמ׳ענען א כתב, וואס זאל אים בינדן צו בלייבן אין סלאנים פאר א משך פון יארן. זיינען די פרנסים געקומען צום רב, ר׳ אייזל חריף, זיך שואל־עצה־זיין מיט אים, ווי זאל׳ן דעם כתב שרייבן, אז מ׳זאל זיין באווארנט מיטן נייעם חזן.

— כ׳וועל אייך — זאגט ר׳ אייזל — דערציילן א מעשה:

אין א שטעטל האט׳ן געמאכט א נייעם בית־עולם. ווי דער שטייגער, וויל קיינער ניט ליגן דער ערשטער אויף א בית־עולם. האט חברה קדישא געלאזט מכריז ומודיע זיין, אז דעם ערשטן מת, מיט וועמען מ׳וועט מחנך זיין דעם נייעם בית־עולם, וועט׳ן מקבר זיין אן א פרוטה און די יורשים וועלן נאך קריגן צוגעצאלט הונדערט גילדן. ס׳איז אבער אוועק א שטיק צייט — און דער נייער בית־עולם איז ניט נתחנך געווארן. ווער ס׳איז געשטארבן האט געלאזן בצוואה, אז מ׳זאל אים, למען־השם, לייגן אויפן אלטן בית־עולם און ניט אויפן נייעם.

אין שטעטל איז געווען א איד אן ארימאן, א פריילאכער קבצן. איז געקומען פאר פסח — האט ער ניט געהאט אויף יום־טוב. האט ס׳ווייב אים אנגעהויבן יארן:

— וואס וועט זיין? ס׳איז שוין ערב פסח און אין שטוב איז נאך ניטא קיין סימן פון קיין יום־טוב.

— כ׳האב אן עצה — זאגט ער — דו זאלסט מיך נאר פאלגן און טאן וואס איך הייס דיר. איך וועל מיך מאכן געשטארבן און דו גיי אוועק צו חברה קדישא און זאג, אז כ׳האב פארן טויט מסכים געווען צו ליגן אויפן נייעם בית־עולם, וועסטו קריגן די הונדערט גילדן, וועלן מיר האבן א שיינעם פסח.

הכלל, ס׳ווייב האט אזוי געטאן.

זי האט אים אויסגעבעט אויף דר׳ערד, אויף א פאר שטרוי, צוגע־דעקט מיט א ליילאך, געשטעלט ליכט צוקאפנס און א פארוויינטע איז זי אוועק צום גבאי פון חברה קדישא.

דער גבאי האט זיך דערפרייט, איר תיכף אויסגעצאלט די הונדערט גילדן און געשיקט די שמשים מיט די מתעסקים טאן דעם מת זיין רעכט.

קיין גרויסע לויה האט דער ארימאן, כדרך הטבע, ניט געהאט. אין שטעטל זיינען נאך נאכגעגאנגען א פאר מענטשן. אונטערן עירוב זיינען געבליבן בלויז די צוויי שמשים מיט דער עגלה.

פארבייפארנדיק א שיינק, האבן די שמשים געלאזט שטיין די עגלה און אריין אין שיינק, טאן א טרונק בראנפן, ווי שמשים זיינען געוואוינט. דער „מת" האט אפגעווארט די מינוט און ווי די שמשים זיינען אריין אין שיינק, איז ער ארויס פון דער עגלה און אנטלאפן אהיים.

די שמשים גייען ארויס פון שיינק, אביסל מבוסמ׳דיק, ווייסן פון קיין זאך ניט, זעצן זיך אויף דער עגלה און פארן אוועק צום נייעם בית־עולם.

זיי קומען אויפן בית־עולם, נעמען אראפ דעם ארון — א חורבן! דער ארון איז ליידיק. ניטא דער מת.

די שמשים ווערן תיכף אויסגעניכטערט און מאכן אפ צווישן זיך פארשיטן דעם קבר א ליידיקן און האלטן די זאך בסוד.

דעם אייגענעם טאג האט דער „מת" איינגעקויפט מצה און פיש און פלייש און וויין און גאנץ שטעטל האט געקלונגען מיטן שפיצל, וואס ער האט אפגעטאן דער חברה קדישא.

א צייט שפעטער איז אן אנדער ארימאן אין שטעטל געשטארבן. די לויה איז אויך געווען א קליינע און די שמשים זיינען געבליבן אליין מיט דער עגלה. פארבייפארנדיק דעם שיינק ווילן זיי אריינגיין נעמען א טרונק בראנפן.

— איצט — זאָגט איינער צום אַנדערן — וועלן מיר זיך שוין באַ־וואָרענען. דער מת וועט שוין פון אונז ניט אַנטלויפן.

און זיי נעמען אַרויס אַ גראָבן שטריק און הויבן אָן אַרומבינדן די עגלה.

שטייט איינער, אַ קלוגער, פון דער זייט און לאַכט:

— שוטים שבעולם, יענעם, דעם לעבעדיקן, האָט איר געדאַרפט בינדן, ער זאָל ניט אַנטלויפן. דער איז אַן אמת'ער מת, אַ בר־מינן, אים דאַרפט איר ניט בינדן, ער וועט פון אייך ממילא ניט אַנטלויפן.

איר פאַרשטייט — פירט אויס ר' אייזל צו די פּרנסים — יענעם חזן האָט איר געדאַרפט בינדן מיט אַ כתב, ער זאָל פון סלאָנים ניט אַוועק. דעם חזן דאַרפט איר ניט בינדן, ער וועט פון סלאָנים ניט אַוועקגיין — קיינער וועט אים ניט אויסכאַפּן....



201

אַ חזן איז אַמאָל געקומען צו פּראָפעסאָר פרידמאַן, בודאַפּעשטער חזן, ער זאָל אים אויסבאָרגן אַ משורר פון כאָר זיינעם, מחמת ער גרייט זיך צו דאַוונען שבת אין אַ נייע קהלה און ס'פעלט אים אויס אַ משורר.

— לאָמיך הערן — זאָגט פרידמאַן — אייער שטים, וועל איך וויסן וואָסער משורר אייך צו געבן.

דער חזן לאָזט זיך ניט בעטן און ווייזט וואָס ער קען. פרידמאַן הערט — אַ פּוסטע כלי, ניט קיין קול, ניט קיין נגינה.

— ווי כ'זע — זאָגט פרידמאַן — פעלט אייך אויס ניט קיין משורר נאָר אַ חזן — און קיין חזן האָב איך ניט...



202

אַ חזן איז אַמאָל געקומען צו פּראָפעסאָר פרידמאַן און זיך געקלאָגט, אַז ער האָט פאַרלאָרן דעם קול זיינעם און מוז אַצינד אָנקומען צו לייטן.

נעמט אַרויס פרידמאַן אַ רייניש און גיט אים.

קנייטשט זיך יענער. אַזאַ קליינע נדבה.

— פאַרשטייט איר — זאָגט אים פרידמאַן — כ'האָב צוויי רייניש אין קעשענע. איינעם האָב איך אייך געגעבן, איר האָט פאַרלאָרן, נעבאַך, אייער שטים; דעם צווייטן האַלט איך פאַר דעם וואָס וועט זי געפינען...



203

צלאל אָדעסער, דער חזן מפורסם, איז געווען אַ גרויסער חשוב ביים סאַווראַנער צדיק. ער פלעגט דאַוונען אין סאַווראַנער הויף און דער רבי האָט אים זייער שטאַרק מקרב געווען.

איינמאָל איז עפּעס צלאל נכשל געוואָרן אין אַן עבירה, רחמנא ליצלן. אַז דער סאַווראַנער איז דערפון געוואויר געוואָרן, האָט ער צלאל׳ן מעביר געווען פון חזנות.

אַז צלאל איז צו אים געקומען, האָט אים דער סאַווראַנער געזאָגט:

— אי, צלאל, צלאל, איך הויב דיך און דו לייגסט זיך...



204

צלאל אַדעסער איז געווען אַ גרויסער פּקח און אַ וויצלינג.

איינמאָל פרעגט אים אַ יונגערמאַן:

— זאָגט מיר, חזן, וואָס איז דער שכל, וואָס בעת איר זינגט, האַלט איר דעם פינגער אונטער דער געמבע.

— אַזוי? — חידוש׳ט זיך כלומר׳שט צלאל — ווילסט טאַקע וויסן? הער אַ מעשה. פּופּציק יאָר האַלט איך דעם פינגער אונטער דער געמבע — און ווייס ניט פאַר וואָס, און דו, אַ יונגער שנעק, ווילסט וויסן אין איין רגע...



205

בעת מ׳האָט געבויט די גרויסע שול אין אָדעס, איז שוין צלצאל געווען אַ זקן. אַז די שול איז פאַרטיק געוואָרן, איז דער עולם זי געגאַנגען זען אויף חידושים. ס׳איז געווען אַ בנין נפלא, האָט אָפּגעקאָסט דריי־הונדערט־טויזנט רובל.

אַז צלאל איז געקומען אין דער נייער שול, האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט און געזאָגט:

— שול, שול! וואָס קומט מיר אַרויס פון דעם, וואָס דו ביזט יונג און שיין, אַז איך בין אַלט און פאַר׳חושכ׳ט. ליבערשט וואָלט איך געווען יונג און שיין און דו אַלט און פאַר׳חושכ׳ט...



206

אויף דער עלטער, בעת צלאל האָט אָנגעוואוירן דעם קול און ניט געהאַט קיין צייז, האָט׳ן אים מעביר געווען פון חזנות. פלעגט ער דאַוונען ימים נוראים אין קליינע שולכלאַך.

איינמאָל האָבן אים געוואָלט נעמען אויף ימים־נוראים צוויי שולכלאַך, איינע פון די „ליוועראַנטן" (פערד־הענדלער), די אַנדערע — פון די קצבים. איז צלאל געגאַנגען צו די קצבים.

— פאַרוואָס, חזן — פרעגט׳ן אים — זיינט איר געגאַנגען צו די קצבים און ניט צו די ליוועראַנטן?

— פארשטייט איר מיך — ענטפערט צלאל — ליוועראנטן קוקן זייער סחורה אין די ציין, האב איך מורא געהאט, זיי וועלן מיך בראקירן. קצבים קוקן זייער סחורה אין הינטן. דא, בין איך זיכער, אז איך וועל ביי זיי אויסנעמען...



207

ניסן בלומענטאל, דער אדעסער חזן, איז געווען אן אלטמאדישער איד און האט ניט געהאלטן פון די נייע שול־מנהגים, אפילו ווען ער איז שוין געווען חזן אין דער „בראדער שול". די גבאים פון שול איז אנגעקומען זייער שווער צו פועל'ן ביי בלומענטאלן, ער זאל אנטאן דעם שווארצן חזנים־בגד מיט דער הויכער יארמעלקע. נאר מער פאר אלץ האט ער פיינט געהאט דעם טיטל „אבערקאנטאר". אין אדעס האט אים קיינער ניט געטארט רופן „אבערקאנטאר". אדער: הער בלומענטאל, אדער גאר פשוט: ר' ניסן.

איינמאל האט ער זיך געטראפן מיט זולצער'ן. האט אים יענער גערופן: „הער אבערקאנטאר". איז בלומענטאל שטארק אין כעס געווארן.

— שעמט איר אייך — פרעגט אים זולצער — מיט אייער אומנות?

— כ'וועל אייך — ענטפערט אים בלומענטאל — דערציילן א מעשה:

אין אדעס איז געווען א באוואוסטער גנב, נאטקע גנב, האט ער געהייסן. נאטקע האט געהאט א שם פאר א קינסטלער אין זיין פאך. ער פלעגט אפטאן די גרעסטע גנבות און מיט אזעלכע שפיצלאך, אז מענטשן האבן זיך פארן קאפ גענומען. פון כאפן אים איז געווען אפגערעדט. פלעגט נאטקע גנב זיך קלאגן:

— וואס טויג מיר מיין טאלאנט, אז כ'בין אין א שלעכטע חברה. א ליאדע קעשעניק, וואס גנב'עט דריי גראשן, רופט זיך אויך גנב...



208

ניסי בעלזער האט גע'שמט פאר איינעם פון די גרעסטע חזנים אין דור. אליין האט ער קיין קול ניט געהאט, געווען הייזעריק ווי די וואנט. ער איז אבער געווען א גרויסער מחדש אין נגינה און געהאט זייער א שארף געהער. אין דעם איז געלעגן זיין כח. ער פלעגט אליין מחבר זיין נגונים און זיי איינזינגען מיט זיינע משוררים. דערפאר האט ער תמיד אויסגעהאלטן א גרויסע קאפעליע פון די בעסטע מנגנים.

ניסי איז געווען א גרויסער חשוב אין טאלנער הויף, ר' דוד'לס א מקורב. אלע יאר פלעגט ער אראפקומען קיין טאלנע מיט זיינע משוררים, דאווענען אין קלויז און זינגען ביים טיש. ר' דוד'לען איז זיין זינגען געווען לרצון און ער האט אים ארויסגעוויזן גרויס התקרבות.

איינמאָל, ראש־השנה נאָך מוסף, בעת ניסי האָט געהאַט אָפּגעזונגען מיט די משוררים מלכיות, זכרונות, שופרות — זאָגט צו אים ר׳ דוד׳ל:
— זאָג מיר, ניסי, וויפיל קאָסט דיר דיין קאַפּעליע אַ יאָר?
— צוועלף הונדערט רובל — זאָגט ניסי.
— ביזט אַ קמצן, ניסי — שמייכלט ר׳ דוד׳ל — ווען דו לאָזט זיך יאַסטן נאָך דריי הונדערט רובל, האָסטו שוין געקענט האָבן אַ חזן אויך צו דער קאַפּעליע...



209

ר׳ ישראל יפה, קאַלישער חזן, איז געווען אַ למדן מופלג און דערצו נאָך אַ חכם עתיק.

ווי דער שטייגער איז געווען אין יענע יאָרן, פלעגט ער פון צייט צו צייט אַרויספאָרן מיט די משוררים זיינע אויף דער מדינה.

איינמאָל איז אים אויסגעקומען צו האַלטן שבת אין וועג, ווייט פון אַ אידישן ישוב. ס׳איז געווען ווינטער צייט. דער טאָג איז קליין, דער וועג איז שלעכט און דאָ איז פרייטאָג, ער וועט שוין צו אַ שטעטל ניט באַווייזן. איז ער פאַרפאָרן אין נאָענטן דאָרף, וואו ס׳האָט געוואוינט אַ אידישער קרעטשמער, און געבעטן דעם קרעטשמער, ער זאָל אים לאָזן האַלטן שבת. דער קרעטשמער, אַ פאַרגרעבטער ישוב׳ניק, האָט אים גע־הייסן פאָרן ווייטער.

— כ׳מיין, חלילה, ניט אומזיסט — זאָגט אים ר׳ ישראל — כ׳וועל באַ־צאָלן פאַר זיך מיט די משוררים וויפיל איר וועט פאַרלאַנגען.

דער קרעטשמער האַלט זיך אָבער ביי זיינס. ער וויל ניט האָבן קיין חזנים מיט קיין משוררים.

— סטייטש — בעט זיך ר׳ ישראל — איר זעט דאָך, אַז ס׳איז שוין ערב שבת. דער טאָג איז היינט אַ שעה, דער וועג איז אַזוי שלעכט, וואו וועל איך שוין דערפאָרן? קומט דאָך מיר אויס צו האַלטן שבת אין מיטן וועג, אַדער, חלילה, גאָר מחלל־שבת־זיין.

ווערט דער קרעטשמער אַ ביסל ווייכער און זאָגט אים:

— אַז אַנדער שבת וואָלט איך אייך גענומען צו זיך מיט כבוד. היינ־טיקן שבת קען איך ניט.

— וואָסי? — פרעגט ר׳ ישראל.

— כ׳בין זייער פאַראומערט — ענטפערט דער קרעטשמער — דער קאָפּ ווערט מיר צעבראָכן אויף טויזנט שטיק און דאָ וועט איר נאָך קומען מיט אייער זינגאַכץ.

— האָט עפּעס, חלילה — פרעגט ווייטער ר׳ ישראל — ביי אייך פּאַ־סירט?

— כ׳דאַרף באַצאָלן דעם פּריז טויזנט גילדן — קלאָגט זיך דער קרעטשמער — און כ׳האָב ס׳געלט ניט.

— דאָס גאָר? — שמייכלט ר׳ ישראל — כ׳האָב פאַר אייך אַן עצה. פאַרלאָזט זיך אויף מיר.

ווי דער קרעטשמער האָט׳ס דערהערט, איז ער געוואָרן אַן אַנדער מענטש. ער האָט תיכף אָריינגענומען ר׳ ישראל׳ן מיט אַלע משוררים, זיי אָפּגעגעבן די בעסטע חדרים זיינע, און זיי אַליין באַדינט. אַ גאַנץ שבת האָט ער זיי געגעבן עסן פון ס׳שענסטע און ס׳בעסטע, זיי געבעטן זינגען און אַנגעקוואָלן פון דער זיסער נגינה.

נאָך שבת, בעת ר׳ ישראל מיט די משוררים האָבן זיך אָנגעהויבן קלייבן אין וועג אַריין, איז דער קרעטשמער צוגעגאַנגען און געפרעגט:

— נו, חזן, וואָס איז אייער עצה?

— מיין עצה איז אַזוי — מאַכט ר׳ ישראל אַ כלומר׳שט ערנסט פּנים — נעמט טויזנט פוד וואַקס און פירט אַוועק קיין קאַליש. וואַקס איז דאָרט איצט זייער חריף, וועט איר פאַרדינען טויזנט גילדן און האָבן פאַרן פּריץ.

— וואו — פרעגט דער קרעטשמער בתמימות — זאָל איך נעמען וואַקס? און נאָך טויזנט פוד?

— אַזוי? — חידוש׳ט זיך כלומר׳שט ר׳ ישראל — איר האָט מיר געזאָגט, אַז קיין געלט האָט איר ניט, האָב איך געמיינט, אַז וואַקס האָט איר יאָ. האָב איך פאַר אייך אַן עצה. אַז איר האָט קיין וואַקס אויך ניט — וואָס קען איך טאָן?

❦

210

אין כערסאָן זיינען געווען צוויי חזנים, פּיני מינקאָווסקי און האַלפּערן. מינקאָווסקי איז געווען אַ פּאַרצייטיקער איד, אַ למדן, אַ חסיד און זיין כח איז געלעגן אין שטייגער, אינם אידישן גוסט. ער האָט זיך אָבער געפלייסט צו דאַוונען ווי די נייע קאָר־חזנים. האַלפּערן ווידער איז געווען פון די נייע חזנים, האָט ער זיך געפלייסט צו דאַוונען וואָס אידישער.

האָט דער גביר פון שטאָט, ר׳ זלמן ראָזענטאַל, אויף זיי געזאָגט:

— מיר האָבן צוויי חזנים,ביידע ווילן און קענען ניט. האַלפּערן וויל זיין אַ איד און קען ניט; מינקאָווסקי וויל זיין אַ גוי און קען ניט...

# אין די געצעלטן פון תורה

211

דער ווילנער גאון איז כמעט ניט ארויסגעגאנגען מפתח ביתו. איז תמיד געזעסן ביי זיך אין חדר, די פענסטער פארמאכט אויף די לאדן אפילו בייטאג און פאר א ליכט עוסק געווען יום ולילה אין תורה און אין עבודה.

איינמאל איז צום גאון געקומען צו גאסט א שוועסטער זיינע, וואס האט אים כמה יארן ניט געהאט געזען. זי האט קוים גע׳פועל׳ט מ׳זאל זי צולאזן צום ברודער.

אז זי איז אריין צו אים אין חדר, האט דער גאון זיך אומגעקערט צו איר מיטן פנים, אפירגעהויבן דעם טלית פון קאפ און געזאגט:

— אויף יענער וועלט וועלן מיר האבן גענוג צייט צו זען זיך. דא דארף איך האבן די צייט אויף לערנען...

❦

212

ר׳ חיים וואלאזשינער, דעם ווילנער גאונ׳ס תלמיד מובהק, האט אמאל געבעטן דעם גאון ער זאל מיט אים לערנען תורה.

— וואלסטו מיך געבעטן — זאגט אים דער גאון — כ׳זאל מיט דיר לערנען איינע פון די חכמות, דקדוק צי חשבון, וואלט איך מסכים געווען. אבער תורה, וואס איטלאכער דארף אנגרייטן פאר זיך אויף יענער וועלט, קען איך מיט דיר ניט לערנען. תורה דאף איך פאר זיך אליין האבן.

❦

213

ר׳ חיים וואלאזשינער האט געהאט א ווערטל:

אמאל דארף מען לערנען איין בלאט גמרא צען שעה, און אמאל דארפ׳ן לערנען צען בלאט גמרא אין איין שעה.

❦

214

ר׳ חיים וואלאזשינער האט תמיד עוסק געווען אין תורה, און האט קיינמאל ניט מבטל געווען אפילו א רגע, ממש „לא פסק פומיה מגירסא״, ס׳מויל ניט פארמאכט. האט ער ניט געהאט קיין יכולת צו לערנען אינ־

ווייניק, האט ער געלערנט אויסנווייניק. אפילו בעת ענטפערן מענטשן, האט ער ניט מפסיק געווען פון לערנען. זיין דרך איז געווען, אויסהערן וועגן וואס מ׳איז געקומען צו אים, ניט אויפהערנדיק צו שאקלען מיט די ליפן, זאגן זיין תשובה, געבן א קלוגע עצה — און ווייטער שאקלען מיט די ליפן.

— רבי — האט׳ן אים אמאל געפרעגט — ווי באווייזט איר אויסצוהערן מענטשן, זיך אריינטראכטן אין כמה ענינים און לערנען בעת מעשה?

— ס׳א קלייניקייט — שמייכלט ר׳ חיים — כמעט איטלאכער איד באווייזט׳ס אין דאווענען: ס׳מויל דאווענט און דער קאפ טראכט עפעס אנדערש...

❦

215

ר׳ חיים וואלאזשינער איז, כידוע, געווען דער מיסד און דער מנהל פון וואלאזשינער ישיבה. די הוצאות זיינען שוין דעמאלט געווען גרויסע, איז תמיד געווען א דוחק אין געלט.

איינמאל, בעת דער רוסיש־פראנצויזישער קריג, איז געקומען צו ר׳ חיים וואלאזשינער א איד און אים געבעטן, ער זאל נעמען ביי אים בתורת פקדון אכט־הונדערט רובל. אליין איז ער — דערציילט דער איד — א פרעמדער, פון גאנץ ווייט, קויפט דא אויף פראוויאנט צוצושטעלן צום קריג. וויל ער איצט פארן אהיים, האט ער מורא צו פירן מיט זיך געלט אין אזא סכנות׳דיקער צייט. לכן, זאל ר׳ חיים אים טאן א טובה און האלטן ס׳געלט ביז וואנען ער וועט קומען צוריק. ר׳ חיים מעג דערווייל נוצן ס׳געלט פאר דער ישיבה.

ר׳ חיים האט צוגענומען ס׳געלט און פארטאן פאר דער ישיבה. ס׳גייט אוועק א יאר, צוויי יאר, שוין באלד דריי יאר — דער איד קומט ניט נאכן געלט. ערשט נאך דריי יאר איז ער געקומען. גייט ער אריין צום גבאי פון ישיבה, דערציילט אים ווער ער איז, אז ער איז געקומען נאך זיין געלט. איז דער גבאי אריין צום ר׳ חיימ׳ען און אים מודיע געווען, אז יענער איד, וואס האט מיט דריי יאר צוריק געגעבן א פקדון אכט־הונדערט רובל איז אין יענע יארן געווען א גרויסע מטבע און אכט־הונדערט רובל איז אין יענע יארן געווען א גרויסע מטבע און דא איז אין דער קאסע פון דער ישיבה קיין פרוטה ניטא. פון לייען — איז אפגערעדט. גאנץ וואלאזשין האט ניט אזוי פיל געלט אין מזומן. ר׳ חיים האט לאנג ניט געקלערט און געענטפערט:

— גיי זאג אים, אז מארגן פאר מנחה וועט ער קריגן זיין געלט.

ר׳ איצעלע, ר׳ חיימ׳ס זון, וואס איז נאך דעמאלט געווען א יונגערמאן, האט זיך גע׳חידוש׳ט: וואו וועט׳ן נעמען אזא סכום אין אזא קור־

צער צייט? ער האָט אָבער גאָרניט גערעדט. געוואָרט, זען וואָס וועט זיין.

א גאַנצן טאָג האָט ר' חיים ניט משנה געווען פון זיין סדר: זיך עוסק געווען אין תורה, אין עבודה, אין ישיבה־ענינים און גאָרניט גע־קלערט וועגן שאַפן געלט. מאָרגן — ווייטער ס'אייגענע: ר' חיים האָט געדאַוונט, געזאָגט דעם שיעור אין ישיבה, ווי אַלע טאָג, אָן אַ סימן דאגה. ר' איצעלע האָט זיך ניט געקענט אָפּחידוש'ן.

ביי טאָג איז צו ר' חיימ'ען געקומען דער פּריץ פון שטעטל מיט אַ קשה: ער האָט טויזנט רובל אין אַסיגנאַציעס (פּאַפּיר־געלט) וויל ער זיי אויסבייטן אויף גאָלד. און היות צום רב קומט דאָך אריין געלט פון גאָר דער וועלט, על־כן זאָל דער רב נעמען ביי אים די טויזנט רובל און אים אויסצאָלן בּיסלאַכווייז אין גאָלד.

אַ ווײַלע שפּעטער האָט ר' חיים אָפּגעגעבן דעם אידן זיינע אַכט־הונדערט רובל און אים געבענטשט פאַר דער טובה, וואָס ער האָט געטאָן דער ישיבה מיט זיין געלט.

216

ר' חיים וואָלאָזשינער האָט אויף דער עלטער איבערגעגעבן דעם שיעור זאָגן אין דער ישיבה זיין זון, ר' איצעלען. ר' חיים פלעגט פון צייט צו צייט זיך אריינכאַפּן אין דער ישיבה, זיך שטעלן הינטערן אויוון, קיינער זאָל אים ניט זען און צוהערן ווי ר' איצעלע זאָגט דעם שיעור.

איינמאָל, בעת'ן שיעור, הערט ער ווי ר' איצעלע פרעגט זיינע אַ קשיא: דער טאַטע, זאָל געזונט זיין, פרעגט דאָ אַזוי און אַזוי — און זאָגט די קשיא בקיצור. דערנאָך הויבט ער אָן זאָגן אַ תירוץ, אָן איי־גענעם, מיט גרוים הסברה און אריכות, ברענגט כמה ראיות — אַ גאַנצער חילוק, ווי ר' איצעלע האָט געקענט.

אַז דער שיעור איז געווען צו־ענד, גייט ר' חיים אַפיר פון הינטערן אויוון, גייט צו צום טיש און זאָגט:

— כ'וועל אייך, קינדערלאַך, דערציילן אַ מעשה:

בעת כ'בין געפאָרן קלייבן געלט פאַר דער ישיבה, בין איך אַמאָל, ערב־שבת, געקומען אין אַ קרעטשים. און היות ס'איז געווען ווינטער, דער טאָג איז קליין, בין איך שוין ווייטער ניט געפאָרן און געבליבן אין קרעטשים שבת האַלטן.

פאַר ליכטבענטשן זע איך, ווי די קרעטשמערקע נעמט צוואָגן די קינדער, צוויי מיידעלאַך, לכבוד שבת. איז איין מיידעלע האָט זי אויס־געצוואָגן אין אַ מינוט, אַ וואַש, אַ קאַם, און פאַרטיק. ס'אַנדערע מיידעלע האָט זי געוואַשן, געזייפט און געצוואָגן, געקאַמט לאַנג, זיך שטאַרק אָפּ־

געגעבן מיט איר. וואס־זשע איז, לויט אייער חות־דעת, געווען דער חילוק צווישןביידע קינדער?

— דו מיינסט, טאטע — פארכאפט תיכף ר׳ איצעלע — אז איין קינד איז געווען אן אייגנס און ס׳צווייטע איז געווען א שטיפקינד? ניין, ביידע קינדער זיינען געווען אייגענע און ביידע גלייך ליב און טייער. נאר איין קינד איז געווען א ריינס, א ציכטיקס, האט׳ס די מאמע לאנג ניט געדארפט צוואגן. איין וואש — און ס׳איז שוין ריין געווען. ס׳אנ־דערע קינד איז געווען פארשמוצט, פארבלאטיקט, האט׳ס די מאמע לאנג געדארפט וואשן און צוואגן, ביז סא׳יז ריין געווארן...

*

*217*

בעת דער „שאגת אריה" איז געווען רב אין וואלאזשין האט ער אמאל געזאגט אין בית־מדרש א שארפן חילוק, ווי א „שאגת אריה". דער עולם, אפילו לומדים, האט פארלארן דעם פאדים און ניט געקענט נאכהאלטן.

נאך דער דרשה זאגט דער „שאגת אריה" צום עולם:

— איר ווייסט, רבותי, איר זיינט גרעסער ווי מלאכים.

— ס׳הייסט? — חידושין זיי זיך.

— פשוט — שמייכלט דער „שאגת אריה" — מלאכים האבן קעלבערנע פיס און איר האט קעלבערנע קעפ...

*

*218*

בעת דער „שאגת־אריה" איז אנגעקומען קיין מעץ, האט ער, ווי דער שטייגער, געזאגט אין שול א דרוש. זיינען געקומען אלע לומדים פון שטאט אים הערן. פארשטייט זיך, אז ער האט געזאגט א שארפן פלפול, אויפן „שאגת אריה"ס דרך. אין מיטן דרשה האט אים איינער פון עולם, ניט קיין עם־הארץ מסתמא, געפרעגט א קשיא.

דער „שאגת אריה" איז בטבע געווען א היציקער. נעמט ער אראפ א פאנטאפל פון פוס און ווארפט יענעם אין קאפ.

בוינגט זיך יענער איין, הויבט אויף דעם פאנטאפל און גיט אים א קוש...

*

*219*

צום „שאגת אריה" איז אמאל געקומען א בחור אנהויב ווינטער־זמן, ער זאל אים אריינעמען אין דער ישיבה זיינער. דער „שאגת אריה" פאר־הערט אים — א פוסטע כלי.

— וואו — פרעגט אים דער „שאגת אריה" — האסטו דעם זומער גע־געסן?

— ס׳הייסט? — קוקט אים אן דער בחור — דער רבי מיינט אודאי, וואו האב איך דעם זומער געלערנט?

— ניין — ענטפערט דער „שאגת אריה" — אז דו האסט דעם זומער געגעסן בין איך זיכער, צי דו האסט דעם זומער געלערנט איז ביי מיר א גרויסער ספק...

❦

220

ר׳ מענדל וויטעבסקער האט אינגלווייז געלערנט ביים מעזעריטשער מגיד. ער איז געווען א וואויל לערנער און א מתמיד.

איינמאל, שבת נאכן עסן, האט דער מגיד געזען, ווי ער גייט ארום איבער דער שטוב, ס׳היטל אויף א זייט און איז ביי זיך האפערדיק.

— מענדל — פרעגט אים דער מגיד — וויפיל בלאט גמרא האסטו היינט געלערנט?

— זעקס — ענטפערט ס׳אינגל.

— אווא! — זאגט דער מגיד — אז פון זעקס בלאט גמרא איז שוין ס׳היטל אויף א זייט, טא וויפיל בלאט גמרא דארפ׳ן נאך לערנען, אז מ׳זאל אינגאנצן אויסטאן ס׳היטל?...

❦

221

מ׳האט אמאל געפרעגט ר׳ לוי־יצחק בארדיטשעווער:

— פארוואס הויבן זיך אן אלע מסכתות פון ש"ס פון דף ב׳ און ניט פון דף א׳?

— כדי — האט ר׳ לוי־יצחק געענטפערט — א מענטש זאל וויסן, אז ער האט נאך קיינמאל ניט אנגעהויבן...

❦

222

בעת משה מענדלסאן איז געווארן מפורסם פאר א גרויסן געלערנטן און פילוסוף, האבן די געלערנטע פון דער בערלינער אקאדעמיע אים אויסגעקליבן פאר א חבר אין דער אקאדעמיע. דער טייטשישער קיסר, פרידריך דער גרויסער, האט אבער ניט מסכים געווען און אויסגעמעקט מענדלסאנ׳ס נאמען פון דער רשימה.

אז מענדלסאן איז דערפון געוואויר געווארן, האט ער געזאגט מיט א שמייכל:

— מיר איז ליבער, אז די געלערנטע האבן מיך אויסגעקליבן און דער קיסר האט ניט מסכים געווען, איידער דער קיסר זאל מיך אויסקלייבן און די געלערנטע זאלן ניט מסכים זיין...

223

ר׳ דוד דייטש, דער „אוהל דוד“, איז אמאל געקומען געוואויר ווערן ר׳ משה סופר, דעם „חתם סופר“. האט׳ן ר׳ משה געוויזן זיין גרויסע ישיבה, וואו הונדערטער בחורים זיינען געזעסן און געלערנט בהתמדה. צום דאווענען האבן אלע אנגעטאן טליתים און געדאוונט מיט גרויס כונה.

— ווי געפעלט אייך — פרעגט אים ר׳ משה — מיין ישיבה?

— כבודו — ענטפערט אים ר׳ דוד — קוקט אויף זייערע טליתים. איך קוק אבער אויף זייערע העמדער...

❧

224

ר׳ מרדכי בענעט האט געפירט א גרויסע ישיבה אין ניקלשבורג. די ישיבה־בחורים פלעגן עסן „פלעטן“, ווי דער מנהג איז געווען אין יענע יארן.

איינמאל, א סוכות, האט ער ניט געהאט גענוג „פלעטן“ אויף יום־טוב פאר די ישיבה־בחורים. האט ער געשיקט רופן צו זיך די טובי העיר.

— דא — ווייזט זיי ר׳ מרדכי — האב איך צען ר״ט, וואס כ׳האב נעכטן געקראגן פאר א „מורנו“. כ׳גיב׳ס אוועק פאר מיינע בחורים. און כ׳בין אייך מודיע, אז כ׳וועל געבן איטלאך איינעם א „מורנו“, אבי כ׳זאל קענען אויפהאלטן די ישיבה מיינע.

ווי די טובי העיר האבן ס׳דערהערט, איז תיכף געווארן געלט פאר דער ישיבה.

❧

225

דער „חתם־סופר“ האט געהאט א ווערטל:

— קיין חידוש ניט, וואס משה רבנו איז געווען משה רבנו. ווען איך וואלט געהאט אזא רבי׳ן, ווי ער האט געהאט, וואלט איך אויך אזוי געווען. אי, פארוואס האב איך טאקע ניט אזא רבי׳ן? מחמת כ׳בין ניט משה רבנו...

❧

226

ר׳ עקיבא אייגער איז אמאל געקומען קיין ווארשע געוואויר ווערן זיין זון, ר׳ שלמה אייגער. אזוי ווי ער איז געווען צופיל אריינגעטאן אין לערנען און ס׳האט אים געשאט צום געזונט, האט דער זון געוואלט אים פארנעמען אביסל מיט וועלטלאכע ענינים, ער זאל זיך אפרוען פון לערנען. האט ער אים גענומען זען דעם ווארשעווער מוזיי.

קומענדיק אהין האט זיי דער שומר זייער שיין אויפגענומען און געגעבן ר׳ עקיבא אייגער׳ן א שטול צום זיצן. האט זיך ר׳ עקיבא אייגער

געזעצט און תיכּף זיך פאַרטראַכט אין לערנען, ווי זיין טבע איז געווען.

אַז ער איז אַזוי אָפּגעזעסן אַ היפּשע ווײַלע, כאַפּט ער זיך אויף און פרעגט דעם זון:

— פאַרוואָס ברענגסטו ניט ס׳קינד?...

ער האָט פאַרגעסן וואו ער איז. געמיינט, אַז ער איז סנדק און זיצט אויפן „כסא של אליהו".



227

ר׳ ברוך קאַסעווער איז אַמאָל אַרײַן אין בית־מדרש. זעט ער ווי יונגעלייט זיינען זיך מפלפּל אין לערנען און איטלאַכער וויל אַרויסווייזן זיין לומדות, אַז ער קען מער פאַרן אַנדערן.

— אַוואַ! — מאַכט ר׳ ברוך — אַ פולער בית־מדרש מיט תורה.

ווערן די יונגעלייט האַפּערדיק. ר׳ ברוך האַלט פון זיי.

— פאַרשטייט איר מיך — זאָגט זיי ר׳ ברוך — אַז מ׳לערנט לשמה, אמת׳דיק, גייט די תורה אַרויף אויבן, פאַר כביכול, איז דער בית־מדרש אַ ליידיקער. אָבער אַז מ׳לערנט ניט לשמה, נאָר זיך אַרויסצעווייזן, בלייבט די תורה אונטן, איז אַ פולער בית־מדרש מיט תורה...



228

ר׳ שלום בעלזער האָט אין דער יוגנט, בעת ער האָט געלערנט אין בית־מדרש, גערויכערט.

איינמאָל האָט ער געזען, ווי איינער פון די בית־מדרש בחורים האָט זיך געקליבן צו רויכערן, האָט אויסגערייניקט די פּייפ, אָנגעשטאָפּט טיטון, פאַרויכערט. ביני לביני האָט ר׳ שלום אָפּגעלערנט אַ גאַנצע בלאַט גמרא.

האָט ער אַוועקגעלייגט זיין פּייפ און געזאָגט:

— אַז דאָס כלי קען מבטל זיין פון אַ בלאַט גמרא, וועט׳ס מער אין מיין מויל ניט קומען.

און פון דעמאָלט אַז האָט ער קיינמאָל ניט גערויכערט.



229

ר׳ ברוך לייפּניקער, ר׳ חיים צאַנזער׳ס שווער, האָט אַמאָל געזאָגט זייער אַ שאַרפן פּלפּול, ווערליק אַזאַ גאון ווי ר׳ ברוך האָט געקענט און האָט אויסגעפירט:

— ס׳איז זייער, זייער דין, דק מן הדק.

— יאָ — שמייכלט ר׳ חיים — ס׳איז אַזוי דין, אַז מ׳זאָל עס נאָך איין מאָל איבערזאָגן, וועט פון דעם גאָרניט בלייבן...

230

ר׳ חיים צאַנזער איז, כידוע, געווען אַ קרומער. דער שווער זיינער, ר׳ ברוך לייפּניקער, האָט שטאַרק געהאַלטן פון אים און אים זייער ליב געהאַט, מחמת ער איז געווען אַ צדיק און אַ גאון.

האָט ר׳ ברוך געהאַט אַ ווערטל:

— כ׳האָב אַן איידים מיט אַ קרומען פוס, אָבער מיט אַ גלייכן קאָפּ...

231

אין בראָד איז געווען אַ דיין, ר׳ יהושע לאַשטשעווער. איידער ער איז געוואָרן דיין, איז ער כמה שנים געזעסן אין קלויז און געלערנט. מ׳האָט אים גערופן ר׳ יהושע קלויזנער. ער איז שוין דעמאָלט געווען אַ גאון, אָבער קיינער האָט פון אים ניט געוואוסט. מחמת ער איז געווען אַ נחבא אל הכלים.

אַז דער בראָדער רב, ר׳ יצחק הורוויץ, האָט געקראָגן אַ כתב־רבנות פון האַמבורג און האָט געהאַלטן ביים אַוועקפאָרן פון בראָד, איז ר׳ יהושע צו אים אַריין, אים דערלאַנגט מיט גרויס הכנעה אַ כתב־יד און געזאָגט:

— רבי, דאָס איז מיינער אַ חיבור אויף „חושן משפט“, כ׳וואָלט גע־וואָלט האָבן אייער הסכמה.

— לאָזט איבער דעם חיבור ביי מיר — זאָגט דער רב — וועל איך מעיין זיין.

ר׳ יהושע האָט איבערגעלאָזן דעם חיבור און איז אַוועק.

ביינאַכט, בעת דער רב האָט זיך געלייגט שלאָפן, האָט ער גענומען דעם חיבור איינקוקן אין אים פאַרן שלאָף. ווי ער איז אָבער דורך אַ פּאָר עמודים, איז ער נבהל ומשתומם געוואָרן פונם מחבר׳ס חריפות און בקיאות. פון גרויס התפעלות איז ער אַראָפּגעלאָפן פון בעט און אָנגע־הויבן גיין איבער׳ן שטוב.

הערנדיק זיינע טריט, האָט די רבי׳צן אין אַנדערן חדר זיך אויפ־געכאַפּט.

— וואָס — פרעגט זי דעם רב — ביזטו אין מיטן נאַכט אויפגע־שטאַנען?

— זאָלסט וויסן זיין — ענטפערט איר דער רב מיט התפעלות — אַז מיר האָבן ביי אונז אין בראָד אַ גדול בישראל, אַ גאון עולם. ווי קום איך צו אים? ער איז מער ראוי פאַר מיר צו זיצן אויפן כסא הרבנות.

תיכף אויף מאָרגן האָט דער רב מפרסם געווען אין שטאָט ווער ר׳ יהושע איז און קהל האָט אים ממנה געווען פאַר דיין אין בראָד.

232

בעת ר׳ מענדעלע קאצקער איז שוין געווען א רבי אין א גרויסער מפורסם, איז ער אמאל געקומען אין זיין געבורטסשטעטל, אין גארוי. איז ער געגאנגען געוואויר ווערן זיין ערשטן רבי׳ן, דעם דרדקי מלמד, וואס האט מיט אים געלערנט אלף־בית. האט דער אנדערער רבי זיינער פון אמאל, וואס האט מיט אים געלערנט חומש און גמרא, אים פירגע־האלטן:

— פארוואס, רבי, זיינט איר ניט געקומען מיך געוואויר ווערן? איך האב דאך מיט אייך מער געלערנט.

— פארשטייסטו—האט אים ר׳ מענדעלע געענטפערט—דו האסט מיט מיר געלערנט אזעלכע זאכן, וואס כ׳בין מיט זיי ניט זיכער. דער זאגט אזוי דעם פשט — קומט אן אנדערער און זאגט אנדערש. מיט׳ן אלף־בית, וואס מייז דרדקי־מלמד האט מיט מיך געלערנט, בין איך זיכער, אז אלף איז אלף און בית איז בית...

❦

233

א חסיד׳ישער יונגערמאן איז אמאל געקומען צו ר׳ מענדעלע קאצקער.

— ווי האלטסטו — פרעגט אים ר׳ מענדעלע — אין לערנען?

— רבי — ענטפערט דער יונגערמאן האפערדיק — כ׳האב שוין אויס־געלערנט גאנץ ש״ס.

— אזוי? — מאכט ר׳ מענדעלע — וואס האט אבער גאנץ ש״ס דיך אויסגעלערנט?...

❦

234

בעת ר׳ מענדעלע קאצקער איז געווען סגור ומסוגר און האט קיינעם צו זיך ניט צוגעלאזן, איז זיין איידים, ר׳ אברהמ׳עלע סאכאטשאווער, שלאף געווארן. איז ר׳ אברהמ׳עלעס פאטער, דער ביאלער רב, אריינגעלאפן צו ר׳ מענדעלע׳ן מיט קולות:

— וואס שווייגט איר, רבי? וואס זיינט איר ניט מרעיש עולמות? אברהמ׳עלע איז פארביי. ער איז דאך א יונגערמאן וואס זיצט און לערנט.

— א שפאס — האט ר׳ מענדעלע זיך א קרים געטאן — ער ל ע ל י ע ט (לערנט)...

❦

235

ר׳ אייזל חריף איז געווען א גרויסער מבטל. פלעגט יענעם זאגן אין די אויגן וואס ער האלט פון אים. רבנים האבן זיך געהיט פאר אים ווי פאר פייער.

איינמאָל איז צו אים געקומען אַ רב. דער רב האָט געוואוסט ווער ר׳ אייזל איז, האָט ער זיך צוגעגרייט מיט אַ גוט שטיקל תורה, אַ שווערע קשיא, אַן אייזערנע און אַ שאַרפן תירוץ, געפלאָכטן אין חריפות און בקיאות.

זיצנדיק שמועסט׳ן דאָך, כדרך הטבע, אין תורה. הויבט אָן דער רב און פרעגט זיין קשיא. ר׳ אייזל הערט אויס די קשיא און מאַכט:

— נו, וואָס איז דער תירוץ?

ווערט דער רב ביי זיך האַפערדיק. ר׳ אייזל וויל וויסן דעם תירוץ, הייסט׳ס, אַז די קשיא איז אַ רעכטע. הויבט ער אָן זאָגן דעם תירוץ, שיט מיט בקיאות, ווייזט חריפות, רייסט בערג — אַ שאַרפער חילוק.

ר׳ אייזל הערט אויס און פרעגט:

— טאָ וואָס איז די קשיא?

— זאָלט איר געזונט זיין, רבי — חידוש׳ט זיך דער רב — אודאי, נאָכן תירוץ פאַלט אַראָפּ די קשיא.

— פאַרשטייט איר מיך — זאָגט אים ר׳ אייזל — אַמאָל, אַז מ׳האָט אַ גוטן תירוץ, פרעגט מען אַ קשיא אַבי אַ וואָסערע, כדי צו זאָגן דעם תירוץ. אַז אייער תירוץ איז אָבער נאָך צען מאָל ערגער פאַר דער קשיא, הייסט טאָ וואָס איז די קשיא?...

❧

236

רבנים האָבן אַמאָל געוואָלט אַרויסגעבן אַ קובץ פאַר חידושי תורה, וואו אַלע רבנים זאָלן זיך משתתּף זיין מיט זייערע חידושים.

איז׳ן געקומען צו ר׳ אייזל חריף, ער זאָל נעמען אַ חלק אינם קובץ. האָט ר׳ אייזל זיך אָפּגעזאָגט.

— פאַרוואָס, רבי? — פרעגט׳ן אים — כמה רבנים האָבן מסכים געווען.

— פאַרשטייט איר מיך — שמייכלט ר׳ אייזל — גרויסע טענצער טאַנצן אַליין. די וואָס קענען ניט טאַנצן, נעמען זיך צוזאַמען אין אַ קאַראַהאָד און האָפּקען...

❧

237

ר׳ זונדל סאַלאַנטער האָט האָלט געהאַט ציכטיקייט און סדר.

אַ ישיבה־בחור האָט ביי אים געגעסן אַ טאָג. איינמאָל איז ער גע־קומען עסן בעת די בעל־הבית׳טע, ר׳ זונדל׳ס ווייב, איז אין שטוב ניט געווען. ס׳עסן איז געשטאַנען גרייט אויפן טיש. האָט זיך דער בחור געוואַשן, געגעסן, געבענטשט און זיך אויפגעהויבן אַוועקצוגיין.

— מיין קינד — זאָגט ר׳ זונדל — האָסט ניט רעכט געלערנט.

— וואסי, רבי — פרעגט דער בחור אַ צעשראָקענער — האָב איך זיך, חלילה, ניט געוואַשן ווי דער דין? צי ניט רעכט געבענטשט?

— אַז מ׳לערנט רעכט — זאָגט ר׳ זונדל בנעימות — ווייסט׳ן, אַז אַזוי ווי מ׳דאַרף זיך וואַשן און בענטשן, אַזוי דאַרפ׳ן נאָכן עסן צונעמען פון טיש. בפרט, אַז די בעל־הבית׳טע איז אַוועק און ס׳איז ניטאָ ווער ס׳זאָל׳ס טאָן...



238

אַ קליינשטעטלדיקער רב איז אַמאָל געקומען קיין בריסק. איז ער אַריין צו ר׳ יאָשע־בער׳ן. כדרך הטבע האָט׳ער אָנגעהויבן שמועסן אין תורה. האָט דער רב געזאָגט אַ שטיקל תורה, וואָס איז ניט געווען אַזוי געוואַלטיק, ווערליק אַ קליינשטעטלדיקער רב. ר׳ יאָשע־בער האָט געהערט און געשוויגן. אַז דער רב איז פאַרטיק געוואָרן האָט ר׳ יאָשע־בער געזאָגט זיינעם אַ חידוש.

— ס׳אייגענע — רופט זיך אָפּ דער רב — האָב איך אַמאָל געזאָגט. משמעות, רבי, אַז מיר האָבן ביידע איין שכל.

— משמעות — שמייכלט ר׳ יאָשע בער — נאָר דער איין שכל איז ביי מ י ר ...



239

מ׳האָט אַמאָל דערציילט ר׳ יאָשע־בער׳ן, אַז זיין זון, ר׳ חיימ׳קע, נעמט זיך איבער מיט זיין לערנען און האַלט פון זיך אַביסל צופיל.

שיקט ר׳ יאָשע־בער אים רופן און זאָגט אים:

— חיימ׳קע, זאָג מיר עפּעס דיינס אַ חידוש.

ווי ר׳ חיימ׳קע האָט אָנגעהויבן זאָגן, שטעלט אים ר׳ יאָשע־בער אָפּ:

— דו מיינסט דאָך אודאי צו פרעגן אַזוי און אַזוי און ענטפערן אַזוי און אַזוי.

— יאָ, טאַטע — מאַכט ר׳ חיימ׳קע.

— זאָג עפּעס אַן אַנדער חידוש — זאָגט אים ר׳ יאָשע־בער.

הויבט ר׳ חיימ׳קע אָן זאָגן אַ שאַרפערע שטיקל תורה. פאַלט אים ר׳ יאָשע־בער ווידער אַריין אין די רייד:

— דו ווילסט דאָך אודאי פרעגן די און די קשיא און ענטפערן דעם און דעם תירוץ.

בלייבט ר׳ חיימ׳קע שטיין.

— זאָג־זשע עפּעס אַ רעכט שטיקל תורה — זאָגט ר׳ יאָשע־בער — לאָמיר זען וואָס דו קענסט.

קלערט ר׳ חיימ׳קע א ווײַלע, זוכט אויס נאָך אַ שאַרפערן חידוש, כּפתור ופרח, און הויבט אָן זאָגן, טראַכטנדיק, אַז איצט וועט דער טאַטע אים שוין ניט מנצח זײַן.

לאָזט אים ר׳ יאשע־בער ניט ריידן און איז אים ווײַטער מפסיק:

— וואָס דאַרפסטו מאריך זײַן? כ׳וועל דיר זאָגן וואָס דו מיינסט.

ווערט ר׳ חיימ׳קע אַנטשוויגן.

— זעסט, מײַן קינד — זאָגט אים ר׳ יאשע־בער — קענען לערנען איז ניט אַזוי גרינג ווי דו מיינסט.

— כ׳וועל דיר זאָגן, טאַטע — ענטפערט ר׳ חיימ׳קע — אין די נײַע ש״ס׳ן זײַנען בײַם זײַט געדרוקט הגהות ר׳ עקיבא אייגער. אינווייניק, אין פּנים, וואו ר׳ עקיבא אייגער איז עפּעס מחדש, איז בלויז דאָ אַ שטערן, וואָס מיינט: קוק אײַן אין די הגהות ר׳ עקיבא אייגער. לומדים, וואָס קענען ר׳ עקיבא אייגער׳ס דרך הלימוד, דאַרפן ניט אַלעמאָל אײַנקוקן בײַם זײַט אין די הגהות. ווי זיי זעען אַ שטערן, ווייסן זיי שוין וואָס ר׳ עקיבא אייגער וויל דאָ זאָגן. פונדעסטוועגן בלײַבט ר׳ עקיבא אייגער — ר׳ עקיבא אייגער. ס׳אייגענע טאַטע, איז מיט מיר: דו ווייסט מײַן דרך־הלימוד, איז ווי כ׳הויב אָן עפּעס צו זאָגן, זעסטו תיכּף בײַ מיר אויפן שטערן וואָס אין מײַן מח טוט זיך. צי דערפאַר אָבער זײַנען מײַנע חידושים קיין חידושים ניט?...

240.

ר׳ יאשע־בער האָט אַמאָל געזאָגט:

דער חילוק צווישן מיר און מײַן זון ר׳ חיימ׳קע — איז דער: אַז מ׳פרעגט מיר אַ קשיא — בלײַבן בײדע צופרידן, אי דער פרעגער, אי איך. אַז מען פרעגט מײַן זון אַ קשיא — בלײַבן בײדע אומצופרידן. אַז מ׳פרעגט מיר אַ קשיא — ענטפער איך אַ תּירוץ. איז דער פרעגער צופרידן מיט דער קשיא און איך — מיטן תּירוץ. מײַן זון אַז מ׳פרעגט אַ קשיא — ווײַזט ער אויף, אַז די קשיא הויבט זיך גאָר ניט אָן — בלײַבן בײדע בײַ גאָרניט.

241

אַז אַ בחור פלעגט קומען קיין וואָלאָזשין לערנען, פלעגט אים ר׳ הערש־לייב פרעגן נאָכן פאַרהערן:

— ווילסטו טאַקע באמת לערנען?

— יאָ — פלעגט דער בחור ענטפערן.

— ווערסטו זײַן אַ מתמיד?

— יאָ.

— ווייסטו אָבער וואָס אַ מתמיד איז? — פּלעגט אים ר׳ הערש־לייב פרעגן און תיכּף זאָגן — אַ מתמיד עסט אין דער צייט, שלאָפט אין דער צייט און לערנט אין דער צייט...

❧

*242*

אין די לעצטע יאָרן, איידער וואָלאָזשינער ישיבה האָט זיך צוגע־מאַכט, איז דער מצב פון דער ישיבה געווען זייער אַ שווערער. ס׳איז תּמיד געווען אַ דוחק אין געלט.

איז איינמאָל געקומען אַ בחור פון דער פּרעמד, מ׳זאָל אים צונעמען אין דער ישיבה. ווי דער מנהג איז געווען, איז ער קודם אַריין צום ראָש־ישיבה, צו ר׳ הערש־לייב׳ן. ר׳ הערש־לייב האָט מיט אים אַ שמועס געטאָן און געזען, אַז ער איז אַ וואוילער בחור און איז ראוי אָנגענומען צו ווערן אין דער ישיבה. ר׳ חיים בערלין, ר׳ הערש־לייב׳ס זון, וואָס איז דערביי געזעסן, האָט אָבער געזאָגט, אַז מ׳קען קיין נייע ישיבה־לייט ניט צונעמען. ס׳איז ניטאָ די אַלטע מיט וואָס אויסצוהאַלטן.

האָט זיך ר׳ הערש־לייב פאַנאַנדערגעוויינט.

— וואָס וויינסטו, טאַטע? — פרעגט אים ר׳ חיים ברלין.

— ס׳הייסט — כליפּעט ר׳ הערש־לייב — אַ בחור וויל לערנען און מיר מוזן אים אָפּזאָגן...

❧

*243*

בעת ר׳ יצחק־אלחנן איז געזעסן אויף קעסט ביי זיין שווער אין וואָל־קאָווּיסק, האָט דער גביר פון שטעטל, ביי וועמען ס׳איז געלעגן זיינע דריי־הונדערט רובל נדן, אָנגעזעצט. איז ר׳ יצחק אלחנן׳ס ווייב אַוועק צום גביר און אָנגעהויבן וויינען, ער זאָל איר אָפּגעבן ס׳געלט — דאָס איז איר גאַנץ פאַרמעגן. דער גביר האָט אָבער איר ניט געוואָלט ענטפערן.

— זאָל קומען — זאָגט ער — אייער מאַן.

איז זי געקומען אַהיים און אָנגעהויבן איינ׳טענה׳ן מיט ר׳ יצחק אלחנן, וואָס איז געזעסן און געלערנט, ער זאָל גיין צום גביר, אפשר וועט ער עפּעס קענען ראַטעווען. ר׳ יצחק אלחנן האָט ניט מפסיק געווען פון לערנען, ווי ער וואָלט גאָרניט געהערט. האָט ס׳ווייב, ווי אַן אשה, אָנגעהויבן וויינען. דערווייל איז דער טאַטע אירער אָנגעקומען.

— וואָסי געשען? — פרעגט ער.

דערציילט אים די טאָכטער, אַז זי בעט זיך ביים מאַן, ער זאָל גיין ראַטעווען ס׳בלוטיקע געלט און רייד צו אים, רייד צו דער וואַנט, ער ווייסט נאָר זיצן איבער די ספרים זיינע.

האָט דער טאַטע איר געגעבן צוויי פּעטש און אַ געשריי געטאָן:

— דו זאָלסט אים לאָזן לערנען, דו הערסט? זיין איין רגע לערנען איז ביי מיר טייערער ווי דער גאַנצער נדן...

244

ר׳ שמואל סאַלאַנט, ירושלים׳ער רב, האָט געוואוינט אין דער חורבה, וואו די תלמוד־תורה עץ־חיים. אין די אינגערע יאָרן פלעגט ער זיך נוהג זיין אַלע אינדערפרי נאָכן דאַוונען אַריינגיין אין תלמוד־תורה, דורכגיין אַלע כתות און זאָגן די מלמדים: גוטמאָרגן. און אַזוי אַרום דערוויל השגחה־געבן אויף דער תלמוד־תורה, די מלמדים זאָלן קומען אין צייט און טאָן זייערס באמונה.

איין מלמד האָט געהאַט אַ טבע זיך תמיד פאַרשפּעטיקן.

איינמאָל אינדערפרי איז ר׳ שמואל אַריין אין זיין כתה — דער מלמד איז ניטאָ. אין אַ שעה אַרום, ער גייט נאָך אַמאָל אַריין — דער מלמד איז אַלץ ניטאָ. אַרום צוועלף אַזייגער איז דער מלמד געקומען. איז ר׳ שמואל אַריין צו אים אין כתה און אים געזאָגט הויך אויפן קול:

— גוטמאָרגן!...

דער מלמד האָט פאַרשטאַנען ס׳אַנצוהערעניש און איז פון דעמאָלט אָן געקומען תמיד אין דער צייט.

245

אַז ר׳ אַברהם־שמואל איז אָנגעקומען אויף וואָלקאָווישקער רבנות, האָט ער, ווי דער שטייגער, געהאַלטן אין בית־מדרש אַ דרשה, וואו ער האָט אַרויסגעוויזן גרויס חריפות און בקיאות, ווי אַזאַ גדול, ווי ר׳ אַברהם־שמואל האָט געקענט.

איז דאָרט געווען אַ איד אַ למדן, ר׳ אַברהם־אהרן, וואָס האָט תמיד האַלט געהאַט אַרויסווייזן זיין לומדות. אַלע רבנים אין וואָלקאָווישק האָבן געהאַט פון אים גרויסע צרות. האָט ער אָפּגעשטעלט ר׳ אַברהם־שמואל׳ן אין מיטן דרשה און אים געפרעגט אַ קשיא.

ר׳ אַברהם־שמואל איז ניט מבולבל געוואָרן, אַ שמייכל געטאָן און אים געענטפערט:

— איר פרעגט דאָך עפּעס גאָרניט ווי קיין למדן.

און ווייטער געזאָגט.

האָט׳ס ר׳ אַברהם־אהרנ׳ען שטאַרק פאַרדראָסן און ער איז צום רב אין שטוב ניט געגאַנגען.

ר׳ אַברהם־שמואל האָט פאַרשטאַנען, אַז ר׳ אַברהם־אהרן טראָגט אויף אים אַ פאַריבל. איז ער אַריין צו אים געוואויר ווערן. כדרך הטבע

האט׳ז געשמועסט אין תורה, אין הויות־העולם. שמועסנדיק זאגט ר׳ אברהם־שמואל צו ר׳ אברהם־אהרנ׳ען:

— עפעס זע איך, אז איר האט א שטיקל טינא אויף מיר.

— למאי זאל איך ליגן זאגן? — מאכט ר׳ אברהם־אהרן — איר האט מיך מבייש געווען ברבים און געזאגט, אז כ׳פרעג ניט ווי קיין למדן.

פארשטייט איר מיך — שמייכלט ר׳ אברהם־שמואל — אז איר שטעלט מיך אפ אין מיטן דרשה, פרעגט איר דאך ניט ווי קיין למדן, נאר ווי א גזלן...

❦

246

ר׳ ירוחם־לייב, דער מינסקער „גדול״, איז געווען א שניידערס א זון.

איינמאל איז ער געזעסן מיט נאך צוויי רבנים, וואס האבן ביידע געשטאמט פון רבנישן יחוס, געווען רבנים־בני־רבנים. האבן זיי אים געוואלט א טשעפע טאן. האבן זיי אנגעהויבן זאגן תורה פון זייערע טאטעס.

איינער זאגט:

— מיין טאטע, זכרונו לברכה, האט געפרעגט די און די קשיא און געענטפערט דעם און דעם תירוץ.

דער אנדערער זאגט:

— מיין טאטע, זכרונו לברכה, האט דאס און דאס געזאגט.

— און מיין טאטע, זכרונו לברכה — רופט זיך אפ דער „גדול״ — האט געזאגט, אז אן איבערגעניצעוועט שטיקל מלאכה טויג אויף כפרות...

און האט אנגעהויבן זאגן א שארפן חילוק אן אייגענעם.

❦

247

ר׳ משה־איצל פאניוועזשער איז אמאל געקומען קיין איישישאק. ער האט געהאלטן ביים אנעמען דארט ס׳רבנות. כדרך הטבע האט ער דארט געזאגט א פאר דרשות, זיך מפלפל געווען מיט די לומדים פון שטאט און געוויזן זיין גאונות. ביים אוועקפארן האט אים שטאט באַ־לייט מיט גרויס כבוד ביז ווייט הינטערן עירוב.

א פאר אידן, לומדים, האבן גראד פארשפעטיקט. זיינען זיי נאכ־געלאפן די פור, ביז זיי האבן אים אנגעיאגט.

— דאס מאל, רבי — זאגן די לומדים — האבן מיר אייך געכאפט.

— אבער — שמייכלט ר׳ משה־איצל — ב י י ם  ו ו ע ג ...

248

בעת ר׳ מאיר־שמחה דענעבורגער האט געגעסן קעסט אין ביאַליסטאָק, איז ער געזעסן אַ גאַנצן טאָג אין בית־מדרש און געלערנט. ער איז געווען אַ גרויסער מתמיד און אַזוי אַריינגעטאָן אין לערנען, אַז בעת׳ן לערנען פלעגט ער ניט זען וואָס אַרום אים טוט זיך. זיין דרך איז געווען גיין איבערן בית־מדרש בעת׳ן לערנען.

איינמאָל — דערציילט׳ן אין ביאַליסטאָק — איז ער לערנענדיק אַרויס פון בית־מדרש אויפן גאַס, אין אויבער־בגד, אין דער יאַרמלקע, מיט דער גמרא אין דער האַנט...

מענטשן האָבן זיך תיכּף געכאַפּט און אים אומגעקערט אין בית־מדרש.

❦

249

אין ראַדין איז געווען איינגעפירט משנים קדמוניות, אַז אַ „פּרוש“, אַ ישיבה־בחור, האָט געצאָלט אַ קאָפּיקע מרחץ־געלט. פאַר דעם געלט האָט ער שוין געקראָגן אַ בעזימל, אַזוי ווי אַ בעל־הבית, וואָס האָט געצאָלט צוויי קאָפּיקעס.

אַז מ׳האָט אויפגעבויט די נייע באָד און זי אָפּגעגעבן אין אַרענדע צו אַ נייעם בעדער, האָט דער בעדער געהעכערט ס׳מרחץ־געלט: דריי קאָפּיקעס פון אַ בעל־הבית און צוויי קאָפּיקעס פון אַ פּרוש.

די בעלי־בתים האָבן מקבל געווען די נייע גזירה און געצאָלט. זייער שטעטל און זייער באָד. די פּרושים האָבן געמאַכט אַ ויצעקו: סטייטש, אַז אַלטע חזקה. אגב איז טאַקע אַ קאָפּיקע אַ וואָך ניט קיין קלייניקייט ביי אַ ראַדינער פּרוש.

זיינען די פּרושים אַוועקגעלאָפן צו ר׳ ישראל־מאיר׳ן, דעם „חפץ חיים“, ער זאָל זיך פאַר זיי אָננעמען און ניט לאָזן זיי באַגזל׳ענען.

שיקט ר׳ ישראל־מאיר רופן דעם בעדער און הויבט מיט אים אָן איינ׳טענה׳ן, ער זאָל האָבן איינזעעניש מיט די פּרושים און ניט העכערן ס׳מרחץ־געלט. טענה׳ט אָבער דער בעדער, אַז ער קען ניט געבן פאַר אַ קאָפּיקע אַ מרחץ מיט אַ בעזים. ער צאָלט גרויסע אַרענדע, האָלץ איז טייער, בעזימלאַד קאָסטן געלט און אַליין איז ער אויך אַ איד אַן אָרימאַן, פונוואַנען וועט ער אַלץ נעמען? טענה׳ט אָבער ר׳ ישראל־מאיר, אַז די פּרושים האָבן אַן אַלטע חזקה.

הכלל, ס׳איז געבליבן — אַ דין־תורה; אַז ר׳ ישראל־מאיר, דער טוען מצד די פּרושים, זאָל האָבן אַ דין־תורה מיטן בעדער.

און כּך הוה.

אין ראַדין, ווי דער שטיינער אין קליינע אידישע שטעטלאַך, זיינען געווען צוויי רבנים,ביידע יונגעלייט. האָבן די רבנים מזמין געווען ביידע

בעלי־דינים לדין. ביי דער דין־תורה זיינען די רבנים געזעסן און ר׳ ישראל־מאיר מיטן בעדער זיינען געשטאַנען און גע׳טענה׳ט זייערע טענות.

אויסגעהערט די טענות, האָבן די רבנים געהייסן די בעלי־דין, דעם „חפץ חיים" מיט׳ן בעדער, אַרויסגיין און אָנגעהויבן צווישן זיך דורכקלערן דעם דין.

נאָך אַ ישוב־הדעת האָבן זיי אַרויסגעגעבן דעם פּסק:

— אַ פּרוש צאָלט ווייטער אַ קאָפּיקע מרחץ־געלט. ער קריגט אָבער ניט קיין ניי בעזימל, נאָר אַן אַלט, פון פּראַכטאָגדיקן מרחץ...

250

פּראָפעסאָר וואַמבערי איז געווען אַ גרויסער געלערנטער אין די מזרח־לשונות. ער איז אויסגעפאָרן אין אַלע מזרח־לענדער, אויסגעווען די פּאַרוואָרפנסטע העקן, וואו אונזערער אַ מענטש האָט קיינמאָל קיין דריסת־הרגל ניט געהאַט. בטבע איז ער געווען אַ לאָמער.

בעת ער איז געווען אין לאָנדאָן האָט די מלכה וויקטאָריע אים פאַר־בעטן צו זיך אין פּאַלאַץ. שמועסנדיק מיט אים פרעגט אים די מלכה:

— ווי אַזוי, הער פּראָפעסאָר, האָט איר געקענט מאַכן אַזעלכע גרויסע און שווערע נסיונות מיט אייער קראַנקן פוס?

— אַזעלכע נסיעות — שמייכלט וואַמבערי — מאַכט׳ן ניט מיט די פּ י ס, נאָר מיט׳ן קאָפּ...

251

פּראָפעסאָר שלמה שעכטער, דער ראש פון אידישן טעאָלאָגישן סע־מינאַר, האָט האָלט געהאַט אַ וויץ און איז געווען שאַרף און וויציק אין ריידן.

איינמאָל, בעת ער האָט געזאָגט דעם שיעור פאַר די תלמידים זיינע, האָט זיך איינער אַ תלמיד אַרויסגעכאַפּט מיט עפּעס, וואָס איז ניט געווען קיין גרויס לומדות.

— Well — זאָגט אים שעכטער — You are a great nation.

— ס׳הייסט? — קוקט אים יענער אָן.

— ס׳הייסט פּשוט — שמייכלט שעכטער — דו ביזט אַ גוי גדול...

252

דער העברייאישער משורר ח. נ. ביאַליק איז אַמאָל געזעסן אין זשיטאָמיר אין בית־מדרש און מעיין געווען אין אַן אַלטן ספר.

ער איז דעמאָלט געהאַט צוריקגעקומען פון וואָלאָזשין און איז שוין ניט געווען פון די שטענדיקע זיצער אין בית־מדרש.

## אין די געצעלטן פון תורה

האט זיך טאקע דער עולם אין בית־מדרש געחידוש׳ט.

איינער, אן עלטערער איד, איז געווען טשיקאווע. גייט ער צו צו ביאליק׳ן, כאפט א קוק אין ספר און פרעגט אים:

— חיים־נחמן, וואס קוקסטו דא?

— וואס איך זע דא — ענטפערט ביאליק — וועט איר ניט זען...

# אין טלית און תפילין

253

ר׳ יעקב־יוסף, דער „תולדות״, האט געהאט א ווערטל:

— ס׳איז מיר גרינגער צו זאגן צען חלוקים (פלפולים) איידער צו דאווגען איין שמונה־עשרה...

254

ר׳ לוי־יצחק בארדיטשעווער האט אמאל געזען, ווי א איד א בעל־עגלה שטייט אין טלית און תפילין, דאוונט און שמירט די רעדער.

הויבט ר׳ לוי־יצחק אויף די אויגן צום הימל און זאגט:

— זע, רבונו־של־עולם, ס׳ארא טייער פאלק אידן זיינען. אט איז א פראסטער איד און אפילו בעת ער שמירט די רעדער איז ער צו דיר מתפלל...

255

ר׳ לוי־יצחק בארדיטשעווער איז אמאל צוגעגאנגען צו א אידן בעת יענער איז אויסגעשטאנען שמונה־עשרה און אים געגעבן שלום:

— שלום־עליכם.

— וואס עפעס, רבי? — חידוש׳ט זיך יענער.

— פארשטייסטו מיך — שמייכלט ר׳ לוי־יצחק — אין שמונה־עשרה ביזטו דאך אודאי געווען ערגעץ אויף א יריד, געמאכט מסחרים... אצינד אז דו ביזט געקומען צוריק, קומט דיר שלום־עליכם...

256

דעם איד הקדוש׳ס דרך אין עבודה איז געווען דאוונען גיך.

האט דער לובלינער „חוזה״ אים אמאל געפרעגט:

— איך לעבן, פאר וואס דאוונט איר אזוי גיך?

— די ווערטער — ענטפערט דער איד הקדוש — זיינען ביי מיר זייער ליב. שלינג כ׳זיי.

— פארוואס — פרעגט דער „חוזה“ — דאוון איך ניט גיך? — האב איך, חלילה, ניט ליב ס׳דאווגען?

— אייער דאווגען — ענטפערט דער איד — איז פייער און פייער אז מ׳כאפט, ברענט׳ן זיך אפ...

✻

257

ר׳ חיים צאנזער פלעגט אין דער יונגנט פארן צו ר׳ נפתלי ראפשיצער. זיין דרך אין עבודה איז געווען צו דאווגען מיט גרוים התלהבות און קלאפן בעת׳ן דאווגען מיטן פוס. כידוע, איז ר׳ חיים געווען א לאמער. פלעגט ער אבער ס׳רוב קלאפן גראד מיטן קראנקן פוס.

די רבי׳צן האט׳ס ניט געקענט צוזען און געהאט גרוים צער.

— זע, נפתלי — זאגט זי אמאל צום ראפשיצער — ס׳ארא שלעכטער מענטש דו ביזט. פארוואס לאזטו אים קלאפן מיטן קראנקן פוס? קענסט דאך אים זאגן, ער זאל קלאפן מיטן געזונטן פוס.

— דו ביזט אן אשה — ענטפערט איר ר׳ נפתלי — ווען איך זאל ווייסן, אז ער ווייסט מיט וועלכן פוס ער קלאפט, וואלט איך אים פעוונע ניט געלאזן. די מעשה איז אבער, אז ער אליין ווייסט ניט בעת׳ן דאווגען מיט וועלכן פוס ער קלאפט, צי מיטן געזונטן, צי מיטן קראנקן...

✻

258

ר׳ לייזער־יצחק, ר׳ איצעלע וואלאזשינער׳ס איידים, האט אמאל אנ־טונג געגעבן אויף א ישיבה־מאן, אז ער דאוונט צו גיך. האט ער אים אריינגערופן צו זיך און אנגעהויבן שמועסן מיט אים מכח׳ן ענין פון תפלה, אז דאווגען דארף מען מיט כונה, באזאכט, ווי מ׳ציילט געלט.

— איר ווייסט דאך, רבי — ענטפערט דער ישיבה־מאן — אז מ׳פארט פאמעלאך כאפן זיך ארויף שקצים אויפן וואגן. אז מ׳פארט אבער גיך קענען זיי זיך ניט ארויפכאפן. אז מ׳דאוונט גיך האבן די מחשבות־זרות קיין שליטה ניט.

— כ׳האב אבער מורא — שמייכלט ר׳ לייזער־יצחק — אז דו דאוונסט אזוי גיך, אז דו, שגע, אליין, קענסט זיך ניט ארויפכאפן...

# די וועגן פון עבודה

259

ר׳ פינחס, דער בעל „הפלאה“, איז אויף דער עלטער שטאר געווארן, לא עלינו, אויףביידע אויגן. האבן פראנקפורטער גבירים אראפגעבראכט א גרויסן דאקטער, א מומחה, ער זאל אים אראפנעמען דעם שטאר פון

די אויגן. האט ר׳ פינחס מסכים געווען זיך לאָזן אויסהיילן בלויז איין אויג.

— סטייטש, רבי — שטייען די גבירים צו אים צו — אַן אויג?

— צום לערנען און צום דאַווענען — ענטפערט ר׳ פינחס — קען איך מיד באַגיין מיט איין אויג...

260

ר׳ פינחס, דער בעל „הפלאה״, איז אַמאָל אין אַ ווינטערדיקע נאַכט געזעסן און געלערנט. ס׳איז שוין געווען שפּעט נאָך האַלבע נאַכט, אין דרויסן איז געווען אַ פראָסט מיט אַ שניי — סכנת־נפשות. פּלוצלונג הערט ער ווי עמיצער קלאַפּט אין טיר און בעט זיך רחמים:

— האט רחמנות, לאָזט אַריין אַ אידן.

ר׳ פינחס האט תיכף געעפנט און אין שטוב איז אַריין אַ איד פאַרפרוירן און פאַרשנייט, קוים אַ לעבעדיקער. ר׳ פינחס האט אים אַוועקגעזעצט ביים וואַרימען אויוון, אים געגעבן טרינקען וואַרימס, עפּעס טועם זיין — דער איד האט זיך מחיה געווען.

בעט ער ר׳ פינחס׳ן איבער, וואָס ער האט אַנגעקלאַפּט ביי אים אין מיטן נאַכט, דערציילט אים, אַז ער איז אַ איד אַ סוחר, פאָרט אַצינד אויף אַ יריד, איז שיער ניט דערפרוירן געוואָרן אויפן וועג. ער האט זיך קוים דערשלאָגן צום שטעטל. און היות דעם רב׳ס הויז איז ס׳איינציקע אין שטעטל וואו ס׳האָט זיך געזען פייער, האָט ער אַנגעקלאַפּט.

שמועסנדיק, מאַכט ער צו ר׳ פינחס׳ן:

— איר זעט דאָך, רבי, אַז קיין עולם־הזה האָב איך ניט, ווער פאַר־פינסטערט און פאַר׳חושכ׳ט, תמיד אין וועג — אין קעלט און אין היץ, וועל איך כאָטש האָבן עולם־הבא?

— זע — זאָגט אים ר׳ פינחס — מה־דאָך עולם הזה, וואָס דו האָ־רעוועסט אויף דעם מיט אַלע כחות, האָסטו ניט, אַ פּשיטא עולם הבא, וואָס דו האָרעוועסט גאָרניט...

[אַן אַנדער נוסח: אויב אַזוי, קומט דאָך ס׳פערד דיינעם מער עולם־הבא. ער שטייט נאָך אַצינד אויך אויף דער קעלט...].

261

ר׳ שניאור־זלמן לאַדיער, דער „רב״, פלעגט בעת דבקות זאָגן:

— רבונו־של־עולם, כ׳וויל ניט דיין גן־עדן, כ׳וויל ניט דיין עולם־הבא, כ׳וויל דיך אַליין...

262

דער רבי ר׳ אלימלך פלעגט זאגן:

— אויב בית־דין של מעלה וועט מיר צו־פסק׳נען גיהנום, וועל איך מיטן גאנצן כח אריינשפרינגען אין גיהנם, כדי צו טאָן דעם רצון פון בורא...

263

מ׳האט אמאל דערציילט ר׳ עקיבא אייגער׳ן אויף איינעם א געדריקטן מענטשן, אז צו נאכטמאל האט ער געגעסן א טרוקן שטיקל ברויט מיט א ציבעלע, געלייענט קריאת־שמע און זיך געלייגט שלאָפן.

האט זיך בעת מעשה איינער אויסגערעדט:

— א ביטער רחמנות, נעבאך.

— א רחמנות? — חידוש׳ט זיך ר׳ עקיבא אייגער — א רחמנות איז אויף דעם, וואס עסט א הון מיט פוטער און לייגט זיך שלאָפן אָן קריאת־שמע...

264

צו ר׳ משה סופר, דעם „חתם סופר”, איז אמאל אריינגעקומען דער ראש־הקהל פון פרעסבורג, וואס איז געווען ידוע אין שטאָט פאר א גרויסן סוחר, א גביר אדיר, און געזאָגט מיט א געבראָכן געמיט, גאר־ניט ווי זיין שטייגער, אז ער וויל מיטן רב עפּעס ריידן ביחידות.

ר׳ משה סופר האט צוגעשלאָסן די טיר און געבעטן דעם ראש־הקהל זיצן. יענער איז געזעסן א ווײַלע, ניט געקענט עפענען ס׳מויל און צום סוף קוים ארויסגערעדט:

— רבי, כ׳בין אומגליקלאך.

— וואָסי געשען? — פרעגט ר׳ משה סופר.

— כ׳האב פארלאָרן מיין גאנץ פארמעגן — זאָגט דער ראש־הקהל — כ׳בין איצט אן ארימאַן, אן אביון. ס׳קומט מיר אויס, שונאי ישראל, נעמען א טאָרבע און גיין איבער די הייזער.

— אזוי ווייט? — חידוש׳ט זיך ר׳ משה סופר — און אז מ׳פארלירט געלט, דארף׳ן שוין זיין אזוי אראָפּגעפאלן? נישקשה, דער עולם קען אייך און איר וועט ווייטער בלייבן דער אייגענער נכבד וואָס געווען.

— כ׳בין, אבער, רבי — פארטרויט אים דער ראש־הקהל — א גרויסער בעל־חוב, ארויסגעגעבן וועקסלען, גוט־געזאָגט פאר אנדערע און אצינד קומט אוים כ׳זאל, חלילה, ווערן אן אנזעצער.

— ס׳וועט ניט קומען צו דעם — טרייסט אים ר׳ משה סופר.

— הלואי, רבי — זאָגט דער ראש־הקהל — כ׳קען מיר אָבער קיין עצה ניט געבן. כ׳וואָלט אַצינד געפאָרן, ווי אַלע יאָר, קיין לייפּסק אויפן יריד, האָב איך פשוט ניט אויף הוצאות.

— ווייסט עמיצער שוין פון אייער מצב? — פרעגט אים ווייטער ר׳ משה סופר.

— אַ חוץ אייך, רבי — זאָגט דער סוחר — ווייסט דערווייל קיינער ניט. אפילו דעם אייגענעם ווייב ניט פאַרטרויט. וואָס איז אָבער די פּעולה? היינט־מאָרגן וועט גאַנץ שטאָט וויסן, אַז כ׳בין הײַ־יאָר ניט געפאָרן קיין לייפּסק — און מער דאַרף מען ניט.

— וואָס אַז ערד — פרעגט ר׳ משה סופר — קאָסט אַ נסיעה קיין לייפּסק?

— פון אַמאָליקע נסיעות מײַנע — זאָגט דער ראש־הקהל — איז אָפּ־גערעדט. היינט וואָלט איך געמאַכט אַ נסיעה פאַר הונדערט גילדן. האָב איך אָבער קיין איין גילדן אויך ניט.

— הונדערט גילדן? דאָס גאָר? איך לײַ אייך הונדערט גילדן און פאַרט שוין מאָרגן קיין לייפּסק. השי״ת וועט העלפן — און אַזוי רייידנדיק איז ר׳ משה סופר צוגעגאַנגען צום אַלמער, אַרויסגענומען הונדערט גילדן, זיין גאַנץ פאַרמעגן, און דערלאַנגט דעם ראש־הקהל.

יענער האָט לכתחילה ס׳געלט ניט געוואָלט נעמען. ער איז געקומען צום רב אויסריידן ס׳האַרץ, פרעגן אַן עצה, אָבער, חלילה, ניט בעטן קיין געלט. און ווי אַזוי קען ער אָוועקנעמען ביים רב זיין גאַנץ אייגנס, ניט וויסנדיק, צי ער וועט קענען אָפּגעבן. ר׳ משה סופר האָט אים אָבער ניט געלאָזט ריידן, מיט געוואַלד אים אַרייגעשטופּט ס׳געלט, אים אָנ־גענומען פאַר דער האַנט און צוגעפירט צום טיר:

— שטייט דאָ ניט קיין איבעריקע מינוט, מאַכט אייך שוין גרייט צו אייער נסיעה.

— כ׳האָב ניט קיין ווערטער אייך צו דאַנקען, רבי... — האָט דער ראש־הקהל אָנגעהויבן מיט טרערן אין די אויגן.

— דאַנקען? חלילה! — לאָזט אים ר׳ משה סופר ניט ריידן — אויב איר וועט מיך דאַנקען, וועל איך מוזן צוריקנעמען ס׳געלט. איך בין איצט אייער מלוה און טאָר פון אייך ניט נעמען קיין פּראָצענט, אפילו אַ גוט וואָרט. פאָרט לחיים ולשלום און השי״ת וועט אייך מצליח זיין.

הכלל, דער פּרעסבורגער סוחר איז מיט די הונדערט גילדן אָוועקגע־פאָרן קיין לייפּסק. תיכף ווי ער איז געקומען איז ער אַרוים אין מאַרק, אויפן יריד. טרעפט אים אַז אַ באַקאַנטער סוחר זיינער און באַט אים אַז אַ שיף קאַווע אויף באָרג. האָט ער געקויפט. דעם אייגענעם טאָג האָט

זיך קאווע געהויבן און ער האט פארקויפט זיין סחורה מיד ליד און פארדינט כמה אלפים. דעם גאנצן יריד האט אים ס'מזל געשפילט. וואס ער האט געקויפט, האט ער פארקויפט מיד ליד מיט גרויסע רווחים און מזומן געלט.

פארן פארן אהיים האט ער זיך מיישב געווען: מ'דארף ברייגנען דעם רב א שיינע מתנה. און היות ר' משה סופר איז געווען א גרויסער מבין אויף בריליאנטן, האט ער פאר אים געקויפט א גאלדענעם רינג מיט א טייערן שטיין.

קומענדיק קיין פרעסבורג, איז ער תיכף אריין צום רב מיט א שמחה:

— רבי, אייער ברכה איז מקויים געווארן. נאט אייך אפ אייערע הונדערט גילדן. און דאס, רבי, איז א קליינע מתנה פאר אייער גרויסע טובה, וואס איר האט מיר געטאן — און דערלאנגט אים דעם רינג.

ר' משה סופר נעמט דעם רינג, באטראכט דעם בריליאנט און זאגט מיט התפעלות:

— א יופי. אזא בריליאנט איז אין גאנץ פרעסבורג ניטא.

און לאזט ניט ארויס דעם רינג פון האנט.

דער ראש־הקהל שטייט און שמעלצט זיך. צוגעטראפן דעם רב.

ר' משה סופר האלט אלץ אין באטראכטן דעם רינג און ארויסזאגן זיין התפעלות:

— א טייער שטיין, ריין ווי וואסער, אן א שמץ.

א ווײַלע שפעטער גיט ער דעם רינג דעם ראש־הקהל און מאכט צו אים:

— כ'זאג אייך נאכאמאל, אז אזא בריליאנט האב איך נאך ניט געזען. ס'איז א כלי־יקר. ניצט אים געזונטערהייט.

— ס'הייסט, רבי? — חידוש'ט זיך דער ראש־הקהל — כ'האב דאך דעם רינג געקויפט פאר אייך און ב"ה צוגעטראפן, פארוואס זאלט איר מיין מתנה ניט אנעמען?

— איידער איך האב אייך געגעבן די הלואה — ענטפערט ר' משה סופר — וואלט איך פון אייך אפשר יא אנגענומען א מתנה. אצינד קען איך ניט. ס'שמעקט מיט רבית.

דער פרנס איז נעבאך ארויס א פאר'צער'טער.

בעת מעשה זיינען דארטן געזעסן צוויי פון „חתם סופר'ס" תלמידים. אז דער פרנס איז ארויס, האט איינער פון זיי זיך געמאכט הארץ און געפרעגט דעם „חתם סופר":

— האט קיין פאריבל ניט, רבי, וואס כ'וויל אייך פרעגן: אז איר האט ניט געוואלט נעמען דעם רינג מחמת רבית, צו וואס האט איר אים לכתחילה באטראכט מיט אזא התפעלות און אזא שמחה?

— אַט די מדה — זאָגט ר׳ משה סופר — האָב איך געלערנט פון מיין רבי׳ן, ר׳ נתן אַדלער, זצ״ל. די מעשה איז אַזוי געווען:

איינמאָל איז׳ן געקומען צו אים פון אַדענוואַלד, אַ שטעטל לעבן פראַנקפורט, ער זאָל ראַטעווען די אידישע קהלה. צוליב אַ מלשינות פון שונאי ישראל האָלט׳ס ביי אַ גירוש אויף אַלע אידן. און היות ער קען דעם שר פון שטעטל, זאָל ער פאָרן זיך משתדל זיין, אַז די גזירה זאָל בטל ווערן. די שלוחים זיינען אָנגעקומען קיין פראַנקפורט ערב־שבת־חנוכה, אַ האַלבע שעה פאַר קבלת־שבת. מוצאי־שבת, תיכף נאָך הבדלה, האָט דער רבי געשיקט דינגען אַ פור, פאָרן קיין געלנהויזן צום שר. האָט אָבער קיינער פון די בעלי־עגלות ניט געוואָלט פאָרן מיט קיין פור, צוליב די טיפע שנייען, און פאָרן אין אַזאַ אָפּענעם שליטן, איז געווען אַ סכנה פאָר׳ן רבי׳ן, מחמת ער איז געווען אַ חלוש. די נכבדי העיר האָבן געפּרואווט אים אָפּריידן, ער זאָל ניט פאָרן ביינאַכט, ליבערשט וואַרטן ביז אין דערפרי. דער רבי האָט אָבער ניט געוואָלט הערן. ס׳הייסט, אַ אידישע קהלה איז אין סכנה — מ׳טאָר קיין מינוט ניט וואַרטן. בין איך אַרויס און האָב געקראָגן צו דינגען אַ פור, געשפּאַנט מיט צוויי פערד און בין אויך מיטגעפאָרן.

אָפּגעפאָרן אַ שטיק וועג, בלייבן מיר פּלוצלונג שטיין. וואָס איז געשען? מיר זיינען אַריין אין אַ גרוב שניי און קענען ניט אַרויס. דער בעל־עגלה שמייסט די פערד, שלעפּט — ס׳העלפט קיין זאַך ניט. האָט דער בעל־עגלה אויסגעשפּאַנט אַ פערד און אַוועקגעריטן אין אַ נאָענטן דאָרף, ברייננגען אַ פּאָר פערד, צושפּאַנען צו זיינע און אַרויס־שלעפּן דעם וואָגן. מיר זיינען געבליבן זיצן אין וואָגן און עוסק געווען אין תורה. אין אַ פּאָר שעה אַרום איז דער בעל־עגלה צוריקגעקומען מיט אַ פרישן שפּאַן און זיך אָנגעהויבן עוסק׳ן אַרום וואָגן. פּלוצלונג שפּרינגט דער רבי אַרויס פון וואָגן, פאַרלירנדיק בעת מעשה די וואַרימע שיך און הויבט אָן טאַנצן אין שניי אין די הוילע זאָקן מיט אַזאַ שמחה, וואָס כ׳האָב קיינמאָל פון אים ניט געזען. מורא־האָבנדיק פאַר זיין געזונט, בין איך תיכף אַראָפּ פון וואָגן און אים מיט כח צוריק אַריינגעזעצט. ער איז אָבער ווידער אַרויסגעשפּרונגען.

— וואָס איז געשען, רבי? — פרעג איך אים.

— זעסט ניט? — ווייזט ער מיר אָן אויפן שפּאַן.

כ׳גיב אַ קוק: דער גוי׳שער בעל־עגלה האָט צוגעשפּאַנט צוויי אָקסן צו זיינע פערד. כ׳האָב דעם גוי תיכף מודיע געווען, אַז מיר אידן טאָרן ניט פאָרן מיט צוויי מינים בעלי־חיים, אים צוגעזאָגט אַ היפּשע הוספה און אים צוריקגעשיקט אין דאָרף ברייננגען פערד.

דערנאָך פרעג איך דעם רבין:

— זאָגט מיר, רבי, פאַרוואָס האָט איר געהאַט אַזאַ שמחה?

— וואָס פאַרשטייסטו דאָ ניט? — ענטפערט ער מיר — ווען וואָלט איך, זיצנדיק אין פראַנקפורט, געקענט מקיים זיין די מצוה פון כלאים?

— ס׳איינגענע — פירט אויס דער „חתם סופר“ — איז מיר איצט צו האַנט געקומען. ווען קען איך, אַ רב ביי אידן, מקיים זיין די מצוה פון רבית? ווען קען מיר אויסקומען צו לייען מענטשן געלט? און ווער וועט אַ רב געבן פּראָצענט? אַצינד האָט זיך מיר געמאַכט, אַז איך האָב די מצוה מקיים געווען, האָב איך געהאַט גרויס שמחה.

⁂

265

ר׳ נפתלי ראָפּשיצער איז, כידוע, געווען אַ גרויסער וויצלינג, אַ שאַרפער ווערטל-זאָגער. האָט אים דער לובלינער „חוזה“, ר׳ יעקב-יצחק, אַמאָל פירגעהאַלטן פאַר זיין מדה זיך צו חכמה׳ן און זאָגן גלייכווערטלאָך.

— ס׳שטייט דאָך — זאָגט אים דער „חוזה“ — „תמים תהיה עם ה׳ אלקיך“ און ניט „חכם תהיה“, איז געדרונגען, אַז תמימות איז העכער ווי חכמה.

— יאָ, רבי — ענטפערט ר׳ נפתלי — מ׳דאַרף אָבער האָבן גרויס חכמה, כדי צו קענען זיין אַ תמים מיטן רבונו-של-עולם...

⁂

266

ר׳ ישראל ריזשינער איז, כידוע, צוליב אַ מסירה געזעסן אין תפיסה. אַז ער איז אַרויס פון תפיסה, האָט ער געזאָגט:

— כ׳האָב קיינמאָל ניט פאַרשטאַנען פאַר וואָס דער יצר-הרע הייסט: „מלך, זקן וכסיל“, אַ מלך, אַ זקן און אַ נאַר. מילא אַ מלך — ער געוועלטיקט איבערן מענטשן; אַ זקן — ער קומט צום מענטשן פונם געבאָרן-טאָג אָן; אָבער פאַרוואָס רופט׳ן אים נאַר? אין תפיסה איז מיר די זאַך רעכט געוואָרן. בעת כ׳בין געווען פאַרשפּאַרט אינעם תפיסה-קאַמער, איז דער יצר-הרע די גאַנצע צייט מיט מיר געזעסן און פון מיר ניט אָפּגעטראָטן.

— אַזוי — זאָג איך צו אים — ביזטו דאָך טאַקע אַ שוטה. בשלמא איך מוז זיצן פאַרשפּאַרט, ניט אָנזען די ליכטיקע וועלט. אָבער וואָס זיצסטו דאָ?...

⁂

267

ר׳ ישראל ריזשינער האָט געהאַט אַ ווערטל:

— מיין טאַטע, זכרונו לברכה, האָט פיינט געהאַט שניי און איך האָב׳ם אויך ניט ליב. אַ זאַך זאָל זיך אויסלייגן אַזוי ווייס און זיך אויסלאָזן אַזאַ בלאָטע...

268

א חסיד האט אמאל געפרעגט ר׳ חיים צאנזער:

— רבי, וואס טוט איר פארן דאווגען?

— פארן דאווגען — ענטפערט ר׳ חיים — דאוון איך...



269

ר׳ לייבעלע חסיד (ר׳ לייבעלע קעלמער) איז געווען זייער זהיר אין ריידן, האט געציילט איטלאכס ווארט, ער זאל, חלילה, ניט נכשל ווערן אין שקר, אין לשון־הרע, אדער אן אנדער דבור האסור.

איינמאל איז צו אים אריין א יונגערמאן פונם שטעטל. זיצנדיק א ווײַלע, הויבט זיך אויף דער יונגערמאן אוועקצוגיין.

— רבי — זאגט ער — איר האט אודאי קיין צייט ניט.

— פונוואנען ווייסטו? — פרעגט אים ר׳ לייבעלע.

— כ׳בין מיד משער — ענטפערט דער יונגערמאן.

— דו האסט דאך אבער געזאגט אודאי — מוסר׳ט אים ר׳ לייבעלע — א איד דארף היטן ס׳מויל...



270

בעת ר׳ זונדל סאלאנטער האט געלערנט אין וואלאזשין האבן אמאל די ישיבה־לייט אכטונג געגעבן, ווי אלע אינדערפרי גייט ער ארום אין דער גוי׳שער גאס און רויכערט א ליולקע, מעשה פריץ, גארניט ווי קיין ישיבה־מאן. האט׳ן עס דערטראגן צום ראש־ישיבה. שיקט דער ראש־ישיבה אים רופן און פרעגט אים צי ס׳איז אמת.

— יא, רבי — ענטפערט ר׳ זונדל — ס׳איז אמת. כ׳האב מיך דער־וואוסט, אז כמה אידן אין שטעטל קויפן גוי׳ש ברויט. גיי איך אלע אינדערפרי איבער די גוי׳שע בעקערייען און בעט פייער צו פארויכערן מיין ליולקע. ביני לביני ווארף איך אריין א שפענדל אין אויוון — און אידן ווערן אפגעהיט פון א מכשול *.



271

ר׳ ישראל סאלאנטער האט פון קיינעם ניט געוואלט נהנה זיין מער וויפל ער האט געדארפט האבן אויף חיונה. דער קאוונער גביר, ר׳ הירשל נאוויאזער, האט אים געוואלט אויסהאלטן בכבוד ובריוות. ר׳ ישראל האט אבער ניט געוואלט נעמען מער ווי אויף פרנסה בצמצום. און אויך דאס

* לויטן דין איז גוי׳ש ברויט כשר אויב א איד העלפט מיט עפעס צו ביים באקן.

האט ער גענומען בעל־כרחו און געקוקט אויף זיך ווי אויף איינעם וואס לעבט פון גזל.

איינמאל איז געקומען א רב, אן אורח, אים געוואויר ווערן. ר׳ ישראל האט דעם רב מקבל געווען בסבר פנים יפות און געהייסן לכבוד דעם אורח גרייטן צום טיש.

ביים טיש זאגט ר׳ ישראל צום אורח:

— איר מעגט עסן. פאר אייך איז׳ס כשר.

— ס׳הייסט? — חידוש׳ט זיך דער אורח.

— פארשטייט איר מיך — זאגט ר׳ ישראל — פאר מיר איז׳ס אפשר ניט כשר, א חשש גזל. פאר אייך איז׳ס אבער כשר, מחמת איך האב׳ס שוין קונה געווען בשינוי מעשה *.

272

בעת ר׳ ישראל סאלאנטער האט געוואוינט אין קיניגסבערג, האט ער געלעבט אין גרויס דחקות, צומאל אפילו קיין רעכט טלית ניט גע־האט, און געדאווענט איז אן אלט, צעריסן טלית.

האט איינער פון די קיניגסבערגער גבירים אים געוואלט קויפן א ניי טלית. ר׳ ישראל האט אבער ניט געוואלט נעמען. האט דער גביר אנ־געשטעלט איינעם פון ר׳ ישראל׳ס מקורבים, פועל׳ן ביי ר׳ ישראל׳ן, ער זאל זיך לאזן קויפן א ניי טלית.

— רבי — האט יענער אנגעהויבן איינ׳טענה׳ן מיט ר׳ ישראל׳ן — א ניי טלית איז א הידור מצוה. איך אליין, ווען כ׳וואלט פארדינט, וואלט איך מיר געקויפט א ניי טלית.

— יא — זאגט ר׳ ישראל — ווען א י ך וואלט פארדינט, וואלט איך מיר אויך געקויפט א ניי טלית...

273

ר׳ ישראל סאלאנטער איז אמאל געגאנגען וויינטער ביים טייך. גע־ווען איז׳ס חנא, בעת די גוים האקן אויס א צלם אין טייך און זיי׳נען טובל דעם יוזל זייערן.

— טשיקאווע — זאגט ר׳ ישראל — וואסער איז דאך אזא ריינע זאך, רייניגט אלע טומאות, פונדעסטוועגן, אז ס׳ווערט פ א ר פ ר ו י ר ן קען מען פון דעם מאכן א צלם...

* דער דין איז, אז איינער גזל׳ט עפעס און מאכט אין דעם א שינוי איז׳ס שוין זיינס.

274

ר׳ ישראל סאַלאַנטער איז אַמאָל אַריינגעגאַנגען צו אַ שוסטער פאַריכטן די שיך. ס׳איז געווען אין אָוונט און דער שוסטער האָט גע־אַרבעט פאַר פייער, פאַר אַ שטיקל ליכט, וואָס האָט שוין געהאַלטן ביים אויסגיין.

— אַ שאָד — מאַכט ר׳ ישראל — איר׳ט שוין ניט באַוויייזן.

— נייז, רבי — זאָגט דער שוסטער — כּל־זמן ס׳ליכטל ברענט קען מ׳נאָך פאַריכטן.

— גערעכט, גערעכט — זאָגט ר׳ ישראל און הויבט אָן אַרומגיין און אונטערזינגען מיט זיין מוסר־ניגון — כּל־זמן ס׳ליכטל ברענט קען מ׳נאָך פאַריכטן *...

275

ר׳ יצחק מאיר גערער האָט אַמאָל געזאָגט:

— ווייסט איר וואו דער רבונו־של־עולם וואוינט?

— וואו מ׳לאָזט אים אַריין...

276

מ׳האָט אַמאָל דערציילט ר׳ יצחק־מאיר גערער, אַז ס׳איז דאָ אַ מאַשין אָנצעוואַרימען די מקוה.

— קיין חידוש ניט — שמייכלט ר׳ יצחק־מאיר — הייסע דורות, קאַלטע מקוות; קאַלטע דורות, הייסע מקוות...

277

אַרום ווילקאָמיר אויף אַ ישוב, האָט געוואוינט אַ ישוב׳ניק. ער האָט זיך געפירט זייער פּראָסט, ווי אַ פּאַרגרעבטער מענטש, אַז אַלע, אַפילו די ישוב׳ניקעס, האָבן אים גערופן: לייבע דער בזוי.

איינמאָל איז דער ווילקאָמירער רב, ר׳ שלמה׳לע דער גרויסער, גע־פאָרן פון אַ נסיעה אַהיים, קיין ווילקאָמיר. ס׳איז געווען פרייטאָג, ווינ־טער־צייט, דער וועג איז געווען אַ שווערער און ר׳ שלמה האָט געזען, אַז ער וועט שוין אויף שבת אַהיים ניט אָנציען, האָט ער געהייסן דעם בעל־עגלה פאַרפאָרן אינם נאָענטסטן דאָרף, צו לייבע דעם בזוי, וואָס איז דער איינציקער איד אויפן ישוב. דער ישוב׳ניק האָט לכתחילה אָנ־געהויבן אַפּצוריידן דעם רב, ווי וועט ער האַלטן שבת ביי אַזאַ גראָבן יונג ווי ער. זאָל ער ליבערשט פאָרן ווייטער אַביסל, דאָרט איז דאָ אַ אידישע אכסניא, וועט ער קענען האַלטן שבת ווי געהעריק איז. ר׳ שלמה׳לע

* ס׳הייסט, כּל־זמן אַ מענטש לעבט קען ער נאָך מתקן זיין...

האָט אים אָבער געענטפערט, אַז ערב־שבת נאָך אַ האַלבן טאָג פאָרט ער ניט און ער מוז דאָ האַלטן שבת.

פרייטאָג־צו־נאַכטס האָט ר׳ שלמה־לע אַכטונג געגעבן, אַז דער ישוב־ניק איז זיך נוהג ניט ווי קיין עם־הארץ, איז מדקדק אין כמה זאַכן ווי אַ למדן. איז ער מיט אים אַריין אין אַ שמועס, אים געפרעגט אַ פּאָר זאַכן, וואָס דער ישוב׳ניק האָט געמוזט ענטפערן און אַזוי ביסלאַכווייז האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז לייבע דער בזוי איז אַ למדן מופלג און אַ צדיק תמים. ער האָט אָבער געבעטן ר׳ שלמה׳לען, ער זאָל קיינעם ניט מגלה זיין, מחמת ער וויל ניט, דער עולם זאָל וויסן.

אין אַ צייט אַרום, בעת ר׳ שלמה׳לע איז געגאַנגען פון בית־מדרש, האָט ער אָנגעטראָפן אַ לויה.

— ווער — פרעגט ער — איז׳ס געשטאָרבן?

— אַ פּראָסטער ישוב׳ניק — ענטפערט׳ן אים — לייבע דער בזוי.

ווי ר׳ שלמה׳לע האָט דערהערט דעם נאָמען, האָט ער געריסן קריעה און געהייסן צופירן די לויה צום בית־מדרש — ער אַליין וועט דעם נפטר מספיד זיין. אין הספד האָט ער דערציילט ווער לייבע דער בזוי איז גע־ווען און גאַנץ שטאָט איז נאָכגעגאַנגען נאָך דער לויה.



278

צו ר׳ יאָשע־בער בריסקער איז אַמאָל געקומען אַ משולח ערב־שבת. האָט אים ר׳ יאָשע־בער געבעטן ער זאָל האַלטן ביי אים שבת.

פרייטאָג פאַר ליכטבענטשן זאָגט ר׳ יאָשע־בער צום אורח:

— לייט מיר, זייט־זשע מוחל, פינף קאָפּיקעס.

האָט אים דער אורח געגעבן.

שבת־צו־נאַכטס, נאָך הבדלה, גיט ר׳ יאָשע־בער אָפּ דעם משולח די פינף קאָפּיקעס. דער אורח דערקענט, אַז ס׳איז די זעלבע מטבע, וואָס ער האָט דעם רב געגעבן.

— האָט קיין פאַריבל ניט, רבי — זאָגט ער — וואָס כ׳וועל אייך פרעגן, צו וואָס האָט איר מיר געבעטן לייען די פינף קאָפּיקעס? כ׳זע דאָך, אַז איר האָט זיי אפילו ניט אויסגעביטן.

— פאַרשטייט איר מיך — ענטפערט ר׳ יאָשע־בער — איר זייט דאָך אַ וועג־מענטש, איר פאָרט תמיד אַרום, ווען קען איך אויסקומען מקיים זיין די מצוה פון גמילת־חסד? ווער וועט ביי אַ אידן אַ דורכפאָרער בעטן אַ הלואה? האָב איך אייך געוואָלט מזכה זיין מיט דער מצוה...

279

ר׳ יאשע־בער האָט ניט געהאַלטן פון עם־הארצות׳דיקער פרומקייט.
איינמאָל האָט ער געזען, ווי איינער האָט זיך געוואַשן צום עסן און אויסגעגאָסן צוויי פולע קווארט וואַסער.

— אַ רחמנות, נעבאַך, אויף דעם אידן — שמייכלט ר׳ יאַשע־בער — זיין גאַנץ יראת־שמים גיסט ער אויס אין פּאַמעשאַף...

⁂

280

ר׳ הירש אויערבאַך, קאָנינער רב, איז אַמאָל קראַנק געוואָרן. האָט׳ן געשיקט רופן אַ דאָקטער. דער דאָקטער איז געקומען, אָנגעהויבן באַ־טראַכטן דעם חולה און געהייסן אים ווייזן די צונג.

— אייער צונג, רבי — זאָגט דער דאָקטער — איז ניט ריין.

— יאָ — קרעכצט ר׳ הירש — כ׳ווייס. ווער האָט׳ס היינט, בעוונותינו הרבים, אַ ריינע צונג?...

## אָפּריכטן גלות

281

בעת דער ווילנער גאון האָט אָפּגעריכט גלות, איז ער אַמאָל געגאַנגען פון איין שטעטל אין דעם אַנדערן. אויפן וועג איז אָנגעפאָרן אַ אידישער בעל־עגלה. דער בעל־עגלה זעט אַ איד גייט צופוס מיטן קלומיק אויף דער פּלייצע, פרעגט ער אים:

— וואו גייט איר, ר׳ איד?

— אין שטעטל — ענטפערט דער פוסגייער.

— זעצט אייך אויף — זאָגט דער בעל־עגלה — וועל איך אייך צופירן.

דער גאון האָט זיך אַ־יפגעזעצט און זיי זיינען געפאָרן ווייטער.

אַז ס׳איז וואַרים געוואָרן, האָט דער גאון אויסגעטאָן זיין אויבער־בגד, איז געבליבן זיצן אין טלית און תפילין און עוסק געווען אין תורה, ווי זיין דרך איז געווען.

אין מיטן וועג זאָגט דער בעל־עגלה צו אים:

— ר׳ איד, מיך שלעפערט זייער, וויל איך מיך אַביסל צושפּאַרן אין וואָגן. זייט־זשע מוחל, זעצט אייך איר אויף דער קעלניע און נעמט די בייטש מיט די לייצעס. די סוסים מיינע זיינען קלאָר דעם וועג ווי אַ פרומער איד אין אשרי, מ׳דאַרף צו זיי קיין שאַרפער למדן ניט זיין.

דער גאון האָט ניט גערעדט ס׳אַנדערע וואָרט, האָט זיך איבערגעזעצט אויפן בעל־עגלה׳ס אָרט אָנטרייבן די פערד. טאָן אַ אידן אַ גמילת־חסד.
און אַזוי זיינען זיי אַריינגעפאָרן אין שטעטל.

הינטערן עירוב איז פאַרבייגעגאַנגען אַ איד, וואָס איז גראָד אַמאָל געווען אין ווילנע און געקענט דעם גאון. זעט ער, אַז דער גאון זיצט ווי אַ בעל־עגלה און פירט אַ פאַרשוין. לויפט ער אַן אָטעם אַוועק אויפן מאַרק און הויבט אָן שרייען מיט קולות:

— אידן, משיח איז געקומען! משיח איז געקומען!...

איז'ן צענויפגעלאָפן פון גאַנץ שטעטל. פרעגט'ן אים:

— וואָסי געשעען?

— משיח איז געקומען — סאָפּעט דער איד — פאָרט אַהער.

קוקן דאָך אים אידן אָן:

— משוגע, צי חסר־דעה?

— בעיני ראיתי — שווערט זיך דער איד ביי באָרד און פיאות — ווי ס'פאָרט אַהער אַ וואָגן און דער ווילנער גאון אַליין, בכבודו ובעצמו, איז דער שמייסער. היינט ווער איז דער פאַרשוין, וואָס זיצט אין וואָגן, אויב ניט משיח?...

ווי זיי שטייען אַזוי, איז דער וואָגן ארויפגעפאָרן אויפן מאַרק. ווערן די אידן נבהל ומשתומם. אויף דער קעלניע זיצט דער גאון, אין טלית און תפילין און האַלט די בייטש מיט די לייצעס.

זיי לויפן צו צום וואָגן, קוקן אריין אינעווייניק און זעען, — דער שטעטלשער בעל־עגלה ליגט און כראָפּעט...

282

דער „שאגת אריה" האָט, כידוע, אָפּגעריכט גלות. געגאַנגען איז ער אָנגעטאָן אין אַ לייוונטענע קאַפּאָטע, ארומגעבונדן מיט אַ שטריק, אויפן שטריק אָנגעבונדן אַ טעפּל מיט אַ לעפל און אַ קלומיק אויפן פּלייצע. וואו ער פלעגט קומען, פלעגט ער בעטן מ'זאָל אים אָפּקאָכן אַביסל גרויפּן זיינע אין זיין אייגן טעפּל. מחמת ער איז געווען נזהר אין „חדש", האָט ער ביי קיינעם ניט געגעסן, אפילו זיך ניט געמישט מיט די כלים.

איינמאָל איז ער געקומען קיין ברעסלוי, וואו ר' ישעיה פּיק, דער „מסורת הש"ס" איז געווען רב. ר' ישעיה איז געווען אַ איד אַ נגיד און געפירט אַ ברייטן שטאָט. איז דער „שאגת אריה" אַריין צו ר' ישעיה'ן אין שטוב און געזאָגט צו דער רבי'צן:

— נאָ דיר גרויפּן און אַ טעפּל און קאָך מיר אָפּ אַביסל געקעכץ. (דער „שאגת אריה" האָט קיינעם ניט געאירצט).

ר' ישעיה'ס ווייב האָט אים אָנגעקוקט. אין ברעסלוי און ביי ר' ישעיה'ן אין שטוב איז אַזאַ פאַרשוין מיט אַזאַ הילוך געווען אַ חידוש. אחוץ דעם האָט דער „שאגת אריה" געהאַט אַ משונה'דיקן אויסזען:

אַ קאָפּ גרויס ווי אַן עמער, אַ נאָז אַ ברייטע מיט אַ פּאָר פייערדיקע אויגן.

איז ס׳ווייב אַריין צו ר׳ ישעיה׳ן אין קאַבינעט און אים דערציילט, אַז ס׳איז געקומען עפּעס אַ איד, אַן אָרימאַן, אַ מטורף הפנים, וויל מ׳זאָל אים קאָכן עסן דווקא פון זיינע גרויפּן און אין זיין כלי.

ר׳ ישעיה האָט געהייסן דעם ווייב נאָכגעבן דעם פרעמדן אידן און אַליין איז ער אַרויס געבן דעם אורח שלום און אים פאַרבעטן צו זיך אין קאַבינעט.

דער „שאגת אריה“ איז דורכגעגאַנגען רייכע חדרים מיט שיינע מעבל, וואָס ער האָט אויף זיין לעבן ניט געזען. ר׳ ישעיה׳ס קאַבינעט איז אויך געווען רייך אויסגעריכט.

ר׳ ישעיה איז אַריין מיטן אורח אין אַ שמועס, אים געפרעגט פונ־וואַנען ער קומט, וואוהין ער פאָרט. דער „שאגת אריה“ האָט אים תיכף אויפ׳ן אָרט געפרעגט אַ קשיא, מסתמא אַ שווערע קשיא, אויפן שאגת אריה׳ס דרך. ר׳ ישעיה האָט אַביסל געהאָרעוועט און געענטפערט אַ תירוץ. דעם „שאגת אריה“ איז דער תירוץ געפעלן געוואָרן.

— מיר איז אַ גרויסער חידוש אויף דיר — זאָגט ער צו ר׳ ישעיה׳ן — לעבסט אין אַזאַ רחבות און קענסט לערנען...

283

בעת דער „שאגת אריה“ האָט אָפּגעריכט גלות, איז ער געקומען קיין דעסוי, וואו ר׳ דוד פריינקל, דער „קרבן עדה“, איז געווען רב. צו קבלת־שבת איז ער געגאַנגען אין שול און זיך געשטעלט לעבן טיר, צווישן אַלע קבצנים־אורחים, וואָס האָבן געוואַרט מ׳זאָל זיי נעמען אויף שבת. אַז דער גבאי האָט אויסגעטיילט די אורחים, איז דער „שאגת אריה“ אָנגעקומען צום רב.

כדרך הטבע, איז ביים רב געווען אַ שבת׳דיקער טיש ווי ביי לייטן: חלה, וויין, פיש, פלייש. דעסוי איז דאָך ניט קיין קליין שטעטל אין דער ליטע. דער „שאגת אריה“, וואָס איז, נעבאָך, געווען אַן עני ואביון און תמיד געלעבט בדוחק, האָט זיך צוגעכאַפּט צו די גוטע מאכלים, גענומען ווי אַן אַכלן און אַ וואָרט ניט גערעדט. דער רב האָט אים אָנגעקוקט: עפּעס אַ מגושמ׳דיקער אורח. אויף מאָרגן — ווייטער ס׳איי־גענע: דער „שאגת אריה“ עסט און רעדט אַ וואָרט ניט. נאָכן עסן זיינען זיי געגאַנגען אין שול, וואו דער „קרבן עדה“ האָט געהאַלטן זיין שבת׳דיקע דרשה, מיט גרויס חריפות און בקיאות — ווערליק דער „קרבן עדה“. געקומען אַהיים, זיך געזעצט צו „שלש סעודות“ — דער „שאגת

אריה" עסט ווייטער מיט גרויס אפּעטיט און שווייגט. קען זיך דער „קרבן עדה" ניט איינהאַלטן און מאַכט צו אים מיט אַ שמייכל:

— די וועלט זאָגט: „כּאכילתכם כּן תּורתכם". לויט אייער עסן, ר' איד, דאַרפט איר זיין אַ גרויסער למדן.

האָט דער „שאגת אריה" אויף אים אַ קוק געטאָן און אָנגעהויבן איבערזאָגן די גאַנצע דרשה, וואָס דער רב האָט געזאָגט ביי טאָג און אויסגעפירט צום סוף, אַז לויט יענעם און יענעם תוספות פאַלט די גאַנצע דרשה אַוועק.

איז דער „קרבן עדה" אויפגעשפּרונגען פון התפּעלות און אַ זאָג געטאָן:

— דאָס פּאַסט פאַרן „שאגת אריה"...



284

בעת ר' לייב, דער „שאגת אריה", האָט אָפּגעריכט גלות, איז ער געקומען קיין קיניגסבערג. איז ער אַריין צום רב, צו ר' לייבעלע עפּשטיין, אין שטוב און געזאָגט צו דער רבי'צן:

— נאָ דיר גראָשן און אַ טעפּל און קאָך מיר אָפּ אַביסל גערעכץ.

די רבי'צן האָט אים אָנגעקוקט. אַ טשיקאַווער פּאַרשוין. איז זי אַריין צום רב און אים דערציילט, אַז ס'איז געקומען אַ איד, אַן אָרימאַן, אַ מטורף הפּנים, וויל מ'זאָל אים קאָכן עסן דווקא אין זיין טעפּל.

ר' לייבעלע עפּשטיין האָט פאַרשטאַנען, אַז ס'איז ניט קיין פּשוט'ער איד, האָט ער געהייסן דעם ווייב נאָכגעבן זיין פאַרלאַנג, און ער איז אַרויס צום אורח, אים געגעבן שלום און אים אַריינגעבעטן צו זיך, אין זיין חדר מיוחד.

דער קיניגסבערגער רב איז אַריין מיט אים אין אַ שמועס און כּדרך הטבע אַריבער צו דברי תורה. דאָ האָט דער „שאגת אריה" אַרויסגעוויזן זיין גאונות און אָנגעהויבן פאַרוואַרפן דעם רב מיט קשיות. ר' לייבעלע עפּשטיין, וואָס איז אויך געווען אַ גאון, האָט געפּרואווט פאַרענטפערן. דער „שאגת אריה" האָט אָפּגעוועגדט. און אַזוי האָבן זיך ביידע גאונים אַ היפּשע ווײַלע מפלפּל געווען. וועלנדיק ברענגען אַ ראיה צו זיך, האָט ר' לייבעלע עפּשטיין זיך אויסגערעדט:

— דער „שאגת אריה" זאָגט אויך אַזוי.

האָט דער „שאגת אריה", וואָס איז בטבע געווען אַ גרויסער קפּדן, אַ געשריי געטאָן:

— אַז דער „שאגת אריה" ש ט י י ט א י ן א ל מ ע ר, איז ער יאָ אַ „שאגת אריה" און אַז ער ש ט י י ט א ו י ף ד י פ י ס איז ער ניט קיין „שאגת אריה"?

ווי ר׳ לייבעלע עפּשטיין האָט׳ס דערהערט, איז ער געוואָרן אַ פאַר־ציטערטער, האָט זיך אויפגעהויבן פון שטול און געגעבן דעם אורח נאָכ־אַמאָל שלום: — שלום עליכם, רבי! — און האָט שוין דעם „שאגת אריה" ניט אַפּגעלאָזן. ער האָט אים פאַרהאַלטן ביי זיך, אים אָפּגעגעבן דעם שענסטן חדר און זיך משתעשע געווען מיט אים אין תורה.

איז אַ פּאָר טעג אַרום זיינען צו ר׳ לייבעלע עפּשטיין געקומען די נכבדים פון מעץ מיט אַ כתב־רבנות. מעץ איז דעמאָלט געווען פון די עלטסטע און שענסטע אידישע קהלות, אַ שטאָט פון לומדים און מופלגי תורה, און מעצער רבנות האָט זיך גערעכנט פאַר דאָס גרעסטע אין דור.

אַז ר׳ לייבעלע עפּשטיין האָט אויסגעהערט די מעצער שלוחים, זאָגט ער זיי:

— מיר האָבן דאָ דעם גדול הדור, דעם „שאגת אריה", ער איז מער ראוי ווי איך צו זיצן אויף מעצער רבנות.

און אַזוי איז דער „שאגת אריה" געוואָרן רב אין מעץ.

❦

285

דער „שאגת אריה" האָט געהאַט אַ מורא׳דיקן אויסזען: אַ קאָפּ גרויס ווי אַן עמער, באַוואַקסן מיט לאַנגע האָר, אויגן — פלאַקער־פייער און ס׳פּנים — אַ רירעוודיקס.

איינמאָל איז ער געפאָרן מיט אַ בעל־עגלה. דער בעל־עגלה איז געזעסן, ווי דער שטייגער, פון פאָרנט און דער „שאגת אריה" איז געזעסן אינעווייניג, אין בויד, אין טלית און תפילין און געלערנט.

אויפן וועג זיינען גזלנים באַפאַלן די בויד, האָבן אָפּגעשטעלט די פערד און געפאָדערט פון בעל־עגלה געלט. האָט דער בעל־עגלה געמאַכט אַ גוואַלד. דער „שאגת אריה", הערנדיק קולות, האָט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ פון בויד, זען וואָס ס׳איז געשען. ווי די גזלנים האָבן דערזען אַזאַ מורא׳דיקן מענטשן, איינגעוויקלט אין אַ קאָלירטע פאַטשיילע און טראָגט אויפן קאָפּ אַזאַ משונה׳דיקע זאַך — איז געפאַלן אויף זיי אַן אימת־מות און זיינען זיך צעלאָפן.

❦

286

די צוויי ברידער צדיקים, ר׳ אלימלך און ר׳ זושע, האָבן, כידוע,ביידע אָפּגעריכט גלות, זיינען געגאַנגען איבער דער וועלט ווי צוויי פּשוט׳ע קבצנים.

זיינען זיי אַמאָל געקומען אין אַ קרעטשמע נעכטיגן. גראָד איז אין דער קרעטשמע געווען אַ דאָרפישע חתונה. די צוויי ברידער זיינען אַריין

און זיך געזעצט אין א ווינקל, ווי אַרימעלייט. איז אויסגעקומען, אז ר׳ אלימלך איז געזעסן צום וואנט און ר׳ זושע צום עולם.

אז די ישוב׳ניקעס האָבן זיך צעהוליעט, איז זיי איינגעפאלן צו מאכן חוזק פון די צוויי קבצנים, וואָס זיצן דאָרטן אין ווינקל. האָבן זיי גענומען ר׳ זושע׳ן, וואָס איז געזעסן נעענטער צו זיי, אים אוועקגעלייגט אויף דר׳ערד און איטלאכער האָט אים געגעבן א געזונטן קלאַפּ, כלומר׳שט אויף א שפּאַס. און אזוי נאָך איטלאכס מאָל טאנצן.

אז דער שפּאַס האָט זיך איבערגע׳חזר׳ט עטלאכע מאָל, זאָגט ר׳ אלימלך צו ר׳ זושע׳ן:

— זושע לעב, פאַרוואָס זאָלסטו קריגן אַלע קלעפּ און איך גאָרניט? לאָמיר זיך איבערזעצן, וועלן זיי אצינד מיך נעמען.

האָט ר׳ זושע מסכים געווען. בעת די שכור׳ע מחותנים האָבן געטאַנצט, האָבן זיך די ברידער געביטן מיט די ערטער: ר׳ זושע האָט זיך געזעצט צום וואנט און ר׳ אלימלך צום עולם.

אָפּגעטאַנצט — נעמט זיך דער עולם צו די קבצנים. פּלוצלונג כאַפּט זיך ארויס איינער:

— ברידער, ס׳איז ניט קיין יושר אַלע מאָל נעמען דעם אייגענעם. לאָמיר אצינד נעמען דעם אַנדערן, וואָס זיצט צום וואנט. זאָל ער אויך פאַרזוכן א קלאַפּ און געדיינקען, אז ער איז געווען אויף דער חתונה.

האָבן זיי ווייטער גענומען ר׳ זושע׳ן, אים אוועקגעלייגט אויף דר׳ערד און געשלאָגן.

אז ר׳ זושיע האָט זיך אויפגעהויבן און זיך צוריקגעזעצט לעבן ר׳ אלימלכ׳ן, זאָגט ער צו אים:

— זעסט, ברודער לעב, אז דער וואָס דאַרף קריגן געשלאָגן, קען זיך פון די קלעפּ ניט אויסקויפן...

✻

287

בעת ר׳ אלימלך און ר׳ זושע האָבן אָפּגעריכט גלות, זיינען זיי נאָך א יאָר נע־ונד זיין אַנגעקומען קיין ליסקע. זיינען זיי אריין צום רב, ר׳ מענדל׳ען. האָט ער זיי מקבל געווען בסבר פנים יפות, געגעבן שלום און אריין מיט זיי אין א שמועס. פאַרן אוועקגיין גיט ער זיי צו רענדל און באַלייט זיי ארויס.

אז זיי זיינען אוועק פון אים כאַפּן זיי זיך, אז ער האָט זיי געגעבן צו רענדל. קלערן זיי: אודאי א טעות. קערן זיי זיך אום און גיבן אים אָפּ די רענדלאַך.

— ניין — זאגט ר׳ מענדל — כ׳האב קיין טעות ניט געמאכט. כ׳האב אייך געגעבן לויט אייער כבוד. נאר דאס זאג איך אייך, ווען איך זאל גיין אזוי לאנג אין גלות וואלט איך א שענערן פנים געהאט...

זיינען די ברידער אוועק אויף נאך א יאר אין גלות.

288

בעת ר׳ אלימלך מיט ר׳ זושע׳ן האבן אפגעריכט גלות און געגאנגען צופוס איבער דער מדינה, איז ווען זיי פלעגן קומען קיין לודמיר פלעגן זיי שטיין אכסניא ביי איינעם א חסיד׳ישן איד, ר׳ אהרן. אזוי האבן זיי זיך נוהג געווען כמה שנים.

בעת זיי זיינען שוין געווען מפורסם זיינען זיי אמאל אראפגעפארן קיין לודמיר אין א קאטש מיט א פאר פערד. דער גביר פונם שטעטל האט דערהערט, אז די צוויי ברידער צדיקים פארן, איז ער זיי ארויס אנטקעגן, צום נאענטן דארף און זיי שטארק געבעטן, זיי זאלן אים מזכה זיין מיט דער גרויסער מצוה און איינשטיין ביי אים. ער גיט אפ אין זייער רשות ס׳גאנצע גביר׳יש הויז זיינע און וועט זיי באזארגן מיט כל־טוב. די ברידער האבן אים ניט אפגעזאגט און ניט צוגעזאגט, אים געהייסן פארן אין שטעטל און זיי וועלן קומען שפעטער.

קומענדיק קיין לודמיר זיינען די ברידער פארפארן צו ר׳ אהרנ׳ען, וואו זיי פלעגן תמיד איינשטיין. איז דער גביר געקומען צו לויפן מיט א טענה:

— ס׳הייסט, כ׳האב מיך דאך געריכט און אלץ צוגעגרייט.

— פארשטייט איר מיך — האט אים איינער פון די ברידער־צדיקים געענטפערט — מיר זיינען דאך די אייגענע מענטשן ווי תמיד, דארפן מיר איינשטיין אויף אונזער אלטער אכסניא. ביי אייך זיינען מיר דאס מאל חשוב׳ער, מחמת תמיד פלעגן מיר קומען צופוס און אצינד זיינען מיר געקומען אין א קאטש מיט א פאר פערד, טא זאל די קאטש מיט די פערד איינשטיין ביי אייך...

## אמונה און בטחון

289

ר׳ לייב מירקעס, דעם „שלחן שלמה׳ס" פאטער, איז געווען מפורסם פאר א צדיק און אן איש תמים. געווען איז ער א קרעמער, געהאט א גרויסע שניט־קראם אין מיר. אין קראם איז, ווי דער שטייגער, געשטאנען ס׳ווייב זיינס און אליין איז ער געזעסן על התורה ועל העבודה.

## די וועלט דערציילט

איינמאָל האָט ס׳ווייב זיך ביי אים איינגעבעטן, ער זאָל פאָרן קיין לייפּסק אויפן יריד איינקויפן סחורה אויף אַ גאַנץ יאָר, ווי ס׳טוען אַנדערע קרעמער. צו וואָס קויפן פון אַ צווייטע האַנט? ר׳ לייב האָט מסכים געווען. האָט ס׳ווייב אים אויסגעריכט אין וועג אַריין, אים מיטגעגעבן אַ רשימה פון די סחורות מיט די מקחים, אים איינגענייט אַ פּאָר טויזנט רובל — און ר׳ לייב איז אַוועקגעפאָרן קיין לייפּסק אויפן יריד.

געקומען קיין לייפּסק — הערט ער, אַז דער יריד שטייט אַ חודש. טראַכט ער ביי זיך: וואָס וועט ער זיך איילן? סאַי ווי מוז ער דאָ זיין ביזן סוף פון יריד, כדי פאָרן צוריק מיט די אַנדערע קרעמער. וועט ער איינקויפן זיינע סחורות די לעצטע טעג און תיכף פאָרן אַהיים. דערווייל קען ער זיצן און לערנען. איז ער אַזוי אָפּגעזעסן אַ גאַנצן חודש און געלערנט. די לעצטע טעג איז ער אַרויס אויפן יריד. אָבער צו וועלכן סוחר ער איז צוגעקומען מיט דער רשימה — ניטאָ קיין סחורה. אַלץ שוין פאַרקויפט. נאָר איין סוחר האָט נאָך געהאַט אַ פּאָר שטיקער רויטן געוואַנט, וואָס ווערט באַנוצט אויף מונדירן פון גרויסע שרים און קאָסט זייער טייער. דער גרעסטער קרעמער קען פאַרקויפן צען איילן אַ יאָר. האָט ר׳ לייב געקויפט צוויי שטיקער רויטן געוואַנט, פאַרן גאַנצן געלט וואָס ער האָט געהאַט, און איז געפאָרן אַהיים.

געקומען אַהיים — און תיכף אַוועק אין בית־מדרש. ס׳ווייב מיטן בני־בית עפענען די סחורה — ווערט זיי פינסטער אין די אויגן: ווען וועלן זיי עס פאַרקויפן צוויי שטיקער רויטן געוואַנט? און וואָס וועלן זיי איצט טאָן אָן סחורה? לויפט ס׳ווייב אויך צו אים אין בית־מדרש און הויבט אָן וויינען:

— וואָס האָסטו געטאָן? אין צוואַנציק יאָר וועלן מיר דאָך פון דער סחורה ניט פּטור ווערן. און פונוואַנען וועלן מיר איצט לעבן, אָן געלט און אָן סחורה?

— טפּשה, וואָס וויינסטו? — זאָגט ר׳ לייב בנעימות — דו גלויבסט, אַז השם־יתברך האָט אונז אָנגעשריבן ראש־השנה פּרנסה אויף אַ גאַנץ יאָר? היינט וואָסי דער חילוק צי פון רויטן געוואַנט, צי פון אַנדערע סחורות? — און ר׳ לייב לערנט ווייטער.

אין אַ קורצע צייט אַרום איז געקומען צו ר׳ לייב׳ן אין קראָם אַ שליח מיוחד פונם נעסוויזשער גראַף, ראַדזיוויל, קויפן עטלאַכע הונדערט איילן רויטן געוואַנט. דער גראַף וויל אָנטאָן אַלע זיינע משרתים אין רויטע מונדירן. ר׳ לייב׳ס ווייב האָט אים פאַרקויפט די גאַנצע סחורה און האָט געהאַט צו לעבן ברווח אַ גאַנץ יאָר.

290

ר׳ מרדכי לעכעוויטשער איז אין דער יוגנט געווען אן עני ואביון. אין שטוב איז ממש קיין שטיקל ברויט ניט געווען און ער מיט די בני־בית האבן געליטן הונגער.

איינמאל איז געקומען אים געוואויר ווערן א קרוב זיינער. האט ס׳ווייב אויסגעגאסן איר שווער ביטער הארץ פארן קרוב, זי האט שוין קיין כח ניט אריבערצוטראגן ס׳גרויסע דחקות, קען ניט צוזען דעם צער פון די קינדער, וואס גייען אום פאר א שטיקל ברויט — און האט זיך פאנאנדערגעוויינט.

איז דער קרוב אריין צו ר׳ מרדכי׳ן אין זיין חדר מיוחד. זעט ער, ווי ער גייט ארום פאר׳דבקה׳ט און זינגט זיך אונטער א ניגון.

— גיי זע — זאגט ער אים — ס׳ווייב מיט די קינדער וויינען און דו זינגסט זיך?

— זיי האבן אויף וואס צו וויינען — זאגט ר׳ מרדכי — מחמת זיי קוקן אוים פון מיר, א בשר ודם, וואס איז עפר ואפר. אבער איך קוק אוים פונם רבונו־של־עולם, וואס איז א כל־יכול, זינגט זיך מיר...



291

ר׳ זונדל סאלאנטער איז אמאל געפארן מיט א אידישן בעל־עגלה פון איין שטעטל אין דעם אנדערן. פארבייפארנדיק א פעלד מיט אנגע־שניטענעם היי, זאגט דער בעל־עגלה צו ר׳ זונדל׳ען:

— איר וועט אכטונג געבן צו מ׳זעט ניט און איך וועל מיר ארפכאפן נעמען אביסל היי פאר מיין סוס.

ר׳ זונדל שווייגט.

איז דער בעל־עגלה אראפ, צוגעגאנגען צו א סטאג היי, אנגענומען וויפל ער האט געקענט און אנגעהויבן טראגן צום וואגן.

הויבט ר׳ זונדל אן שרייען:

— מ׳זעט! מ׳זעט!

ווערט דער בעל־עגלה א דערשראקענער, ווארפט אוועק ס׳היי, כאפט זיך ארויף אויפן וואגן און פארט ווייטער.

פארנדיק, קוקט ער זיך ארום — ניטא קיינער.

— זייער שיין — רעדט ער אוים ר׳ זונדלען — אפגענארט א אידן.

— חלילה — זאגט ר׳ זונדל בתמימות — מ׳האט בפירוש געזען.

— ווער? — חידוש׳ט זיך דער בעל־עגלה — ניטא ארום קיין מוטער בן־אדם.

— פון אויבן — ווייזט ר׳ זונדל מיט א פינגער צום הימל — האט׳מען געזען...

ר׳ זונדל סאלאנטער האט געהאט צוויי איידימס, גדולי ישראל: ר׳ שמואל סאלאנט, וואס איז געווען זיבעציק יאר רב אין ירושלים, און ר׳ נאטע נאטקין, פון די יקירי ירושלים.

ווי אזוי ר׳ זונדל, א איד אן ארימאן, איז צוגעקומען צו אזעלכע וואוילע איידימס, דערציילט׳ן אזא מעשה:

בעת מ׳האט אנגעהויבן ריידן שידוכים ר׳ זונדל׳ס ערשטע טאכטער האט ר׳ שמואל סאלאנט שוין גע׳שמ׳ט פאר אן עילוי אין דער גאנצער סביבה. האט׳ן אים גערעדט א שידוך מיט אן עושר׳ס א טאכטער פון קאוונע. ר׳ זונדל האט אבער געוואלט האבן ר׳ שמואל׳ן פאר אן איידים, איז וואסער שידוך מ׳האט אים אנגעשלאגן פאר זיין טאכטער, האט ער ניט געוואלט הערן. ער האט שוין — זאגט ער — א חתן פאר זיין טאכ־טער, ר׳ שמואל׳ן. האט דער עולם געשמייכלט איבער ר׳ זונדל׳ס תמימות.

מאכט זיך גראד, אז ר׳ שמואל׳ס פאטער קומט קיין סאלאנט. דער־ציילט׳ן אים פון ר׳ זונדל׳ס איינרייידעניש. ר׳ שמואל׳ס פאטער איז געווען א גרויסער ערלאכער איד, האט ער מסכים געווען און דער שידוך איז געווארן.

מיטן אנדערן איידים, מיט ר׳ נטע׳ן, איז אזוי געווען:

די אנדערע טאכטער ר׳ זונדל׳ס איז געווען שווער אויף א שידוך. ר׳ זונדל האט שוין דעמאלט געוואוינט אין ירושלים, די טאכטער איז שוין געווען א כלה־מיידל און ס׳האט זיך אלץ ניט געמאכט קיין רעכטער שידוך. האט ר׳ זונדל געזאגט, אז דער ערשטער בחור, וואס וועט אנ־קומען קיין ירושלים מיט דער ערשטער עדה פון זיין מדינה, וועט זיין זיין איידים.

ויהי היום, איז אנגעקומען אן עדה פון ליטע. ווי דער מנהג איז דעמאלט געווען, זיינען ירושלימ׳ער אידן ארויס קיין מוצא מקבל־פנים־זיין די אנגעקומענע פון חוץ־לארץ. האט ר׳ זונדל דערזען א בחור, וואס האט לויטן הילוך זיינעם אויסגעזען א פראסטער בעל־מלאכה. גייט ער צו צו אים און פרעגט אים:

— וועך ביזטו פון דר׳היים?

— וואס איז די נפקא מינה? — מאכט דער בחור.

— האסטו געלערנט אין א ישיבה? — פרעגט אים ווייטער ר׳ זונדל.

— וועמען איז׳ס נוגע? — שלאגט אפ דער בחור.

און וואס ר׳ זונדל פרעגט אים, דרייט זיך דער בחור אויס פון א תשובה.

— ווילסטו — פרעגט אים ר׳ זונדל — וועלן זיין מיין איידים?

— יא — ענטפערט דער בחור.

און דער שידוך איז געוואָרן, מ׳האָט געשריבן תנאים און קובע געווען דעם זמן החתונה.

ר׳ זונדל איז אָבער אַרומגעגאַנגען אין ספק: צי איז ער, חלילה, ניט נכשל געוואָרן און גענומען אַן איידים אַן עם־הארץ?

און דער חתן זאָגט אַלץ ניט אויס ווער און וואָס ער איז.

אַ פּאָר טעג פאַר דער חתונה איז ר׳ שמואל סאַלאַנט, דער ערשטער איידים ר׳ זונדל׳ס, געזעסן מיט לומדים און געשמועסט אין תורה. קומט אַן דער חתן, הערט ער די תורה, רופט ער זיך אָפּ:

— דער זיידע, דער „שאגת אריה״, זאָגט ניט אַזוי...

און זאָגט אָפּ אַ שטיק „שאגת אריה״ אויף אויסנווייניק.

ר׳ שמואל איז תיכף געלאָפן אָנזאָגן דעם שווער, ר׳ זונדל׳ען, ווער דער נייער איידים איז און די חתונה איז געפּראַוועט געוואָרן מיט גרויס שמחה.

❦

293 בעת ר׳ זונדל סאַלאַנטער האָט גענומען דעם צווייטן איידים זיינעם, ר׳ נטע׳ן, איז ער געווען אַן אָרימאַן, אַן אביון. ער האָט זיך מפרנס געווען בדוחק פון עסיג מאַכן. פונדעסטוועגן האָט ער צוגעזאָגט קעסט, ווי ביי לייטן.

דעם טאָג פון דער חתונה האָט ער צוגעשטעלט אַ נייע כלי עסיג און געזאָגט:

— דאָס איז פאַר די קינדער.

אַז ר׳ נטע האָט אָנגעהויבן עסן קעסט איז אים געווען אַ חידוש, וואָס אַ גאַנצע וואָך, אַחוץ שבת, עסט ס׳ווייב ניט מיט אים. אַז ער האָט זי געפרעגט, האָט זי תמיד געהאַט אַן אַנדער תירוץ. האָט ער געגעסן פליישיקס — איז זי געווען מילכיק, האָט ער געגעסן מילכיקס — איז זי געווען פליישיק. טיילמאָל איז זי סתם ניט געווען הונגעריק. ר׳ נטע, אַ ישיבה־מאַן אַ תמים, האָט אָנגענומען דעם תירוץ און מער קיין שאלות ניט געמאַכט.

איינמאָל הערט ער אין בית־מדרש, ווי צוויי אידן שמועסן מכח אים:

— אַ שיינער יונגערמאַן, זיך אָנגעזעצט אויף דעם אָרימען צדיק, נעבאַך, ער זאָל אים טראָגן אויף די פּלייצעס.

איז ר׳ נטע אַוועק אַהיים און איבערגעשמועסט מיטן ווייב:

— מיר מוזן אַראָפּ פון קעסט. דער טאַטע קען אונז ניט האַלטן. מיר׳ן דינגען אַ דירה און לעבן פאַר זיך. השם־יתברך, וואָס איז אַ זן ומפרנס, וועט אונז ניט פאַרלאָזן.

האָט ס׳ווייב מסכים געווען.

— מ'דאַרף אָבער — זאָגט זי — זאָגן דעם טאַטן.

ווי ר' זונדל האָט'ס דערהערט, איז ער אַריינגעלאָפן צום איידים אַ דערשראָקענער:

— זאָג דעם אמת, נטע, דיר געפעלט ניט מיינע קעסט? וועל כ'דיר געבן בעסערע.

— חלילה, שווער — זאָגט ר' נטע — אייערע קעסט געפעלן מיר זייער. כ'וויס אָבער, אַז אייך איז שווער אונז מפרנס צו זיין.

— וואָס רעדסטו? — מאַכט ר' זונדל — א י ך בין אייך מפרנס? השם־יתברך איז אייך מפרנס. איך בין מער ניט ווי אַ שליח. פרעג אויף טשיקאַוועס דער שווינער.

און ר' זונדל רופט אַריין ס'ווייב זיינע און זאָגט איר:

— רבקה, דערצייל אים, וואָס כ'האָב דיר געזאָגט צו די תנאים.

דערציילט ס'ווייב, אַז צו די תנאים האָט זי אים געפרעגט:

— זונדל, ווי נעמסטו אויף זיך אָנדערטהאַלבן יאָר קעסט, אַז מיר זיינען אָרימע־לייט, אביונים?

האָט ער געענטפערט:

— מיר'ן צושטעלן נאָך אַ כלי עסיג, וועט'ס זיין פאַר די קינדער.

— זעסט, מיין קינד — פירט אויס ר' זונדל צום איידים — אַז ניט איך בין דיין מפרנס.

— טאָ פאַר וואָס־זשע — פרעגט ר' נטע — עס איך תמיד אַליין?

— פאַרשטייסטו מיך — זאָגט ר' זונדל — אַזויפיל, ס'זאָל זיין פאַר אייך ביידע, קענען מיר אויף דער כלי ניט אָנוואַרפן.



294

בעת ר' חיים־לייב סטאַווויסקער איז געווען זייער שלאַף, האָט'ן אָראָפּ־געבראַכט אַ פּראָפעסער פון וואַרשע. דער פּראָפעסער איז געקומען, באַ־טראַכט דעם חולה און געזאָגט די שטוב־מענטשן אין אַנדערן חדר, אַז ס'איז ניטאָ קיין האָפנונג. פאַרשטייט־מען דאָך, ווי ס'איז געוואָרן אין שטוב. ר' חיים־לייב פרעגט, וואָס דער פּראָפעסער האָט געזאָגט, זאָגט'ן אים דאָך, מן הסתם, ניט אויס. ער דערקענט אָבער אָן די בני־בית, אַז דער פּראָפעסער האָט אים אָפּגעזאָגט ס'לעבן.

— וואָס — מאַכט ער צו זיי — גייט איר אַזוי אַרום פאַר'צער'ט? און אַז דער פּראָפעסאָר האָט מיר אָפּגעזאָגט ס'לעבן, איז וואָס? די גמרא זאָגט: „ורפא ירפא, מכאן שניתן רשות לרופא לרפאות" — אַז אַ דאָקטער האָט רשות צו היילן. האָט ער דאָך בלויז רשות אויף צו ה י י ל ן, אָבער ווער האָט אים געגעבן רשות אויף אָ פּ צ ו ז אָ ג ן ס'ל ע ב ן?

# ביים רבי'ן

295

מ'האט אמאל דערציילט ר' ישראל'ן, דעם קאזשניצער מגיד, אז אן אלט פאר פאלק איז נפקד געווארן, געהאט א בן־זכר, ניט פארנדיק צו קיין צדיק.

— דער רבונו־של־עולם — שמייכלט דער קאזשניצער — האט זייער גלייך געטאן. אזוי פארט'ן דאך אדער צום „חוזה", אדער צו מיר, האט השם־יתברך באוויזן, אז ער קען אויך געבן א בן־זכר...

296

א דוכס איז אמאל געקומען צו ר' ישראל'ן, דעם קאזשניצער מגיד, און געבעטן א ברכה אויף קינדער.

ר' ישראל האט אים ניט געוואלט אפזאגן מפני דרכי־שלום, האט ער אויפגעהויבן די אויגן צום הימל און געזאגט:

— רבונו־של־עולם, האסט אזויפיל גוים אויף דער וועלט, זאל זיין נאך איינער...

297

א יונגערמאן א חסיד איז אמאל געקומען צו ר' מרדכי לעכעוויטשער מקבל־השפעה זיין.

— וואס איז דיין בקשה? — פרעגט אים ר' מרדכי.

— כ'וויל — זאגט דער יונגערמאן — דינען דעם רבונו־של־עולם.

— דעם רבונו־של־עולם — זאגט ר' מרדכי — באדארפ'ן ניט דינען, ער איז זייער דיין, דק מן הדק, לית מחשבה תפיסה ביה. דו זע דיך צו דינען, זאלסט אזוי פארגרעבט ניט זיין...

298

ר' מאיר'ל פרעמישליאנער איז געווען מפורסם פאר זיינע ווערטלאך.

איינמאל איז צו אים געקומען א איד, וואס האט געהאט א קאטער, אים געגעבן א קוויטל מיט א פדיון, ער זאל קריגן א רפואה.

נעמט ר' מאיר'ל צו דעם פדיון און גיט א געשריי:

— ארויס, דו שייגעץ!

ווערט דער איד א פארציטערטער.

— רבי הייליקער — פרעגט ער — פארוואס רופט איר מיך שייגעץ?

— ניט דיך מיין איך — שמייכלט ר' מאיר'ל — נאר דעם קאטער דיינעם. אז קאטערינע איז א שיקסע, איז קאטער א שייגעץ...

299

צו ר׳ מאיר׳ל פּרעמישליאַנער איז אַמאָל געקומען אַ איד אַן אָקסן־הענדלער אים פרעגן אַן עצה, צי ער זאָל פירן די אָקסן קיין ווין אויפן מאַרק.

— היינטיקע וואָך — זאָגט אים ר׳ מאיר׳ל — איז פּרשה „נצבים“, מיינט׳ס, אַז דו דאַרפסט שטיין אויפן אָרט. די אַנדערע וואָך איז „וילך“, זאָלסטו דעמאָלט גיין קיין ווין.

האָט דער סוחר געפאָלגט. די אַנדערע וואָך איז דער מקח אויף אָקסן געפאַלן און דער סוחר איז בדיל־הדל געוואָרן.

איז ער געקומען צו ר׳ מאיר׳לען מיט אַ טענה:

— ס׳טייטש, רבי, כ׳בין דאָך פון אייער עצה בדלות געוואָרן.

— וואָס וויל מען פון מאיר׳ן? — קוועטשט ר׳ מאיר׳ל מיט די פּלייצעס — ניט ער, ניט זיינע אבות אבותיו האָבן אַמאָל געהאַנדלט מיט אָקסן...



300

אַ אידענע איז אַמאָל געקומען צו ר׳ מאיר׳ל פּרעמישליאַנער, געגעבן אַ פּדיון און געבעטן נפקד ווערן מיט זרע של קימא. בעת מעשה האָט זי אים פאַרטרויט, אַז זי איז נאָך ניט קיין אַלטע, זי פירט נאָך דעם סדר נשים.

דערווייל איז אַריין אַן אָרימער איד און קלאָגט זיך:

— רבי, הייליקער, כ׳בין כל ימי געווען אַ טרעגער, געטראָגן אויף די פּלייצעס שווערע משאות און געצויגן ס׳שטיקל חיונה. אַצינד אָבער בין איך אַלט און שוואַך און קען שוין מער ניט טראָגן. כ׳מוז האָבן אַ פערד־און־וואָגן.

— קויף דעם אידן — זאָגט ר׳ מאיר׳ל צו דער אידענע — אַ פערד־און־וואָגן, וועסטו געהאָלפן ווערן.

קוקט זי אים אָן.

— פאַרשטייסטו מיד — שמייכלט ר׳ מאיר׳ל — ביז אַהער האָסטו געפירט און ער האָט געטראָגן, פון אַצינד אָן און ווייטער וועט ער פירן און דו וועסט טראָגן...



301

אַ יונגערמאַן איז אַמאָל געקומען צו ר׳ ישראל׳טשע ריזשינער, ער זאָל אים געבן סמיכה. דער ריזשינער איז געשטאַנען ביים פענסטער און אַרויסגעקוקט אין הויף. ס׳איז געווען ווינטער. דער גאַנצער הויף איז געווען באַדעקט מיט שניי. דער יונגערמאַן איז געשטאַנען לעבן ריזשינער און געהאַלטן אין איין דערציילן זיינע צידקות און סגופים:

ער גייט אַנגעטאָן בלויז אין ווייסן; קיין אַנדער משקה, אַחוץ קאַלט וואַסער, קומט אין זיין מויל ניט; אין די שיך האָט ער טשוועקעס, כּדי צו ליידן יסורים; פּראָוועט אַלע טאָג, אין גרעסטן פראָסט, גלגול־שלג און דער שמש שלאָגט אים אַלע טאָג פערציק מלקות.

בעת דער יונגערמאַן האָט גערעדט, איז אויפן הויף אַרויף אַ ווייס פערד, צוגעגאַנגען צום ברונים און געטרונקען פונם קיבל און דערנאָך זיך אויסגעקאַטשעט אינם שניי, ווי די טבע פון אַ פערד.

— זע — זאָגט דער ריזשינער צום יונגנמאַן — אָט דאָס באַשעפעניש גייט אויך אין ווייסן; נעמט אויך ניט אין מויל קיין אַנדער משקה אַחוץ וואַסער; האָט אויך טשוועקעס אין די שיך זיינע; קייקלט זיך אין שניי; קריגט פון זיין בעל־הבית מער ווי פערציק מלקות אַ טאָג — און נאָך אַלעמען איז׳ס אַ פערד...

❧

302

ר׳ ישראל ריזשינער האָט, כּידוע, געפירט אַ ברייטן שטאָט, האָט פּאַרוואָוינט שיין און איז אַרויסגעפאָרן מיט אַ פּאָר פערד, ווי אַ שררה.

איינמאָל איז צו אים געקומען איינער אַ היינטוועלטיקער. איז ער נתפּעל געוואָרן פון ס׳גרויסע רחבות אין ריזשינער הויף. שמועסנדיק מיטן ריזשינער, פרעגט ער אים:

— זאָגט מיר, רבי, פאַרוואָס האָבן אַמאָליקע רביים געלעבט אין נויט און אין דחקות, געוואוינט אין הילצערנע הייזקעס, געגאַנגען אָנגעטאָן אין פּראָסטן לייוונט, געגאַנגען צופוס, און היינטיקע רביים וואוינען אין פּאַלאַצן, גייען אָנגעטאָן אין סאַמעט און אין אַטלעס, און פאָרן אַרום אין קאַטשן מיט פערד.

—כ׳וועל דיר זאָגן — ענטפערט אים דער ריזשינער — צו אַ רבי׳ן קומען דריי סאָרטן מענטשן: חסידים, בעלי־בתּים און קלים. אַלע דריי גיבן פּדיונות. ס׳געלט פון די פּדיונות גיט דער רבי אויס לויט די נותנים. ס׳געלט וואָס חסידים גיבן — גיט ער אויס אויף מצוות, אויף ציצית, תּפילין, אתרוג, אויף צדקה. ס׳געלט וואָס בעלי־בתּים גיבן — גיט ער אויס אויף פּרנסה פאַר זיך מיט׳ן בני־בית. ס׳געלט וואָס קלים גיבן — גיט ער אויס אויף מותרות, אויף פערד, קאַטשן וכדומה. איז אַמאָליקע יאָרן, אַז קיין קלים זיינען ניט געווען, האָבן די רביים ניט געהאַט פאַר־וואָס צו קויפן קיין פערד, האָבן זיי געמוזט גיין צופוס. היינטיקע צייטן זיינען די קלים נתרבה געוואָרן, האָבן די רביים אויף פערד און אויף קאַטשן און אויף אַלע איבעריקע מותרות...

ר׳ נפתלי ראָפּשיצער איז, כידוע, געווען אַ גרויסער וויצלינג. ער פלעגט ליב האָבן צו זאָגן אַ וויץ, אַ גלייכוווערטל און אַמאָל אויך אָפּטאָן אַ שפּיצל.

אין דער יוגנט איז ער אַמאָל געפאָרן מיט אַ חבריא חסידים קיין לובלין צום „חוזה". אויפן וועג איז זיי אויסגעגאַנגען ס׳געלט און זיי זיינען געבליבן ממש אָן אַ פּרוטה, ניט געהאַט צו עסן — ניט פאַר זיך און ניט פאַר׳ן בעל־עגלה מיט די פערד, להבדיל. און אין גאַנצן געגנט אַרום האָבן זיי ניט געהאַט קיין שום באַקאַנטן. זיינען אַלע צוגעשטאַנען צו ר׳ נפתלי׳ן, ער זאָל עפּעס געפינען אַן עצה. קלערט ר׳ נפתלי אַ ווײַלע און זאָגט:

— כ׳האָב אַן עצה, נאָר בתנאי, אַז איר זאָלט אייך קענען איינהאַלטן און ניט לאַכן.

האָבן זיי מקבל געווען.

— דאָ ניט ווייט — זאָגט ר׳ נפתלי — איז דאָ אַ קרעטשמע. דער מוכסן איז אַן עם הארץ און אַ גרויסער קמצן. קיין אָרימאַן לאָזט ער אויפן שוועל ניט אַרויף. נאָר ער גיט אַ סך צדקה אויף ר׳ מאיר בעל־הנס. ס׳געלט קלייבט ער שוין כמה יאָרן און געטרויט׳ס קיינעם ניט אוועקצושיקן. ער וואַרט, אַז ר׳ מאיר בעל־הנס אַליין זאָל קומען, וועט ער׳ס אים געבן אין האַנט אַריין. זאָלן אַ פּאָר פון אייך אוועקגיין צום מוכסן און אים אָנזאָגן, אַז דאָ פאָרט ר׳ מאיר בעל־הנס אײדים. ס׳איבעריקע וועט שוין רעכט זיין. נעדיינקט־זשע אָבער, איר זאָלט ניט לאַכן.

ווי דער קרעטשמער האָט דערהערט וועגן ס׳פאָרט, איז ער אַרויס אַנטקעגן, פאַרבעטן צו זיך ר׳ נפתלי׳ן מיט דער גאַנצער חבריא, זיי אָפּגעגעבן די שענסטע חדרים און געמאַכט פאַר זיי אַ סעודה כיד המלך. ר׳ נפתלי מיטן עולם האָבן געגעסן און געטרונקען און זיך געלאָזט וואוילגיין.

נאָכן עסן זאָגט דער מוכסן צו ר׳ נפתלי׳ן:

— רבי הייליקער, כ׳האָב צו אייך אַ בקשה. שוין כמה יאָרן, אַז כ׳קלייב געלט פאַר ר׳ מאיר בעל־הנס און ער קומט אַלץ ניט אָפּנעמען. און אַזוי ווי השי״ת האָט מיך מזכה געווען, אַז זיין אײדים איז ביי מיר איין שטוב, בעט איך אייך צונעמען פון מיר ס׳געלט און געבן אייער שווער אין האַנט אַריין.

האָט ר׳ נפתלי מסכים געווען.

דער מוכסן איז אוועק אין אַ חדר, זיך געזאַמט אַ ווײַלע און צוריקגעקומען מיט אַ פול היטל און אויסגעשאָטן אויפן טיש אַ הורבע מטבעות, קופּערנע, זילבערנע און גאָלדענע.

ר׳ נפתלי האט געהייסן איינעם פון זיינע מענטשן צונעמען ס׳געלט און דער מוכסן האט אים מיט דער גאנצער חבריא ארויסבאגלייט מיט גרויס כבוד.

ווייטער זיינען זיי שוין געפארן בהרחבה. פון לובלין האט ר׳ נפתלי ס׳גאנצע געלט אפגעשיקט קיין ארץ־ישראל.

304

בעת ר׳ נפתלי ראפשיצער האט זיך אויפגעהאלטן אין לובלין, ביים „חוזה״, איז ער אמאל געזעסן זאלבע עלפט אין א מסיבה פון חסיד׳ישע יונגעלייט, וואס זיינען אלע שפעטער געווארן גוטע אידן. מ׳איז געזעסן און געטרונקען מעד. איינער פון דער מסיבה האט ניט געוואלט טרינקען.

— פארוואס — פרעגט׳ן אים — טרינקסטו ניט?

— מחמת — ענטפערט ער — ס׳גלאז איז ניט גע׳טובל׳ט.

— פונוואנען־זשע ווייסטו? — פרעגט׳ן אים ווייטער.

— כ׳האב בקבלה פונם רבי׳ן — ענטפערט ער — אז אויף א ניט־גע־טובל׳ט גלאז איז דא א רוח הטומאה און דער וואס האט אן אפן אויג סעט זעט א שווארץ רעמל אויפן גלאז.

— און איך זאג דיר — כאפט זיך ארויס ר׳ נפתלי — אז דו זעסט גארניט און ווייסט גארניט. כ׳וועל׳ס דיר באווייזן.

ר׳ נפתלי האט תיכף געשיקט קויפן עלף נייע גלעזער. צען האט ער גע׳טובל׳ט און ס׳עלפטע ניט. אויפן ניט־גע׳טובל׳טן גלאז האט ער געמאכט א סימן און אוועקגעשטעלט אלע עלף גלעזער אויפן טיש.

— כ׳שטעל מעד פאר אלעמען — זאגט ר׳ נפתלי — און זאל איט־לאכער נעמען א גלאז.

יענער, וואס האט פריער ניט געוואלט טרינקען, האט געקליבן די גלעזער און געקליבן, געקוקט און באטראכט איטליכס גלאז און גראד אויסגעקליבן פאר זיך דאס ניט־גע׳טובל׳טע...

305

בעת ר׳ נפתלי ראפשיצער איז געווען א יונגערמאן און זיך אויפ־געהאלטן אין לובלין, ביים „חוזה״, גייט ער איינמאל אריין צום רבי׳ן און זאגט:

— רבי, נעכטן ביינאכט האב איך ביים רבי׳ן אין שטוב געהאט גילוי של״ה.

— אזוי? — חידוש׳ט זיך דער „חוזה״ — גילוי של״ה? ווייסטו, מיין קינד, אז גילוי צדיקים איז נאך א העכערע מדרגה ווי גילוי אליהו? — און בעת מעשה ווערט דער „חוזה״ אליין אביסל געפאלן ביי זיך: דער

של״ה הקדוש איז געווען ביי אים אין שטוב, זיך מתגלה געווען צו זיין תלמיד און צו אים ניט.

— משמעות — זאגט ווייטער ר׳ נפתלי — אז דער של״ה איז עפּעס אויף מיר געווען ברוגז, מחמת ער איז געשטאַנען צו מיר מיטן רוקן.

— וואו — פרעגט דער רבי — איז ער געשטאַנען?

— ביים רבי׳ן אין ספרים־אַלמער. אַט שטייט ער נאָך — ענטפערט ר׳ נפתלי מיט אַ שמייכל און ווייזט אָן אויפן ספר של״ה, וואָס שטייט אין אַלמער צווישן די ספרים.

306

ר׳ יצחק־יעקב, דער לובלינער „חוזה״, פלעגט מכבד זיין זיינע תלמידים, זיי זאָלן ממלא מקומו זיין, זיצן אויף זיין שטול, נעמען קוויטלאַך מיט פּדיונות און געבן ברכות.

איינמאָל האָט ער מכבד געווען ר׳ נפתלי ראָפּשיצער. אויף מאָרגן איז ר׳ נפתלי געקומען און זיך געקלאָגט, אַז מ׳האָט ביי אים אַוועקגע׳גנב׳עט דעם כאַלאַט מיט די קוויטלאַך.

— אויפן כאַלאַט — שמייכלט ר׳ נפתלי — בין איך מיך ניט מצער. סאַי־ווי געווען אַ צוריסענער. ס׳איז מיר בלויז אַ גרויס רחמנות אויפן גנב. ער וועט נעבאַך אומזיסט זוכן אין די קוויטלאַך די פּדיונות. מחמת פּדיונות־געלט האַלט איך תמיד אין די הויזן־קעשענעס...

307

בעת דער לובלינער „חוזה״ איז נסתלק געוואָרן האָט דער לובלינער רב, ר׳ עזריאל, „דער אייזערנער קאָפּ״, וואָס איז געווען אַ שאַרפער מתנגד, אָנגעזאָגט דעם גבאי פון חברה קדישא, ניט צו געבן קיין קרקע פאַרן חסיד׳ישן רבי׳ן. און היות ר׳ נפתלי איז געווען ידוע פאַר אַ פּקח, האָבן חסידים אים געשיקט, ער זאָל גיין צום רב, פּועל׳ן אַ מקום קבורה פאַרן רבי׳ן. איז ר׳ נפתלי אַוועק צום רב און אָנגעהויבן איינ׳טענה׳ן מיט אים:

— היתכן? אָפּזאָגן לגמרי פון קבורה? זאָל זיין אין אַ נידעריקע שורה.

דער סוף איז געווען, ער האָט גע׳פּועל׳ט ביים רב אַ מקום קבורה, אָבער אין די נידריקע שורות.

איז ר׳ נפתלי מיטן גבאי פון חברה קדישא אַוועק אויפן בית־החיים אויסזוכן אַ מקום קבורה. האָט ער קודם אָפּגעמאַכט מיט די קברנים, זיי געגעבן אין יד אַריין, אַז ווי ער וועט זיי געבן אַ וואונק, זאָלן זיי תיכף אָנהויבן גראָבן אַ קבר. ס׳איז געווען אַ פינסטערע נאַכט, אַ שלאַקס

רעגן. ר׳ נפתלי מיט די קברנים גייען פון שורה צו שורה און זוכן א מקום קבורה. ר׳ נפתלי האלט אין איין זאגן: וואס איז די נפקא מינה? דא, דארטן — זאל זיין וואו ס׳איז. אז זיי זיינען געקומען צו א שורה, וואס איז ר׳ נפתלי׳ן געפעלן געווארן, מאכט ער כלומר׳שט:

— פונמיינעטוועגן מעג׳ס אפילו דא זיין.

דער גבאי האט געשוויגן. גיט ר׳ נפתלי א וואונק די קברנים, און זיי נעמען תיכף גראבן. א ווײַלע שפעטער כאפט זיך דער גבאי, אז ס׳איז א געהויבענע שורה. הויבט ער אן מאכן קולות, ער טאר אזא שורה ניט געבן. ס׳איז שוין אבער לאחר מעשה. דער רב האט גע׳פסק׳נט, אז ווי־באלד דער קבר איז שוין געגראבן, טאר׳ן ניט משנה זיין.

308

נאך דער קבורה פונם לובלינער רבי׳ן, האט ר׳ נפתלי גענומען דעם לאם מיטן רידל אויפן אקסל, ווי א פראסטער טאגלוינער. דער עולם ארום האט זיך גע׳חידוש׳ט.

— אזא פנים האט׳ן — שמייכלט ר׳ נפתלי — אז מ׳באגראבט א רבי׳ן...

309

איינמאל איז צו ר׳ נפתלי ראפשיצער געקומען אן עלטערער חסיד, וואס האט זיך אנגעטאן סיגופים. ער האט געפאסט הפסקות און געטראגן א זאק אויפן לייב. ווי ער איז אריינגעקומען צו ר׳ נפתלי׳ן האט ער אויפן שוועל צעשפילעט ס׳העמד, כדי דער רבי זאל זען, אז ער גייט אנגעטאן א זאק אויפן לייב. ר׳ נפתלי האט׳ס באמערקט.

— זע — זאגט ער צום משמש — דער יצר־הרע האט אזא׳ן אלטן אידן אריינגענארט אין זאק אריין...

310

ר׳ נפתלי ראפשיצער פלעגט זאגן:

אלע צדיקים בעטן, אז די וואס דארפן האבן א ישועה זאלן קומען צו זיי און זיי וועלן פאר זיי מתפלל זיין. איך שטיי אויף פארטאג און בעט, אז אלע וואס דארפן האבן א ישועה זאלן געהאלפן ווערן ביי זיך אין דער היים און זאלן גארניט קומען צו מיר און מיינען, אז איך האב זיי געהאלפן.

311

איינער פון ר׳ נפתלי ראפשיצער׳ס חסידים, א חסיד שוטה, האט אים אמאל געזען, ווי ער איז געקומען פון מקוה און זיך געזעצט שניידן די נעגל.

— רבי — פרעגט דער חסיד — וואס איז די כונה, וואס דער רבי שניידט די נעגל נאך דער מקוה?

מאכט ר׳ נפתלי אן ערנסט פנים און ענטפערט מעשה רבי:

— אין דעם עניז, מיין קינד, ליגט א טיפער סוד, וואס בלויז יחידי־סגולה מעג׳ן מגלה זיין.

— רבי — פרעגט ווייטער דער חסיד מיט הכנעה — וואס דארפ׳ן טאן, כדי זוכה זיין צו וויסן דעם סוד?

— ס׳איז א שווערע עבודה — זאגט ווייטער ר׳ נפתלי — מ׳דארף פאסטן זיבעציק תעניתים, כמנין „סוד", און זיך טובל זיין דריי־הונדערט און צען טבילות.

— רבי, כ׳בין עס מקבל אויף מיר — ענטפערט דער חסיד מיט חסיד׳יי־שער התלהבות — אבי כ׳זאל ווערט זיין צו הערן דעם טיפן סוד.

א צייט שפעטער קומט דער חסיד צו ר׳ נפתלי׳ן:

— רבי, כ׳האב אלץ מקיים געווען, ווי דער רבי האט געהייסן.

— וועל איך דיר מגלה זיין דעם סוד — זאגט ר׳ נפתלי בנעימות.

דער חסיד פאר׳דבק׳עט זיך, שטייט בדחילו ורחימו, מוכן ומזומן צו הערן פון רבי׳ן דעם טיפן סוד.

— זאלסט וויסן זיין — שמייכלט ר׳ נפתלי — אז נאך דער מקוה זיי־נען די נעגל בטבע ווייכער, איז פשוט גרינגער צו שניידן...

312



איינמאל איז צו ר׳ נפתלי ראפשיצער געקומען א בעל־עבירה, ארויס־נעמען א תשובה. ער האט זיך אבער געשעמט צו זאגן, אז ער אליין איז׳ס דער בעל־עבירה, האט ער געזאגט, אז זיינער א גוטער פריינט, וואס שעמט זיך אליין קומען צום רבי׳ן, האט אים געשיקט ארויסנעמען א תשובה אויף די און די עבירות. און דא האט ער אויסגערעכנט א צעטל עבירות, וואס זיין פריינט, כלומר׳שט, האט געטאן.

— ס׳ארא שוטה יענער איז — שמייכלט ר׳ נפתלי — ער האט דאך געקענט אליין קומען און זאגן, אז זיין פריינט האט אים געשיקט...



313

צו ר׳ נפתלי ראפשיצער איז אמאל געקומען א חסיד, וואס האט זיך צוואנציק יאר געקליבן פארן צו אים. אז ער איז אריינגעקומען, גיט אים ר׳ נפתלי שלום און זאגט צום משמש:

— גיב אים א בייטשעל. זאל ער זיך זעצן. ער קער אודאי זיין מאט פון וועג. די נסיעה זיינע האט געדויערט צוואנציק יאר...

314

ר׳ נפתלי ראָפּשיצער האָט אַמאָל געהאַט אַ גרויסן עולם צום טיש און ס׳איז ניט געווען גענוג חלה פאַר אַלעמען. האָט ער געזאָגט צום גבאי, וואָס האָט געשניטן די באָרכעס *:

— דו שנייד דין און דער עולם זאָל עסן מיט רחמים...

315

ר׳ נפתלי איז איינמאָל פאַרפאָרן צו שואל קרעטשמער אין קאָלבאַ־סאָוו. איז קרעטשמעס זיינען, ווי תמיד, געזעסן ערלים אין ווייסע סער־מיגעס און גע׳שכור׳ט.

— דו ווייסט, שואל — זאָגט ר׳ נפתלי צום קרעטשמער — דו ביזט אַ גרויסער רבי. ביי דיר זיצט אַ טיש מיט הונדערט ווייסע בעקעשעס...

316

ר׳ נחמיה, דעם איד הקדוש׳ס זון, איז תמיד געווען אַ גרויסער בעל־חוב. ער פלעגט לייען גמילות חסדים און דערנאָך ניט קענען אָפּגעבן.

איז ער אַמאָל געקומען געוואויר ווערן ר׳ ישראל ריזשינער.

— נחמיה׳שי קרוין — זאָגט אים ר׳ ישראל — אַז מ׳איז שולדיק אונטן, איז׳ן אַ בעל־חוב אויבן...

317

ר׳ אברהם־העשל, דער אַפּטער רב, האָט ליב געהאַט צו דערציילן ביים טיש נוזמות אויפן רבה־בר־בר־חנה׳ישן שטייגער.

בעת ער האָט חתונה געמאַכט זיין זון ר׳ יצחק־מאיר׳ן — האָט ער דערציילט — איז אויף דער חתונה געווען אַזאַ גרויסער עולם, אַז בלויז אייער איז אָוועק פאַר טויזנט רובל. פון די אייער־שאָלעכץ האָט׳ן אויס־געליינגט צוויי וועגן אין טייך. צוויי פורן שטרוי זיינען פאַרנוצט געוואָרן פאַר ציין־שטעכער...

דעם זון האָט ער צו דער חתונה געמאַכט אַ פעלץ, איז די האָר פון פעלץ געווען אַזוי לאַנג, אַז אַ קאָזאַק רייטנדיק אויפן פערד מיט דער פּיקע אין האַנט האָט זיך דאָרט געקענט באַהאַלטן. און דער פעלץ איז געווען אַזוי ווייך, אַז ער האָט זיך אַריינגעלייגט אין אַ שאָלעכץ פון אַ ניסל...

זיין שטיבל איז געווען ד׳ על ד׳. ווינטער האָט׳ן אַלע טאָג געהייצט דעם אויוון און פאַרברענט פערציק פור האָלץ אַ טאָג. ביינאַכט, צום שלאָפן, האָט ער געמוזט אַנטאָן אַ פעלץ און אין דער פרי, ווען ער איז אויפגעשטאַנען, איז די האַנט זיינע געווען צוגעפרוירן צום וואַנט...

* גרויסע חלות.

מורא האבנדיק פאר א מסירה, האט ער אמאל געהייסן פארברענען אלע קוויטלאך. זיינען חסידים געשטאנען דריי טעג נאכאנאנד און גע־ברענט די קוויטלאך...

✻

*318*

ר׳ חיים צאנזער האט אמאלביים טיש געפרעגט א חסיד, צי די משמשים האבן אים ניט פארטיילט און געגעבן עסן.

— רבי — ענטפערט דער חסיד פאר׳דבקה׳ט — כ׳בין ניט געקומען אהער עסן.

— יא — שמייכלט ר׳ חיים — די נשמה קומט אויך ניט אויף דעם עולם צו עסן; פונדעסטוועגן, אז מ׳גיט איר ניט קיין עסן אנטלויפט זי...

✻

*319*

ר׳ דוד דינעווער איז אמאל געקומען צו ר׳ חיים צאנזער. ביים טיש האט אים ר׳ חיים מכבד געווען מיט א כוס וויין. האט זיך ר׳ דוד אפ־געזאגט.

— כ׳טאר קיין וויין ניט טרינקען — זאגט ער — דער דאקטער האט מיר פארבאטן.

— נישקשה, איר מעגט — שמייכלט ר׳ חיים — דער דאקטער וואס האט אייך פארבאטן, שלאפט אצינד...

✻

*320*

ר׳ חיים צאנזער האט זיך אמאל צוגעקילט און שטארק געהוסט. האט׳ן אים געהייסן טרינקען טיי צום הוסט.

איינמאל צו שלש סעודות האט ער זיך שטארק פאר׳דבק׳עט און מאריך געווען אין פראווען ביז א שטיק אין דער נאכט. דער זון זיינער, ר׳ ברוך, וואס האט אפגעהיט זיין געזונט, האט געהייסן דערלאנגען טיי. ר׳ חיים איז אלץ געווען פאר׳דבק׳עט, אין דער בחינה פון התפשטות הגשם און האט זיך צום טיי ניט צוגערירט. ר׳ ברוך האט אים א פאר מאל דערמאנט און ר׳ חיים האט אים ניט געהערט. צום סוף האט ר׳ חיים מקפיד געווען.

— וואס ווילסטו פון מיר? — זאגט ער צו ר׳ ברוכ׳ן — אין עולם האצילות טרינקט׳ן קיין טיי ניט.

— יא, טאטע — שמייכלט ר׳ ברוך — אבער אין עולם האצילות הוסט׳ן ניט...

321

ר׳ חיים צאַנזער איז אַמאָל געשטאַנען ביים פענסטער און אַרויס־געקוקט אין דרויסן. גייט פאַרביי אַ חסיד זיינער. קלאַפּט ער אים אָן און רופט אים אַריין.

— וואָס וואָלסטו געטאָן — פרעגט אים ר׳ חיים — ווען דו געפינסט אַ בייטל מיט רענדלאַך?

—כ׳וואָלט — ענטפערט יענער — תיכּף ומיד אָוועקגעגעבן.

— ביזט אַ שוטה — זאָגט אים ר׳ חיים.

קלאַפּט ער אָן אַ צווייטן און פרעגט אים ס׳אייגענע.

— וואָס, אַ שוטה וועל איך זיין? — זאָגט יענער — אוּדאי וועל איך צונעמען.

— ביזט אַ רשע — זאָגט אים ר׳ חיים און הייסט אים גיין.

רופט ער אַריין אַ דריטן און פרעגט אים ס׳אייגענע.

— רבי — זאָגט יענער — לאָמיך קודם געפינען.

— דו ביזט אַ חכם — זאָגט אים ר׳ חיים.

322

ר׳ חיים צאַנזער האָט די לעצטע יאָרן זיינע ממנה געווען פאַר אַ ממלא מקומו דעם אינגערן זון זיינעם, ר׳ אהרנ׳ען און ניט דעם עלטערן. האָט זיך דער עולם גע׳חידוש׳ט.

— כ׳וועל אייך — זאָגט ר׳ חיים — דערציילן אַ מעשה:

אין אַ שטאָט איז געווען אַ בלינדער בעטלער. ער איז געזעסן אין מאַרק און געבעטלט. איטלאַכער, וואָס איז פאַרבייגעגאַנגען, האָט אויף אים רחמנות געהאַט און אים געגעבן אַ נדבה. טייל פלעגן געבן גאָר גרויסע נדבות. אַזוי אַרום האָט דער בעטלער אָנגעקליבן ממון רב, זיך געקויפט הייזער און נכסים, געוואָרן אַן עושר.

דער בעטלער האָט געהאַט עטלאַכע קינדער, אַלע געזונטע, אַחוץ איין זון אַ בלינדן.

פאַרן טויט האָט ער אַלע זיינע נכסים אָפּגעזאָגט די געזונטע קינדער. דעם בלינדן האָט ער גאָרניט געלאָזן.

פרעגט׳מ אים:

— סטייטש, פאַרוואָס ביזטו מעביר נחלה דעם בלינדן זון? אדרבה, אים דאַרפסטו געבן מער, מחמת ער איז דאָך, נעבאַך, אַ בלינדער.

— פאַרשטייט איר מיך — ענטפערט זיי דער בעטלער — דער בלינדער זון מיינער וועט זיין אַן עושר ווי איך: דער עולם וועט אויף אים רחמנות האָבן, אָבער אויף די געזונטע קינדער ווער וועט זיך אומקוקן?...

323

א חסיד׳ישער יונגערמאן איז אמאל געקומען צו ר׳ משה קאברינער. האט ער צו אים ניט געקענט צוקומען. ווען ער האט געוואלט אריינגיין, האט אים דער גבאי ניט צוגעלאזן. דא האט ער אים געזאגט: ער, זאל געזונט זיין, עסט; דא — ער, זאל געזונט זיין, שלאפט.

אויף מארגן איז ער צו אים צוגעקומען.

— פארוואס — פרעגט אים ר׳ משה — ביזטו נעכטן ניט געווען ביי מיר?

— מ׳האט מיך ניט צוגעלאזן — ענטפערט דער יונגערמאן — ווען כ׳האב געוואלט אריינגיין האט דער רבי, זאל געזונט זיין, אדער געגעסן, אדער געשלאפן.

— דו האסט מיר געזאגט דעם אמת — קרעכצט ר׳ משה — מיין גאנץ טועכץ איז, אדער כ׳עס, אדער כ׳שלאף...



324

א חסיד איז אמאל געקומען צו ר׳ משה קאברינער אויף ימים נוראים. ביים שלום געבן פרעגט ר׳ משה דעם חסיד:

— דער טאטע דיינער איז שוין ארויסגעפארן פון דר׳היים?

— יא — ענטפערט דער חסיד.

— ווי ווייט איז — פרעגט ווייטער ר׳ משה — פון אייך קיין קאברין?

— א זעכציג ווירסט — ענטפערט דער חסיד.

— פארט ער, אדער ער גייט צופוס?

— גייט צופוס.

— ווי אלט איז דער טאטע דיינער?

— ארום שבעים.

— זעט — זאגט ר׳ משה צום עולם — ווי גרוים דער כח פון שקר איז, אז ער קען אפנארן א אידן א בן־שבעים, ער זאל גיין צו מיר זעכציק ווירסט צופוס...



325

ר׳ אליה גוטמאכער איז געווען א רב אין גריידיץ, א שטעטל אין פרייסן. כידוע, איז ער געווען מפורסם פאר א בעל מקובל, א צדיק און האט געפירט א שטאט פון א גוטן אידן, געפראוועט טישן, געטיילט שיריים און גענומען קוויטלאך.

איינמאל איז א חסיד׳ישער איד פון פוילן געקומען קיין גריידיץ מכח געשעפט. איז ער אריין צום רב, צו ר׳ אליה גוטמאכער. דערזעט ער פאר זיך א רבי׳ן מיט אן עולם חסידים ארום טיש, גאר ווי אין פוילן. איזים אים געווען א גרויסער חידוש: א רבי אין פרייסן. זעצט ער זיך

ביים טיש, הערט תורה, כאַפּט שיריים, זינגט זמירות און קען זיך אַלץ ניט אָפּחידוש'ן, אַז דאָס זאָל געמאָלט זיין אין פּרייסן.

אַז ער איז געקומען אַהיים, קיין פּוילן, איז ער געפאָרן צום רבי'ן זיינעם. דערציילט ער אים, אַז זייענדיק אין פּרייסן, האָט ער דאָרטן געטראָפן אַ גוטן אידן.

— אַ גוטער איד אין פּרייסן? — חידוש'ט זיך דער רבי.

— יאָ, רבי — ענטפערט דער חסיד — אַ גוטער איד, אַ צדיק, אַ רבי.

— אַן אמת'ער רבי מיט באָרד און פּיאות? — חידוש'ט זיך ווייטער דער רבי.

— יאָ, אַ לאַנגע באָרד, מיט לאַנגע פּיאות, מיט אַ שטריימל.

— אַ שטריימל? אין פּרייסן?

— יאָ, אין פּרייסן.

— און וואָס איז מיט יראת־שמים? דאַוונט אַלע טאָג?

— שייך דאַוונען? מיט הכנות, מיט מקוה, ביז האַלבן טאָג.

— און ווי דאַוונט ער? נוסח אשכנז?

— חלילה, נוסח ספרד, על־פּי האר"י.

— און מ'פאָרט צו אים?

— אַ שאלה? אַז עדה אידן, אַן עין הרע. אין אַ פּשוט'ן שבת זיצן אַ פּאָר מנינים ביים טיש.

— אַ פּאָר מנינים? און ער פּראַוועט?

— אודאי. פירט אַ טיש שעה'ן לאַנג.

— מיט זמירות?

— מחיה'דיקע ניגונים, מיט אַ מין התלהבות, מיט דבקות.

— און זאָגט תורה?

— שייך תורה? זוהר, קבלה, סוד.

— זוהר, סוד? אין פּרייסן? — קען זיך דער רבי ניט אָפּחידוש'ן.

— יאָ, אין פּרייסן — ענטפערט דער חסיד.

— און טיילט שיריים?

— יאָ.

— און דו האָסט אויך געכאַפּט?

— יאָ, אָבער... נאָר פיש.

—— וואָס עפּעס נאָר פיש? — פרעגט דער רבי.

— פליייש — שטאַמלט דער חסיד — עפּעס האָב איך מיך געשייעט... ניט געקענט פּועל'ן ביי זיך. כ'ווייס... ס'איז דאָך פּאָרט פּרייסן...

326

ר׳ שמואל מונקעס פון ליבאוויטש, וואס איז געווען א איד א פקח, איז אמאל געפארן אין וועג מיט א חברה חסידים. פארנאכט זיינען זיי פארפארן אין א קרעטשמע. אז דער קרעטשמער האט דערזען די חברה קבצנים, האט ער צוגעמאכט די טיר און זיי ניט אריינגעלאזן. האט זיך ר׳ שמואל אנגעהויבן בעטן ביי אים, אז זיי ווילן בלויז דאווענען מנחה. און תיכף נאך מנחה אוועקפארן. האט זיי דער קרעטשמער אריינגעלאזן.

אריינגעקומען אין קרעטשמע הויבט אן ר׳ שמואל זיך מכין זיין צו מנחה, גייט איבערן שטוב און זאגט קטורת. אין אווינקל זעט ער אין א וויגעלע א קינד מיט א הארבאט נעזל. שטעלט ער זיך איבערן וויגעלע, הויבט אן גלאצן מיט די אויגן, מאכן העויות, לייגט ארויף די הענט אויפן קינד און זאגט מעשה גוטער איד:

— ס׳קינד וועט האבן א גוט עלטער.

ווי די קרעטשמערקע האט׳ס געהערט, לויפט זי ארויס צום מאן און דערציילט אים, אז דער איד, וואס איז איצט פארפארן, מוז הפנים זיין א גרויסער צדיק, א בעל־שם, ער האט געזאגט וואס ס׳קינד וועט זיין.

דער קרעטשמער האט שוין ר׳ שמואל׳ן מיט די חסידים ניט אפגע־לאזן, תיכף געגרייט פאר זיי א טיש און זיי געגעבן עסן און טרינקען פון בל־טוב. ער האט זיי פארהאלטן אויף נאכטלעגער און אין דער פרי ווייטער געגרייט א טיש.

אז זיי האבן שוין געהאלטן ביים אוועקפארן, פרעגט דער קרעטשמער ר׳ שמואל׳ן:

— זאגט מיר, רבי, וואס האט איר אזוינס געזען אויפן קינד?

— כ׳וועל אייך זאגן — ענטפערט ר׳ שמואל — איך האב געזען, אז ס׳קינד האט א הארבאטע נאז — וועט׳ס האבן א גוט עלטער, די ברילן וועלן ביי אים ניט אראפפאלן, ווי ביי עלטערע מענטשן.

## צווישן בערג

327

בעת דער מחלוקת אויפן רמב״ם, ווען די מתנגדים זיינע האבן אויף אים מוציא לעז געווען, אז ער פירט זיך ניט בדרך התורה, זיינען די חכמי צרפת געפארן קיין מצרים, צום רמב״ם, זען מיט די אויגן זיין הנהגה ביי זיך אין שטוב.

דער רמב"ם האט פארשטאנען וועגן וואס זיי זיינען געקומען צו אים, האט ער זיי אויפגענומען בסבר פנים יפות, זיי אריינגעבעטן צו זיך, געזעצט אויבנאן און זיי אפגעגעבן גרוים כבוד.

זיצנדיק מיט זיי זאגט דער רמב"ם צום משרת זיינעם:

— פעטער, דערלאנג וויין פאר די אורחים.

די חכמי צרפת קוקן זיך איבער: היתכן, א גוי זאל דערלאנגען וויין, יין נסך? זאגן זיי זיך אפ פון וויין.

— מיר זיינען מאט פון וועג — געפינען זיי כלומר׳שט א תירוץ — וועלן מיר ליבערשט טרינקען וואסער.

א ווײַלע שפעטער זאגט דער רמב"ם צום משרת זיינעם:

— פעטער, וועסט הרג׳ענען ס׳קאלב און צוריכטן פאר די אורחים.

די חכמי צרפת גלויבן די אייגענע אויערן ניט: נבלה׳ן א בהמה, אן שחיטה. הפנים אמת וואס מ׳זאגט.

— היות מיר זיינען פון וועג — זיינען זיי זיך מתנצל פארן רמב"ם — שייען מיר זיך צו עסן פלייש.

האבן זיי עפעס טועם געווען און זיך געלייגט שלאפן.

ליגנדיק אויף די געלעגערס הערן זיי, ווי דער רמב"ם זאגט צום משרת:

— פעטער, מארגן זאלסטו אויפשטיין פרי, נעמען א מענטשן, צור־שניידן אויף דינע שטיקלאך און מאכן א געריכט פאר די אורחים.

די חכמי־צרפת ווערן פארציטערטע, אן אימת־מות באפאלט זיי. זיי האבן שוין א גאנצע נאכט מיט קיין אויג ניט צוגעטאן, זיך קוים דערוואַרט אויפן פרימארגן. בעלות זיינען זיי אויפגעשטאנען און תיכף זיך גענומען קלייבן אין וועג אריין.

— וואס איילט איר? — פרעגט זיי דער רמב"ם — פארוויילט אביסל.

זאגן זיי אים דעם אמת. זיי האבן דא געהערט אזעלכע מאוימ׳דיקע זאכן, וואס זיי וואלטן אויף אים קיינמאל ניט געגלויבט.

— כ׳וויל אייך דערקלערן — שמייכלט דער רמב"ם — וואס איר האט געהערט. מיין משרת פעטער איז ניט קיין גוי, נייערט א איד, א תלמיד חכם. ס׳קאלב, וואס איך האב געהייסן הרג׳ענען, איז א בן־פקועה און איז מותר אן שחיטה. דעם מענטשן, וואס איך האב געהייסן שניידן און קאכן, איז אזא מין ירק, וואס רופט זיך אזוי, מחמת ס׳האט די תמונה פון א מענטשן.

די חכמי־צרפת זיינען געבליבן ביים רמב"ם עטלאכע טעג, זיך משתעשע געווען מיט אים אין תורה און אין חכמה און זיך ניט גע־קענט אפ׳חידוש׳ן פון זיין גדלות און שלימות.

328

ר׳ צבי אשכנזי, דער „חכם צבי" און ר׳ אברהם ברוידא, דער „אשל אברהם", האבן ניט געלעבט בשלום. ארויסגעקומען די מחלוקת איז צוליב אזא מעשה:

ר׳ אברהם ברוידא האט משדך געווען זיין זון מיט ר׳ ישראל פערשט׳ס פון האמבורג א טאכטער. צו דער חתונה איז ר׳ אברהם געקומען קיין האמבורג. דער האמבורגער רב, ר׳ זלמן מירל׳ס, האט לכבוד אים געמאכט א גרויסע סעודה און פארבעטן די גרעסטע תלמידי חכמים פון שטאט. דער „חכם צבי", וואס האט געהאלטן א ישיבה אין אלטונא, איז צו דער סעודה ניט געקומען, מחמת ער איז געווען אין אבלות אויף זיין פאטער. האט ר׳ אברהם מקפיד געווען און געהאט גרוים תרעומות.

א פאר טעג שפעטער האט דער „חכם צבי" גענומען צוויי תלמידים זיינע פון אלטונער קלויז און איז געגאנגען געבן שלום ר׳ אברהמ׳ען. האט זיי ר׳ אברהם מקבל געווען בסבר פנים און פירגעהאלטן דעם „חכם צבי" למאי ער איז ביז אצינד ניט געקומען.

— כ׳האב ניט געקענט — איז זיך דער „חכם צבי" מתנצל.

— האט דאך כבודו — זאגט ר׳ אברהם — געקענט שיקן זיינע תלמידים.

— כ׳האב ניט — ענטפערט דער „חכם צבי" — קיין תלמידים.

— און ווער — ווייזט אז ר׳ אברהם אויפן „חכם־צבי׳ס" תלמידים, וואס זיינען מיט אים געקומען — זיינען די?

— די זיינען — זאגט דער „חכם צבי" — מיינע חברים...

❦

329

דער ווילנער גאון איז, כידוע, געווען א יושב־אוהל, כמעט ניט ארויסגעגאנגען מפתח ביתו. געזעסן תמיד ביי זיך אין חדר, די פענסטער פארמאכט אויף די לאדנס אפילו בייטאג, און עוסק געווען יום ולילה אין תורה און אין עבודה.

אין יענע יארן האט גע׳שמ׳ט דער דובנער מגיד. געווען א דרשן נפלא און א גרויסער מוכיח. מיט זיינע דרשות און משלים האט ער מעורר געווען אידישע הערצער צו תשובה און צו יראת שמים, מחזיר למוטב געווען אפילו פושעים.

האט דער גאון געשיקט נאכן דובנעם, ער זאל אים קומען זאגן תוכחה.

איז דער דובנער מגיד געקומען, געזען דעם גאונ׳ס הנהגה, ווי ער איז פרוש פון דער וועלט, גייט ניט ארוים מפתח ביתו.

אז ער איז געבליבן מיטן גאון ביחידות זאגט ער אים:

— אַ קונץ איז צו זיין אַ ווילנער גאון, בעת מ׳זיצט סגור ומסוגר בחדרי־חדרים און מ׳איז עוסק רק אין תורה? אַרויסגיין אין גאַס, צווישן מענטשן, עוסק זיין אין הוויות־העולם, טאָן משא־ומתן און דע־מאָלט בלייבן ווילנער גאון — דאָס איז אַ קונץ.

דער גאון הערט אויס דעם דובנער און ענטפערט קורץ און שאַרף:

— כ׳בין ניט קיין קונצנמאַכער...



330 פאַרן גאון איז אין ווילנע געווען אַ רב, ר׳ שואל׳קע — אַן אַלטער בעל־הוראה און אַ תקיף־בדעתו.

דערציילט׳ן אין ווילנע אַזאַ מעשה:

ביי אַן אָרימען שניידער, וואָס האָט געוואוינט מיטן גאון אין שכנות, האָט זיך געמאַכט אַ שאלה. פרייטאָג־צו־נאַכטס, בעת דער שניידער איז געזעסן מיט די בני־בית און מיט די צוויי פּועלים ביים טיש, געזונגען זמירות און געוואַרט, אַז ס׳וייב זיינס זאָל אויפגעבן דעם שבת׳דיקן צימעס, איז עפּעס געשען אין אויוון און ס׳איז געוואָרן אַ שאלה אויפן צימעס.

שיקט דער שניידער איינעם פון די פּועלים גיין פרעגן דעם רב, ר׳ שואל׳קן.

ס׳גייט אַוועק אַ היפּשע ווײַלע — דער פּועל איז נאָך ניטאָ צוריק. מ׳וואַרט און מ׳קען זיך ניט דערוואַרטן.

דערמאָנט זיך די שניידערקע, אַז ניט ווייט, אין צווייטן הויף, וואוינט ר׳ אליה, וואָס פּסק׳נט אויך אַ שאלה.

שיקט׳ן דעם צווייטן פּועל, פרעגן די שאלה ר׳ אליה׳ן.

אַ ווײַלע שפּעטער קומט דער ערשטער פּועל מיט אַ תשובה:

— דער רב האָט גע׳פּסק׳נט כשר.

ווייל שוין דער שניידער הייסן אויפגעבן דעם צימעס, קומט תיכף אַריין דער אַנדערער פּועל מיט אַ תשובה:

— ר׳ אליה האָט גע׳פּסק׳נט טריף.

ווערן אַלע צעטומלט. וואָס טוט׳ן איצט? וועמען פאָלגט׳ן?

טוט אָן דער שניידער די קאַפּאָטע, גייט אַוועק צו ר׳ שואל׳קן און דערציילט אים די מעשה.

— גיי אַהיים — זאָגט אים ר׳ שואל׳קע — באַלד וועל איך מיט ר׳ אליה׳ן קומען צו דיר פאַרזוכן דעם צימעס.

לויפט דער שניידער אָן אַ אָטעם אַהיים און זאָגט אָן:

— דער רב מיט ר׳ אליה׳ן גייען אַהער. קומען פאַרזוכן דעם צימעס.

ווערט איז שטוב א מהומה. א קליניקייט, ווער ס׳קומט! באלד איז די גאנצע גאס געוואויר געווארן, אז ר׳ שואל׳קע מיט ר׳ אליה׳ן קומען צום שניידער, איז דעם ארימען שניידערס דירה געווארן גע־פאקט מיט מענטשן.

ר׳ שואלקע איז אוועק צום גאון און זאגט אים:

— קומט, ר׳ אליה, לאמיר פארזוכן דעם שניידערס כשר׳ן צימעס.

— אז איר הייסט — ענטפערט דער גאון — וועל איך עסן. איר זיינט דער מרא דאתרא.

איז א ווײלע ארום קומען ביידע, דער רב מיטן גאון, צום שניידער. דער עולם מאכט זיי א ווארע, רוקט זיך אפ מיט גרויס יראת־הכבוד און אלע שטייען און ווארטן וואס דא וועט זיין.

דער רב מיטן גאון זעצן זיך ביים טיש און ר׳ שואל׳קע הייסט דער־לאנגען צימעס.

דער שניידערס ווייב לייגט אריין אביסל צימעס אין א נייעם פסח־דיקן טעלער און טראגט מיט ציטערדיקע הענט צום טיש.

אז זי איז דורכגעגאנגען אונטערן היינגלייכטער, וואו ס׳האבן גע־ברענט די שבת׳דיקע ליכט, איז פלוצלונג אראפגעפאלן א ליכט גלייך אין טעלער אריין.

דער עולם איז געווארן א פארציטערטער.

הויבט זיך אויף ר׳ שואל׳קע און זאגט צום גאון:

— מן השמים האט׳ן געוויזן, אז איר זיינט גערעכט...

✻

331 ר׳ שניאור־זלמן לאדיער, דער „תניא“, האט, כידוע, געהאט קעגן זיך גרויסע מתנגדים מצד אנדערע צדיקים. דער שארפסטער מתנגד זיינער איז געווען ר׳ ברוך מעזשיבוזשער, דעם בעל־שם׳ס אייניקל, וואס איז געווען א גרויסער קפדן און געקוקט אויף ר׳ שניאור־זלמן ווי אויף זיינעם א מסיג־גבול.

בעת ר׳ שניאור־זלמן איז אמאל געפארן לטובת הכלל, איז ער אראפ־געפארן קיין מעזשיבוש, געוואויר ווערן ר׳ ברוכ׳ן. ר׳ ברוך האט אים אויפגענומען ניט זייער בסבר פנים יפות און געהאט מיט אים א שארפן ויכוח למאי ער מאכט קאליע ס׳חסידות פון זיין זיידן דעם בעל־שם־טוב.

— וואס — פרעגט ר׳ שניאור־זלמן — האב איך אזוינס געטאן?

— סטייטש — בייזערט זיך ר׳ ברוך — איר הייסט אייערע חסידים ניט זאגן „ושמרו“ פרייטאג־צו־נאכטס צו מעריב.

— דאס — ענטפערט ר׳ שניאור־זלמן בנעימות — איז על־פי־דין.

— ווייסט איר — גיט א געשריי ר׳ ברוך — אז בעת אידן זאגן „ושמרו״ ווערט א יריד אין הימל?

— נו — שמייכלט ר׳ שניאור־זלמן — אז א איד א סוחר פארט ניט אמאל אויפן יריד, ווערט ער שוין אוים סוחר? אגב וויל איך טאקע ניט, אז מיינע חסידים זאלן מאכן ירידים פרייטאג־צו־נאכטס...

332

בעת׳ן וכוח האט ר׳ ברוך פירגעהאלטן ר׳ שניאור־זלמנ׳ען:

— מ׳זאגט אויף אייך, אז זייענדיק אין פעטערבורג *, האט איר געשמועסט מיט אן ערל אין ענינים פון קבלה. איז׳ם אמת?

— אמת — ענטפערט ר׳ שניאור־זלמן — אבער יענער ערל ווייסט מער איז קבלה ווי טייל צדיקים...

333

אז ר׳ ברוך האט ניט אויפגעהערט צו רודפ׳ן ר׳ שניאור־זלמנ׳ען, האט ר׳ שניאור־זלמן זיך באקלאגט פאר ר׳ נחמן בראצלאווער, וואס איז געווען דעם בעל־שמ׳ס אן אוראייניקל און ר׳ ברוכ׳ס א שוועסטערנזון.

— השם־יתברך — ענטפערט ר׳ נחמן — האט אייך מציל געווען פון פעטערבורד (פעטערבורג), וועט ער אייך אויך מציל זיין פון פעטער בוריך (ברוך)...

334

ר׳ ברוך מעזשיבוזשער האט ניט געלעבט בשלום מיטן שפאלער זיידע, וואס איז דעמאלט געווען מפורסם פאר א גרויסן בעל־מופת און האט געגעבן קמיעות און סגולות.

— איר ווייסט — זאגט אמאל ר׳ ברוך צום שפאלער — איר דארפט אייך ניט רופן זיידע נאר באבע. מחמת איר גיט סגולות מיט באבסקע רפואות, ווי אלע באבעס...

דער שפאלער זיידע האט פארשטאנען דעם שטאך.

— ווען ניט דער זיידע ** — ענטפערט ער ר׳ ברוכ׳ן — וואלט איר ניט געווען דאס, וואס איר זיינט...

* ר׳ שניאור־זלמן איז, כידוע, צוליב א מלשינות געזעסן תפוס אין פעטערבורג.

** דער בעל־שם.

335

דער לובלינער רב, ר׳ עזריאל „דער אייזערנער קאפ״, איז געווען א שארפער מתנגד פון חסידות.

אז ר׳ יעקב־יצחק, דער לובלינער „חוזה״, איז נתגלה געווארן און דער עולם האט אנגעהויבן פארן צו אים, האט ר׳ עזריאל אויף אים שטארק מתרעם געווען און פלעגט תמיד מיט אים צו טאן האבן, למאי ער פירט זיך מעשה רבי, בעת ער ווייסט אליין, אז ער איז א פשוט׳ער איד.

איינמאל איז ר׳ עזריאל צו אים שטארק צוגעשטאנען.

— וואס זאל איך טאן? — זאגט דער „חוזה״ — אז דער עולם קומט צו מיר?

— האב איך אן עצה — זאגט ר׳ עזריאל — בעת דער עולם וועט קומען צו אייך, זאלט איר זיי זאגן דעם אמת, אז איר זיינט א פשוט׳ער איד, וועלן זיי מער ניט קומען.

האט דער „חוזה״ אזוי געטאן. שבת ביים טיש, בעת דער עולם איז געזעסן ארום, האט זיך דער „חוזה״ אויפגעשטעלט און געזאגט מיט א געבראכן געמיט:

— רבותי, זייט וויסן, אז איך בין א פראסטער איד, אן תורה און אן יראה און איר האט ניט פון מיר וואס צו לערנען.

דער עולם חסידים איז אריין אין התלהבות פונם רבינ׳ס ענוות און מ׳האט זיך נאך מער געקלעפט צו אים.

מיט א פאר טעג שפעטער טרעפט ר׳ עזריאל דעם „חוזה״. פרעגט ער אים:

— נו, איר האט געטאן מיין עצה?

— יא — זאגט דער „חוזה״ — ס׳האט אבער ניט געהאלפן. להיפך, דער עולם האט׳ס אנגענומען פאר ענוות און קלעפט זיך נאך מער.

— אויב אזוי — זאגט ר׳ עזריאל — האב איך אן אנדער עצה. איר זאגט זיי, אז איר זיינט א גאון און א צדיק, וועלן זיי אנטלויפן מחמת אייער גאוה.

— דאס ניט — זאגט דער „חוזה״ — קיין רבי בין איך ניט, אבער קיין שקרן בין איך אויך ניט...



336

ר׳ ישראל ריזשינער׳ס דרך איז געווען עסן בצמצום — וואס פשוט׳ער און וואס קנאפער. ר׳ אברהם־העשל, דער אפטער רב, האט זיך נוהג געווען פירן א ברייטן טיש, מיט כמה מיני מאכלים און משקאות און ניט מצמצם זיין אין עסן.

איז דער ריזשינער אַמאָל געקומען געוואויר ווערן דעם אַפּטער. האָט דער אַפּטער אים מקבל געווען מיט גרויס שמחה, און געהייסן גרייטן דעם טיש, ווערליק אַזאַ אורח חשוב.

ביים טיש האָט דער אַפּטער קנאַפּ געגעסן.

— פאַרוואָס — פרעגט אים ר׳ ישראל — עסט איר אַזוי קנאַפּ, גאָר־ניט ווי אייער דרך?

— כ׳וועל אייך זאָגן — ענטפערט אים ר׳ אברהם־העשל — שבת איז אַז אורח ביי דער וואָך. איז די וואָך אים מכבד מיט גוטע מאכלים, מיט בשר ודגים וכל מטעמים. יום־טוב איז אַן אורח לגבי שבת. אַז ס׳פאַלט אויס יום־טוב שבת, איז שבת מכבד דעם אורח, איז מוסיף לכבודו נאָך אַ מאכל. אַז דער אורח איז אָבער אַזאַ וואָס עסט ניט, למשל, אַז ס׳פאַלט אויס יום־כפור שבת, עסט שבת אַליין אויך ניט...

✻

337

ר׳ יאָסעלע טאַרנאָפּאָלער, דער „מנחת חינוך״, איז געווען אַ גאון־עולם און אַ גרויסער עניו — אַ נחבא אל הכלים. ער האָט כמעט קיינמאָל ניט אַרויסגעוויזן פאַר מענטשן זיין גאונות, האָט ווייניק גערעדט און בעת׳ן ריידן געקוקט אויף די ציצית, וואָס ער האָט געטראָגן אויפן אויבערשטן מלבוש.

איינמאָל איז צו אים געקומען געוואויר ווערן ר׳ יעקעלי רומליוועער. כדרך הטבע, האָט ר׳ יעקעלי אָנגעהויבן שמועסן אין תורה, געזאָגט זיינס אַ חידוש, וואו ער האָט אַרויסגעוויזן גרויס חריפות און בקיאות. ר׳ יאָסעלע איז געזעסן, געקוקט אויף די ציצית און געשוויגן.

אַז ר׳ יעקעלי איז אַוועקגעגאַנגען, זאָגט ר׳ ראובעלע, דער דיין, צו ר׳ יאָסעלן:

— רבי, וואָס האָט איר געטאָן? די גאַנצע צייט וואָס ר׳ יעקעלי האָט געזאָגט תורה, האָט איר געשוויגן.

— וואָס־זשע איז? — פרעגט ר׳ יאָסעלע.

— ס׳הייסט — חידוש׳ט זיך ר׳ ראובעלע — ר׳ יעקעלי וועט אַוועקגיין און זאָגן, אַז דער טאַרנאָפּאָלער רב קען ניט לערנען.

— וואָס־זשע איז די סכנה? — פרעגט ר׳ יאָסעלע בתמימות.

— ס׳איז — זאָגט ר׳ ראובעלע — אַ חילול־הכבוד פאַר טאַרנאָפּאָל.

— אַזוי? — כאַפּט זיך ערשט ר׳ יאָסעלע — אַ חילול־הכבוד פאַר דער שטאָט? רופט אים שוין צוריק.

מ׳איז תיכף געלאָפן און מ׳האָט באַוויזן ר׳ יעקעלי׳ן צוריקצורופן. האָט ר׳ יאָסעלע אָנגעהויבן שמועסן מיט אים אויפסניי און אָפּגעווענדט דעם גאַנצן חידוש מיט אַזאַ געוואַלדיקער גאונות, אַז ר׳ יעקעלי איז אַרויס פון די כלים.

338

ר׳ לייב, דער „קצות״, מיט ר׳ יעקב׳ן, דעם „נתיבות״, האָבן זיך תמיד מנצח געווען אין לערנען, איינער האָט משיג געווען אויפן אַנדערן, און אַרויסגעוויזן וואָס מער חריפות.

איינמאָל האָבן זיך ביידע געטראָפן אין איין שטאָט און איינגע־שטאַנען אין איין אַכסניא. כדרך הטבע איז גאַנץ שטאָט געקומען מקבל פּנים זיין די צוויי גדולי ישראל.

— זעט אַ פּלא — זאָגט דער „נתיבות״ צום „קצות״ — מיר ווייסן דאָך דעם אמת, אַז איר זיינט מער גדול פאַר מיר, פונדעסטוועגן גיט אַכטונג וועט איר זען, אַז פון הונדערט מענטשן קומען ניינציק צו מיר און צען צו אייך.

— אַט דאָס איז טאַקע די מעשה — ענטפערט דער „קצות״ — פון הונ־דערט מענטשן זיינען קוים צען מבינים אויף לומדות...

339

ר׳ עקיבא אייגער מיט ר׳ יעקב ליסער זיינען אַמאָל געקומען קיין וואַרשע, אויף אַן אסיפה פון רבנים. כדרך הטבע איז גאַנץ וואַרשע אַרויס מקבל פּנים זיין די צוויי גאונים. אַז זיי האָבן זיך אויפגעזעצט אויף דער דראָשקע, האָט דער עולם אויסגעשפּאַנט די פערד און זיך איינגעשפּאַנט פירן די צוויי גדולי ישראל.

ר׳ עקיבא אייגער האָט׳ס דערזען, האָט ער געמיינט, אַז דאָס טוט דער עולם לכבוד ר׳ יעקב ליסער. איז ער אויך אַראָפּ אין עולם פירן די דראָשקע. פון גרויס איינגעשאַפּט האָט׳ן אים ניט באַמערקט. ר׳ יעקב ליסער, ווידער, האָט געמיינט, אַז דאָס טוט׳ן לכבוד ר׳ עקיבא אייגער, איז ער אויך אַראָפּ פירן די דראָשקע. אַזוי האָט דער גאַנצער עולם געפירט די דראָשקע אַ שטיק וועג, ביז מ׳האָט זיך געכאַפּט, אַז זי איז אַ ליידיקע.

340

בעת ר׳ עקיבא אייגער מיט ר׳ יעקב ליסער זיינען געווען אין וואַרשע, זיינען זיי ביידע איינגעשטאַנען אין איין אַכסניא. כדרך הטבע זיינען אידן פון גאַנץ וואַרשע געגאַנגען מקבל־פּנים זיין די צוויי גדולי ישראל, האָבן די זכיה זיי צו זען און געבן שלום.

איז אַ איד געקומען אויף דער אַכסניא גראָד ווען ר׳ עקיבא אייגער איז אַליין געווען. איז ער אַריין צו אים.

— וואָס — פרעגט אים ר׳ עקיבא אייגער — האָט איר געוואָלט?

— כ׳בין געקומען — זאָגט דער איד מיט הכנעה — זען דעם רבי׳ן.

— דער רבי — ענטפערט ר׳ עקיבא אייגער — איז איצט ניטאָ. ער וועט באַלד אַריינקומען...

❦

341

בעת ר׳ עקיבא אייגער מיט ר׳ יעקב ליסער האָבן געוויילט אין ווארשע זיינען זיי שבת ביידע געגאַנגען דאַוונען אין איין בית־מדרש. כדרך הטבע האָט מען זיי צוגעטיילט גרויס כבוד, אָפּגעגעבן דעם סאַמע אויבנאָן אין מזרח, וועדליק אַזעלכע גאונים.

אַז ס׳איז געקומען צו די עליות איז דעם גבאי איינגעפאַלן געוואָרן: וועמען פון די צוויי גדולי ישראל איז׳ן מכבד מיט שלישי? נאָך אַ לאַנגן ישוב־הדעת איז געבליבן: מכבד זיין ר׳ עקיבא אייגער׳ן מיט שלישי און ר׳ יעקב ליסער — מיט שישי.

קומענדיק נאָכן דאַוונען אויף דער אַכסניא, זעט ר׳ יעקב ליסער, אַז ר׳ עקיבא אייגער איז פאַר׳צער׳ט. פאַרשטייט ער, אַז דאָס איז ער זיך מצער, לּמאי מ׳האָט אים צוגעטיילט אַ גרעסערן כבוד.

— מיינט ניט, ר׳ עקיבא — זאָגט צו אים ר׳ יעקב — אַז מ׳האָט אייך מכבד געווען מיט שלישי מחמת איר זיינט גרעסער פאַר מיר אין תורה. חלילה, ס׳איז בלויז מחמת פּויזנע, וואו איר זיינט רב, איז אַ גרעסערע קהלה ווי ליסע, וואו איך בין רב.

האָט זיך ר׳ עקיבא אייגער תיכף באַרואיקט.

❦

342

בעת מ׳האָט ר׳ משה סופר, דעם „חתם סופר", גערעדט דעם שידוך מיט ר׳ עקיבא אייגער׳ס טאָכטער, האָט ר׳ משה סופר אַליין אָנגעפרעגט אין אַ בריוו דעם אבי המדוברת מכח דער טאָכטער זיינער און צי ער איז מסכים אויפן שידוך.

ענטפערט ר׳ עקיבא אייגער, אַז דער שידוך איז אים זייער לרצון, פאַרלויבט שטאַרק די מדוברת, אַז זי איז אַן אשת חיל און אַ צנועה. נאָר איין זאַך — שרייבט ער — איז אַן עיכוב. אודאי וויל דאָך ר׳ משה סופר נעמען אַ בת תלמיד־חכם, און דאָס איז זיין טאָכטער ניט...

ענטפערט אים ר׳ משה סופר, אַז וואָס איז שייך אַ בת תלמיד־חכם, נעמט ער ס׳אחריות אויף זיך. ער האָט בלויז מורא, דער עיכוב זאָל ניט זיין פון ר׳ עקיבא אייגער׳ס צד. אודאי וויל דאָך ר׳ עקיבא אייגער נעמען אַן איידים אַ תלמיד־חכם, און דאָס איז ער ניט...

❦

343

ר׳ מרדכי בענעט און ר׳ משה סופר זיינען אַמאָל געווען זומער אין זיינער באַדן. זיינען זיי ביידע איינגעשטאַנען אין איין אַכסניא. דער

בעל־אכסניא, א גוי, האט ביי זיי קיין געלט ניט געוואלט נעמען. זיי האבן אבער ניט געוואלט וואוינען ביי אים אומזיסט. פלעגן זיי אים געבן מתנות. ר׳ מרדכי בענעט פלעגט אים אלע טאג שיקן א קערבעלע אויבס, וכדומה. ר׳ משה סופר פלעגט אים שיקן איין מאל אין וואך א גרעסערע מתנה.

— וואס איז דער טעם — פרעגט אמאל ר׳ משה סופר ר׳ מרדכי בענעט׳ן — וואס איר שיקט דעם בעל־אכסניא א מתנה אלע טאג? איך אז כ׳שיק איין מאל אין וואך, קען איך שיקן א גרעסערע זאך, וואס איז אנגעזען. אבער איר, אז איר שיקט אלע טאג, קענט איר דאך שיקן בלויז קלייניקייטן, איז׳ס ביים בעל־אכסניא גארניט אנגעלייגט.

— כ׳קלער איבער — ענטפערט ר׳ מרדכי בענעט — טאמער שטארבט דער בעל־אכסניא אין משך פון דער וואך, וועט דאך אויסקומען, אז כ׳האב געוואוינט אומזיסט...

פון דעמאלט־אן פלעגט ר׳ משה סופר אויך שיקן דעם בעל־אכסניא א מתנה אלע טאג.



344

ר׳ משה סופר, דער „חתם סופר", איז אמאל געזעסן און געשמועסט וועגן ר׳ מרדכי בענעט, דעם ניקלשבורגער רב. שמועסנדיק האט ער זיך אויסגערעדט, אז ער האט אמאל דערמאנט ר׳ מרדכי בענעט׳ן א ירושלמי, וואס יענער האט פארגעסן.

— פארשטייט איר — פארכאפט ער זיך תיכף — א שווערער משא־וואגן, וואס איז אנגעלאדן מיט סחורה, מוז גיין אויפן ברייטן וועג, אין אפענעם מארק, און קען ניט גיין אויף א זייטיקן וועג, אדער אין א הינטערגעסל. אבער א קליין וועגעלע, א „שטייער וועגערל", וואס האט ניט אויף זיך קיין משא, קען זיך אראפכאפן אן א זייט, זיך דורכשפארן אין א הינטערגעסל. ס׳אייגענע איז מיטן ניקלשבורגער רב און מיט מיר. דער ניקלשבורגער רב איז אנגעלאדן מיט תורה, איז פול אין ש״ס און אין פוסקים, קען ער ניט געדיינקען א זייטיקן מאמר, א פארווארפענעם ערגעץ אין א ירושלמי. איך, אבער, בין ניט אנגעלאדן, האב ניט קיין סך צו טראגן אויפן קאפ, קען איך געדיינקען א זייטיקן מאמר...



345

ר׳ ליפא מירער איז געווען א גרויסער מקיל אין שאלות. ר׳ ירוחם־לייב, דער מינסקער „גדול", להיפך, איז געווען א שטארקער מחמיר.

האָבן זיי זיך ביידע אַמאָל געטראָפן. כדרך הטבע האָט׳ן געשמועסט אין תורה, אין ענינים פון הלכה למעשה. שמועסנדיק האָלט פיר דער „גדול" ר׳ ליפּע׳ן למאַי ער איז אַ מקיל.

— כ׳וועל אייך זאָגן — ענטפערט אים ר׳ ליפּע — איך, אַז כ׳בין אַ מקיל, איז טאָמער, חלילה, וועד איך נכשל און זאָג אויף טריף כשר, וועל איך לאחר מאה שנה האָבן אַ דין־תורה מיט אידן. זיי וועלן מיך רופן לדין פאַר בית־דין של־מעלה, למאַי כ׳האָב זיי מאכיל טרפה געווען. איר, אָבער, אַז איר זיינט אַ מחמיר, טאָמער מאַכט איר פון כשר טריף, וועט איר דאַך לאחר מאה שנה האָבן אַ דין־תורה מיט אַן אָקס. דער אָקס וועט אייך שלעפּן צום בית־דין של־מעלה, למאַי איר האָט אים טריף געמאַכט און צוגענומען ביי אים זיין תיקון, אַז אידן זאָלן אים עסן און מאַכן אַ ברכה...

346

ר׳ מרדכי לעכעוויטשער איז אַמאָל געקומען צו ר׳ אברהמ׳עלע טרים־קער. האָבן זיי זיך צעשמועסט מכח חסידות און די פאַרשידענע דרכי העבודה פון די צדיקי עולם.

פרעגט ר׳ אברהמ׳עלע ר׳ מרדכי׳ן:

— זיינען עפּעס געבליבן ספרים פון אייערע רביים?

— יאָ — ענטפערט ר׳ מרדכי.

— געדרוקט — פרעגט ר׳ אברהמ׳עלע — אָדער אין כתב־יד?

— ניין — ענטפערט ר׳ מרדכי — אין אידישע הערצער...

347

ר׳ אייזל חבר, סוואַלקער רב, האָט געהאַט אַ מחלוקת מיט ר׳ חיים וויסטיניצער. האָט ער געשיקט זיין זון צו ר׳ לייבעלע קאָוונער, פּועל׳ן ביי אים מחרים זיין ר׳ חיימ׳ען. ר׳ לייבעלע האָט ר׳ אייזל׳ס זון אויפ־גענומען מיט כבוד און געהייסן דער רבי׳צן מאַכן אַ יום־טוב׳דיקן אָנבייסן מיט פיש און עוף און וויין.

— מיר האָבן אַ חשוב׳ן אורח — זאָגט ער — ר׳ אייזל׳ס אַ זון.

ביים טיש צעשמועסט זיך ר׳ לייבעלע מיט ר׳ אייזל׳ס זון וועגן זיין טאַטן. צו די פיש פרעגט ער אים:

— עסט אייער טאַטע פיש?

— יאָ — ענטפערט ר׳ אייזל׳ס זון.

צו די עוף:

— עסט אייער טאַטע עוף?

— יאָ.

און אזוי ביי איטלאך געריכט.

— און ר׳ חיים — פירט אויס ר׳ לייבעלע פארן בענטשן — עסט מער ניט ווי ברויט מיט וואסער. טא זאגט־זשע אייער טאטן, אז וואס ער עסט אויף אין איין טאג, עסט׳ס ר׳ חיים ניט אויף אין א חודש און וואס ר׳ חיים לערנט אויס אין א טאג, לערנט ער׳ס ניט אויס אין א חודש.

❦

348

ר׳ אברהמ׳ל סלאנימער, איידער ער איז געווארן רבי, איז געווען א ידיד נאמן מיט ר׳ אייזל חריף. זיי פלעגן אפט זיצן צוזאמען און שמועסן אין תורה, אין מילי דעלמא. ר׳ אייזל, וואס איז בטבע געווען א גרויסער מבטל, האט געהאלטן פון ר׳ אברהמ׳לען, פון זיין לומדות, און זיך מיט אים גע׳חבר׳ט.

אז ר׳ אברהמ׳ל איז געווארן רבי, איז נתפרדה החבילה — צוויי וועלטן.

א קורצע צייט נאכדעם ווי ער איז געווארן רבי, טרעפט זיך ר׳ אברהמ׳ל מיט ר׳ אייזל חריף.

— אברהמ׳ל — מאכט צו אים ר׳ אייזל — דו א רבי?

— אידן — ענטפערט ר׳ אברהמ׳ל חסיד׳יש — האבן מיך געמאכט.

— ווי — פרעגט ר׳ אייזל — ווערט׳ן עס אבער מיט אמאל א צדיק און א קדוש?

— דאס איז דער כח פון אידן — ענטפערט ר׳ אברהמ׳ל — אז זיי זיינען מייחד איינעם און פארן צו אים, זיינען זיי ממשיך אויף אים קדושה. עליי תרומה. די אייגענע, פשוט׳ע תבואה, נאר אז א איד האט עס אפגעשיידט, ווערט עס תרומה און עס איז הייליק.

— ביזט ערשט געווארן א רבי — ענטפערט אים ר׳ אייזל — און האסט שוין פארגעסן לערנען. א בפירוש׳ע משנה: „חרש שוטה וקטן שתרמו אין תרומתן תרומה“ (די תרומה פון א שוטה איז קיין תרומה ניט).

❦

349

ר׳ אייזל חריף איז אמאל געקומען קיין פינסק. די פינסקער גבירים זאלן אים העלפן דרוקן זיינעם א ספר. כדרך הטבע האט ער ניט געקראגן וויפל ער האט זיך געריכט.

זייענדיק אין פינסק איז ער אריין געוואויר ווערן דעם רב ר׳ אלעזר־משה׳ן.

— ווי געפעלט אייך עפעס פינסק? — פרעגט אים ר׳ אלעזר־משה.

— ביי אייך — ענטפערט אים ר׳ אייזל — איז פארקערט ווי די וועלט זאגט: מער בלאטע * ווי געלט...

* פינסק, כידוע, האט א שם מיט אירע בלאטעס: פינסקער בלאטעס.

350

ר׳ יאשע־בער איז אמאל זומער געווען אויף דאטשע אין נאוואמינסק. איז געקומען דער נאוואמינסקער רבי אים געוואויר ווערן. ר׳ יאשע־בער האט אים אויפגענומען בסבר פנים יפות, געבעטן זיצן און אים מכבד געווען מיט טיי. איידער דער רבי האט געמאכט שהכל אויפן טיי, האט ער זיך צעשאקלט, געקרעכצט, געגלאצט מיט די אויגן און זיך פאר־גאנגען אין דבקות, ווי דער דרך פון א רבי׳ן.

אז ער האט שוין געמאכט די ברכה און אנגעהויב טרינקען, פרעגט אים ר׳ יאשע־בער:

— שוין לאנג אז איר לײדט אזוי אויפ׳ן שלוקערץ, לא עלינו?...



351

ר׳ זונדל סאלאנטער, ר׳ ישראל סאלאנטער׳ס רבי, איז געווען מפורסם פאר א צדיק תמים. זיין דרך איז געווען, אז ער איז געגאנגען אנגעטאן ניט ווי קיין רב, אפילו ניט ווי א איד א למדן, נאר ווי א פשוט׳ער איד פון גאס.

איינמאל איז ער געפארן פון סאלאנט קיין ווילנע און מיטגעפירט מיט זיך א בריוו פאר ר׳ גרשון אמשטערדאם. געקומען קיין ווילנע — איז ער תיכף אוועק מקיים זיין ס׳שליחות זיינע — אפגעבן דעם בריוו. איז ער אריין צו ר׳ גרשון אמשטערדאם און זיך געשטעלט ביים טיר מיטן בריוו אין האנט. מיינט ר׳ גרשון, אז ס׳איז א בעל־עגלה, פון די פור־מאנעס, וואס פארן צווישן ווילנע און די ארומיקע שטעטלאך. נעמט ער צו דעם בריוו און הייסט אים געבן א גלעזל בראנפן פאר דער טרחה. ר׳ זונדל האט געפאלגט, געמאכט א ברכה און אויסגעטרונקען.

— איר זיינט דאך א סאלאנטער — פרעגט אים ר׳ גרשון — קענט איר דארט דעם צדיק ר׳ זונדל?

— יא — ענטפערט ר׳ זונדל מיט א האלב מויל.

— וואס מאכט ער? — פרעגט ר׳ גרשון.

— ברוך השם — ענטפערט ר׳ זונדל.

ר׳ גרשון פרעגט אים ווייטער עפעס וועגן ר׳ זונדל׳ען. איז אדער ער שטאמלט אונטער, אדער ער שווייגט אין גאנצן.

פאלט איין ר׳ גרשונ׳ען: צי איז ער ניט אמאל אליין ר׳ זונדל. פרעגט ער אים:

— ווי הייסט איר?

— זונדע — ענטפערט ר׳ זונדל.

ווי ר׳ גרשון האט׳ס דערהערט, איז ער א פארציטערטער געווארן, זיך אויפגעשטעלט און אים געגעבן שלום:

— שלום־עליכם, רבי!
און אים צוגעטיילט גרויס כבוד.

352

ר׳ הערש־לייב מיט ר׳ יאשע־בער׳ן זיינען א צייט ביידע געווען ראשי־ישיבה אין וואלאזשין. כדרך הטבע זיינען ארויסגעקומען סכסוכים און די צוויי ראשי־ישיבה האבן ניט געלעבט בשלום. אחוץ דעם זיינען זיי געווען צוויי פארשיידענע נאטורן. ר׳ הערש־לייב איז געווען דער תמים, דער פשטן; ר׳ יאשע־בער — דער פקח, דער חריף.

האבן זיי זיך ביידע אמאל געטראפן אויף א חתונה.ביים טיש איז ר׳ יאשע־בער געווארן אויפגעלייגט, האט ער געוואלט א טשעפע טאן ר׳ הערש־לייב׳ן.

— רבותי! — מאכט ער צום עולם — כ׳וועל אייך ווייזן א קונץ. צע־לייגט נים אין אלע פיר עקן טיש און אין מיטן שטעלט א טעלער. כ׳וועל זאגן א פאר ווערטער, וועלן אלע נים ליגן אין טעלער.

— איר מאכט חוזק — רופט זיך אפ ר׳ הערש־לייב — וואס זיינט איר, א חסיד׳ישער רבי, צי א פאקוסניק?

— לאמיר זיך וועטן — זאגט ר׳ יאשע־בער — אין דריי רובל. זיינט איר מסכים?

— מסכים! — ענטפערט ר׳ הערש־לייב.

האט׳ן צעלייגט נים אין אלע פיר עקן טיש, אוועקגעשטעלט אין מיטן א טעלער און דער גאנצער עולם קוקט פארגאפט אויף ר׳ יאשע־בער׳ן.

ר׳ יאשע בערווארט א ווײַלע, קוקט אויפ׳ן עולם.

— יאנקל — זאגט ער צום שמש — נעם די נים און לייג אריין אין טעלער.

האט דער שמש אזוי געטאן. דער עולם האט געלאכט.

— איר דארפט באצאלן — זאגט ר׳ יאשע־בער צו ר׳ הערש־לייב׳ן — איך האב געוואונען.

— דאס איז אבער — טענה׳ט ר׳ הערש־לייב — א גניבת־דעת, א נאר־רעריי — ניט אויף דעם האבן מיר זיך געוועט. וואו איז דא דער קונץ, אז דער שמש האט אריינגעלייגט די נים אין טעלער?

ר׳ יאשע־בער באשטייט אבער אויף זיינס, אז ער האט געוואונען.

— ווייסט איר וואס — זאגט ער — לאמיר האבן א דין־תורה פאר די רבנים, וואס זיצן דא ביים טיש.

די רבנים הערן אויס די טענות, ריידן זיך דורך צווישן זיך און פסק׳ענען:

ס׳איז טאקע א גנבת־דעת, א נארעריי. אבער דאס גופא איז א קונץ. ריכטיק. מיין בעל־דין איז גערעכט, זיין א גונב־דעת ביי ר׳ הערש־לייב׳ן דארף ר׳ הערש־לייב באצאלן.

— א טעות, רבותי! — שמייכלט ר׳ יאשע־בער — אייער פסק איז ניט איז גאר קיין קונץ ניט...



353

בעת ר׳ יאשע־בער האט חתונה געמאכט זיין זון ר׳ חיימ׳ען, איז אויף דער חתונה געווען בדחן אליקום צונזער. כדרך הטבע זיינען אויף דער חתונה געווען גדולי ישראל, רבנים, גאונים. אליקום צונזער האט געוואוסט פאר וועמען ער שטייט, איז אליין אויך ניט געווען קיין עם־הארץ, האט ער געוויזן וואס ער קען. האט געווארפן מיט גמרות, מיט רמב״מ׳ס, גע־פלאכטן גראַכ׳ען, געמאכט גימטריאות — א קונציק שטיקל בדחנות. דער גאנצער עולם איז נתפעל געווארן.

אז ער איז פארטיק געווארן, זאגט אים ר׳ יאשע־בער:

— איר ווייסט, ר׳ אליקום? מיט אייער בדחנות איז ווי מיט יענעם ישוב׳ניק.

א ישוב׳ניק איז אמאל אריין אין בית־מדרש, צוגעגאנגען צום אלמער און אנגעהויבן ארויסלייגן ספרים. געלייגט איין גמרא אויף דער אנדערער, ביז גאנץ ש״ס. דערנאך האט ער אנגעהויבן לייגן אלפס׳ן, רמב״ם׳ס, טורים — דער עולם שטייט און גאפט: מי יודע וואס פאר א גאון דאס איז — אזוי פיל ספרים צו ניצן אויף איין מאל. אז דער ישוב׳ניק האט שוין געהאט אנגעלייגט א גאנצע הורבע ספרים, ערשט מ׳זעט, ער שטעלט זיך דערויף, דערלאנגט צום אלמער און נעמט אראפ א קעז, וואס ער האט דארטן געהאט ליגן...



354

ר׳ יאשע־בער בריסקער און ר׳ יעקב־דוד סלוצקער זיינען אמאלביידע געפארן אין איין בויד. כדרך הטבע האט׳ן געשמועסט אין תורה. האבן זיך ביידע צעאמפערט. איז ר׳ יעקב־דוד ארויס פון בויד און זיך געזעצט אויף דער קעלניע, לעבן בעל־עגלה.

און אזוי זיינען זיי אריינגעפארן אין שטעטל.

דער שטעטלשער עולם חידוש׳ט זיך:

צוויי רבנים אויף איין פור, איינער זיצט אין בויד און איינער אויף דער קעלניע.

גיבן זיי שלום דעם וואס זיצט אויף דער קעלניע:

— שלום־עליכם, רבי. פונוואנען איז א רב? און ווער איז דער רב, וואס זיצט אין בויד?

— איך בין — ענטפערט ר׳ יעקב־דוד — ר׳ יאשע־בער בריסקער און איז בויך זיצט ר׳ יעקב־דוד סלוצקער, און היות ס׳איז ניט לפי כבודו פאר ר׳ יעקב דוד׳ן, אז איך זאל זיצן מיט אים, זיץ איך אויף דער קעלניע.

— גלויבט אים ניט — שטעקט ר׳ יאשע־בער ארויס דעם קאפ פון בויך און שרייט — איך בין יאשע־בער און ער איז ר׳ יעקב־דוד.

— רבי — זאגט ר׳ יעקב־דוד — ס׳וועט אייך ניט העלפן. מ׳קען אייער ענייוות...

✻

*355*

ר׳ ישראל סאלאנטער איז אמאל געקומען קיין קעלם. איז ער תיכף נעגאנגען געוואויר ווערן ר׳ לייבעלע חסיד. ר׳ לייבעלע האט ר׳ ישראל׳ן ניט געקענט. האט ער אים מקבל געווען בסבר פנים יפות, ווי זיין מדה איז געווען. ער האט זיך אבער זייער געאיילט.

— וואס איילט איר, רבי? — פרעגט אים ר׳ ישראל.

— כ׳גיי — ענטפערט אים ר׳ לייבעלע — מקבל־פנים זיין אן אורח חשוב. אין שטאט איז געקומען א גדול בישראל, א גאון הדור, א צדיק יסוד עולם.

— ווער איז ער? — פרעגט ר׳ ישראל.

— ר׳ ישראל סאלאנטער — ענטפערט ר׳ לייבעלע.

— אים — חדוש׳ט זיך ר׳ ישראל — רופט איר גאון, צדיק?

— רעדט ניט אזוי — בעט זיך ביי אים ר׳ לייבעלע — כ׳קען עס ניט הערן...

✻

*356*

ר׳ שמואל מאליווער איז, כידוע, געווען א גרויסער עסקן פאר ישוב ארץ־ישראל. ער האט זיך משתדל געווען צוציען צום רעיון די גרויסע רבנים, בפרט ר׳ יצחק אלחנן, וואס איז געווען דער גדול הדור און צו זיין ווארט האט׳ן זיך צוגעהערט בכל תפוצות ישראל. ר׳ יצחק־אלחנן האט יא געהאלטן פון חבת־ציון, נאר די מענטשן ארום אים האבן ניט דערלאזן, ער זאל ארויסזאגן זיין הסכם ברבים. נאך גרויס השתדלות מצד ר׳ שמואל׳ן, האט ר׳ יצחק אלחנן מסכים געווען רופן אן אסיפה אין קאוונע מכח ישוב ארץ־ישראל. די אסיפה האט געזאלט זיין אין יענעם און יענעם טאג.

צום טאג קומט ר׳ שמואל קיין קאוונע צו דער אסיפה. כדרך הטבע גייט ער תיכף אוועק צו ר׳ יצחק־אלחנן׳ען נעמען שלום. ר׳ יצחק־אלחנן איז אים מקבל מיט גרויס כבוד, גיט אים שלום און זעצט אים אויבנאן.

שמועסנדיק איז ער אים מודיע, אז די אסיפה מוז אפגעלייגט ווערן. ר׳ שמואל פארשטייט וועמעס האנט ס׳איז אין דעם. ער שווייגט אבער. פארן אוועקגיין פארבעט אים ר׳ יצחק־אלחנן אויף נאכטמאל. זאגט ר׳ שמואל צו צו קומען.

אין אוונט קומט ר׳ יצחק־אלחנן׳ס שמש צו ר׳ שמואל׳ן אויף דער אכסניא, אים נעמען צום רב. גייט ר׳ שמואל. אויפן גאס כאפט ער זיך, בעט דעם שמש מוחל זיין און קערט זיך אום אין דער אכסניא.

— רבי — פרעגט אים שפעטער דער שמש — פארוואס האט איר זיך אומגעקערט?

— כ׳האב זיך אומגעקערט — שמייכלט ר׳ שמואל — זאגן דעם בעל־אכסניא, ער זאל אנגרייטן פאר מיר נאכטמאל. א קשיא אויף א מעשה: אייער רב קען נאך חרטה האבן, וועל איך בלייבן אן נאכטמאל...



357

ר׳ שמואל מאליווער איז אמאל געווען אין א קור־ארט אין אויסלאנד. מיט אים אין איין אכסניא איז איינגעשטאנען א חסיד׳ישער רבי. כדרך הטבע פלעגן זיי אפט שמועסן צוזאמען.

— ביאליסטאקער רב — זאגט אמאל דער חסיד׳ישער רבי צו ר׳ שמואל׳ן — לאמיר גיין אין טעאטער. אין דר׳היים קענען מיר ניט מפני מראית־עין, אבער דא, במקום שאין מכירין, לאמיר זען אמאל טעאטער.

— ווי — פרעגט ר׳ שמואל — קענען מיר גיין אין אונזערע דוכאוונע בגדים?

— דאס — מאכט דער רבי — נעם איך אויף מיר. איך וועל באזארגן בגדים פאר מיר און פאר אייך...

— פארשטייט איר מיך — זאגט ר׳ שמואל — איר זייט א חסידישער רבי, איז וויבאלד איר טוט אויס ס׳שטריימל מיט דער זיידענער זשופעצע — ווערט איר אויס רבי. איך בין אבער א רב ביי אידן, איז וואסערע בגדים איך זאל ניט אנטאן — בלייב איך אלץ רב...



358

אייזיק־הירש ווייס, דער מחבר פון „דור דור ודורשיו“, און גרעץ, דער אידישער געשיכטע־שרייבער, האבן זיך אמאל געטראפן צוזאמען. ווייס איז, כידוע, געווען א גרויסער למדן, א בקי בש״ס ופוסקים. גרעץ, להיפך, איז געווען א קנאפער למדן.

— זאגט מיר — פרעגט ווייס ביי גרעצ׳ן — פונוואנען נעמט איר אט די אלע מראי־מקומות אין אייער געשיכטע? בינינו לבין עצמנו ווייסן מיר דאך, אז איר זיינט וויט פון לומדות.

— פונוואַנען נעמט איר? — פרעגט צוריק גרעץ — אַלאַ וואָס, איר זוכט און געפינט, זוך איך אויך און געפין.

— יאָ — שמייכלט וויים — ס׳איז אָבער אַ חילוק פון מיין זוכן צו אייער זוכן. איך זוך און אַ ב ד ה און איר זוכט אַ מ צ י א ה...



359

בעת דער אידישער מאָלער יוסף איזראַעלס האָט געהאַלטן אין מאָלן זיין באַקאַנט בילד „אַ איד פונם אַלטן דור", עפנט זיך אַמאָל די טיר און אַן אומבאַקאַנטער מענטש קומט אַריין. דער אומבאַקאַנטער גריסט זיך ניט, גייט צו אַ פּאָר טריט, קוקט זיך אַ ווײַלע אײַן אין ס׳גע־מאָלענע בילד און הויבט אָן זאָגן מיט התלהבות:

„אשרי האיש אשר לא הלך בעצת רשעים ובדרך חטאים לא עמד"...

איזראַעלס קוקט אים אָן.

אַז דער אומבאַקאַנטער איז פאַרטיק געוואָרן מיטן גאַנצן ערשטן קאַפּיטל פון תהלים, גייט ער צו צו איזראַעלס׳ן, גיט אים די האַנט און זאָגט:

— איך בין אַדאָלף זאָנענטאַל פון ווין. מיר זיינען ביידע אידישע קינסטלער. כ׳בין געקומען זיך באַקענען מיט אייך און ניט געפונען קיין פּאַסיקערן אופן ווי דורך אַ קאַפּיטל תהלים.

— מיר — ענטפערט איזראַעלס — געפעלט זייער דער אופן. איצט זייט־זשע מוחל, זעצט זיך, און איך וועל זאָגן ס׳צווייטע קאַפּיטל.

און איזראַעלס הויבט אָן זאָגן:

„למה רגשו גוים"...

— האָט קיין פאַריבל ניט — איז אים זאָנענטאַל מפסיק — דעקלאַ־מירן איז מיין אומנות. איך וועל פאָרטראָגן ס׳צווייטע קאַפּיטל און איר מאָלט׳ס אין אַ בילד.

איזראַעלס האָט געפאָלגט.

זאָנענטאַל האָט פאָרגעטראָגן ס׳צווייטע קאַפּיטל מיט זיין שטאַרקער און שיינער שטים און איזראַעלס האָט געמאָלן אַ נײַ בילד.

אינם בילד האָט דער מאָלער אויף דער עלטער געפונען זיין אידישע נשמה. ער האָט אָבער ניט זוכה געווען ס׳בילד פאַרטיק צו מאַכן.



360

איידער „אחד העם" האָט אָפּגעדרוקט זיין אַרטיקל „משה", האָט ער אים פריער געלייענט פאַר אַ לעקציע אין אָדעסער קלוב „בעסיעדאַ". אויף דער לעקציע זיינען געווען אַלע אידישע גדולים פון אָדעס, צווישן זיי אויך ש. דובנאָוו און „מענדעלע מוכר־ספרים".

נאָך דער לעקציע, בשעת דער הפסקה, גייט דובנאָוו צו צו מענדעלע׳ן און פרעגט אים:

— ווי געפעלט אייך אחד העמ׳ס „משה“?

גיט מענדעלע אויף אים אַ קרומען קוק און זאָגט:

— אין דער תורה שטייט: „ולא ידע איש את קבורתו“ — קיין מענטש ווייסט ניט וואו משה׳ס קבורה איז. אַצינד אָבער האָב איך מיך דערוואוסט. משה איז היינט ביינאַכט באַגראָבן געוואָרן אין קלוב „בעסיעדאַ“ און דער קברן איז געווען „אחד העם“...



361

מענדעלע מוכר ספרים איז געווען אַ שאַרפער מתנגד פון „אחד העמ׳ן“ און זיין שיטה. ער האָט ניט געהאַלטן פון אַ רוחניות׳דיקן מרכז אין ארץ־ישראל.

— ווען כ׳וואָלט געווען ביכולת — האָט ער אַמאָל געזאָגט — וואָלט איך גענומען „אחד העמ׳ן“ און אים אויפגעהאַנגען אויף זיין רוחניות. דערנאָך — פאַרכאַפּט ער זיך תיכף — וואָלט איך אים מספּיד געווען און שטאַרק געוויינט אויף דער גרויסער אבידה...

## מיט דער פּען אין האַנט

362

בעת ר׳ שניאור־זלמן לאַדיער, דער „רב“, האָט אָפּגעדרוקט דעם „תניא“, האָט דאָס ספר געמאַכט אַ גרויסן רושם מיט זיין טיפע חקירה אין אלקות און עבודת השם.

אַז דאָס ספר איז אָנגעקומען צו ר׳ לוי־יצחק באַרדיטשעווער, האָט ער׳ס איבערגעלייענט און געזאָגט:

— פּלאי פּלאים, ס׳אַקוניץ אַריינגענעמען אַזאַ גרויסן רבונו־של־עולם אין אַזאַ קליין ספר׳ל...



363

אַ מחבר איז אַמאָל געקומען צו משה מענדעלסאָן, בעטן אַ הסכמה אויף זיין חיבור — אַ פּירוש אויף „איכה“.

מענדעלסאָן קוקט איין אין חיבור — ניט קיין רעיון, ניט קיין לשון, ס׳קלעפּט זיך ניט אַ וואָרט צו אַ וואָרט.

— הערט — זאָגט ער צום מחבר — איר האָט געמאַכט אַ פּירוש אויף קינות, מ׳דאַרף אָבער זאָגן קינות אויף אייער פּירוש.

**364**

א מחבר איז אמאל געקומען צו ר׳ יחזקאל פייוול, ווילנער שטאט־מגיד, נעמען א הסכמה אויף זיין חיבור — א פירוש אויף רש״י.

ר׳ יחזקאל פייוול קוקט איין אין חיבור — דער מחבר ווייסט ניט קיין פשט אין רש״י. לייענט ער די הסכמות — פארלויבט׳ן דארטן שטארק דעם מחבר, מ׳שרייבט אויף אים דעם טיטל „גאון".

— יא, גערעכט — שמייכלט ר׳ יחזקאל פייוול — אלע גאונים האבן ניט געקענט רש״י׳ן *...



**365**

אויף ר׳ יאנקעלע אורנשטיין, לעמבערגער רב, האט׳ן געזאגט, אז אין זיין ספר „ישועות יעקב" זיינען דא א סך חידושים, וואס ער האט גענומען פון אנדערע.

האט׳ן עס דערציילט ר׳ יאנקעלע׳ן.

— ניש׳קשה — ענטפערט ער — אפילו אז מ׳וועט מיך כאפן מיט א גנבה, בין איך ביכולת צו באצאלן „כפל" און „ארבעה וחמשה" אויך...



**366**

צו ר׳ לייב׳ן, דעם „קצות החושן" איז אמאל געקומען א מחבר מיט א קונטרס השגות אויפן „קצות החושן". קוקט ר׳ לייב איין אין קונטרס און זאגט דעם מחבר:

— כ׳וועל אייך אפשרייבן.

איז יענער אוועק און געווארט אויף ר׳ לייב׳ס תשובה. ס׳גייט אוועק א וואך, א חודש, א האלב יאר — ניטא קיין תשובה.

מיט א יאר שפעטער טרעפט ער זיך מיט ר׳ לייב׳ן.

— רבי — פרעגט ער אים — וואו איז אייער תשובה? איר האט דאך מיר צוגעזאגט אפשרייבן.

— איר האט מיך ניט פארשטאנען — שמייכלט ר׳ לייב — כ׳האב אזוי געמיינט: אז איר וועט מאכן אזא ספר ווי מיין „קצות החושן", וועל איך אייך אפשרייבן א קונטרס מיט השגות...



**367**

ר׳ אליה קראטינגער איז געווען אחוץ א גאון און א צדיק אויך א איד אן עושר און א גרויסער בעל־צדקה. ער האט געהאט אן אפענע האנט און קיינעם ניט אפגעזאגט, בפרט א תלמיד־חכם, א בן־טובים. כמה מחברים האט ער געהאלפן דרוקן זייערע חבורים.

* די גאונים זיינען, כידוע, געווען כמה דורות פאר רש״י׳ן.

אַז אַברהם מאַפו האָט געהאַלטן ביים דרוקן זיין „עיט צבוע", האָט ער געבעטן ר׳ אליה׳ן, ער זאָל אים באַהילפיק זיין. כדרך הטבע האָט ר׳ אליה אויף אַזאַ ספר ווי דער „עיט צבוע" קיין געלט ניט געוואָלט געבן.

— כ׳וועל אייך זאָגן, ר׳ אַברהם — מאַכט ער צו מאַפו׳ן — איך בין מיד נוהג, אַז כ׳פיר אַ בוך פון אַלע צדקות וואָס איך גיב. היינט, זאָגט אַלייז, וואָסער פּנים וועט עס האָבן, אַז ס׳וועט שטיין ביי מיר אין בוך: כד וכד געגעבן דעם „עיט צבוע"...

368

ר׳ אייזל חריף איז אַמאָל אַריינגעקומען צו איינעם און געפונען זיין ספר „עמק יהושע" געבונדן צוזאַמען מיט ר׳ יצחק אלחנן׳ס „נחל יצחק". ר׳ יצחק אלחנן׳ס ספר איז געווען געבונדן פריער.

— טשיקאַווע — שמייכלט ר׳ אייזל — אויף מיר זאָגט׳ן, אַז איך בין משוגע און אַנדערע בינדט מען פריער...

369

ר׳ אייזל חריף איז געווען אַ גרויסער מבטל, האָט כמעט פון קיינעם ניט געהאַלטן. ער פלעגט זעלטן־ווען געבן אַ הסכמה אויף אַ חיבור. ס׳רוב פלעגט ער מבטל זיין דעם חיבור פאַרן מחבר אין די אויגן, אים אַריינזאָגן שאַרף און וויציק, ווי ר׳ אייזל האָט געקענט.

איינמאָל איז צו אים געקומען אַ מחבר בעטן אַ הסכמה. דעם חיבור זיינעם האָט ער גערופן „ידי משה".

ר׳ אייזל קוקט אַריין אין חיבור און זאָגט צום מחבר:

— איר ווייסט, אייער חיבור דאַרף הייסן ניט „ידי משה", נאָר „פּני משה".

— פאַרוואָס עפּעס „פּני משה"? — פרעגט דער מחבר.

— מחמת — שמייכלט ר׳ אייזל — אין משה׳ס פּנים האָט׳ן ניט גע־קענט אַריינקוקן...

370

אַ מחבר איז אַמאָל געקומען צו ר׳ אייזל חריף מיט אַ חיבור אויף „משלי".

ר׳ אייזל כאַפּט אַ קוק אין חיבור און זאָגט צום מחבר:

— איר האָט בעסער געדאַרפט מאַכן אייער חיבור אויף „איוב".

— וואָסי גראָד „איוב"? — פרעגט דער מחבר.

— פארשטייט איר מיך — זאָגט ר׳ אייזל — „איוב" האָט געהאַט אַזוי־פיל צרות, וועט ער האָבן נאָך אַ צרה; אָבער, וואָס האָט איר, נעבאַך, צו שלמה המלך?...



*371*

אַ מחבר איז אַמאָל געקומען צו ר׳ אייזל חריף נעמען אַ הסכמה אויף זיין חיבור.

ר׳ אייזל קוקט אַריין אין חיבור, גיט אים צוריק דעם מחבר און מאַכט:

— איר דאַרפט זען היטן אייער חיבור, איר זאָלט אים, חלילה, ניט אָנווערן. אָבער שטאַרק היטן.

דער מחבר קוקט אים אָן.

— וואָס מיינט איר, רבי? — פרעגט ער אים.

— גאָר פשוט — שמייכלט ר׳ אייזל — אַ קאָזאַק קען אים געפינען און זאָגן, אַז ער איז דער מחבר...



*372*

מ׳האָט אַמאָל געפרעגט ר׳ יאָשע־בער׳ן:

— ווי קומט׳ס, רבי, וואָס אַ סך חידושים פון אייער „בית הלוי" געפינט מען אין אַנדערע ספרים?

— פאַרשטייט איר מיך — ענטפערט ר׳ יאָשע־בער — אַז מ׳גייט מיטן גלייכן וועג — טרעפט מען אַז נאָך מענטשן גיין דעם אייגענעם וועג. אַז מ׳גייט מיט אַ קרומען וועג — גייט׳ן אַליין און מ׳טרעפט קיין לעבעדיקן נפש ניט אָן...



*373*

פאַר ניקאָלאַי דעם ערשטן, בעת די רוסישע מלוכה האָט אָנגעהויבן בילדן אידן און עפענען פאַר זיי שולעס, איז לעאָן מאַנדלשטאַם געווען אַ מלוכה־מענטש. זיין עובדה איז געווען, צושטעלן פאַר די אידישע שולעס לערנביכלאַך אויף טייטש, וואָס איז דעמאָלט געווען די השכלה־שפּראַך אין רוסלאַנד. און היות ער האָט געקראָגן באַצאָלט פון מלוכה, פון אידישן ליכט־שטייער, אויפן בויגן, האָט ער איבערגעזעצט און אָפּגעדרוקט כל־ערליי ספרים, אפילו שאלות־ותשובות. ביי אים האָט אויך געטראָפן, אַז ער האָט איין זאַך איבערגעדרוקט עטלאַכע מאָל אין פאַרשיידענע ספרים.

דער ווילנער צענזאָר פון יענע יאָרן, וואָלף טוגענדהאָלד, איז אויך געווען אַ מלוכה־מענטש. זיין עובדה איז געווען, השגחה־געבן אויף אי־

דישע ספרים, אַז ס'זאָל חלילה ניט געדרוקט ווערן קיין איין וואָרט קעגן מלוכה, אָדער קעגן דער קריסטלאַכער אמונה. טוגענדהאַלד איז געווען זייער אַ שטריינגער צענזאָר. ער פלעגט אויסמעקן גאַנצע שטיקער פון אידישע ספרים.

איז מאַנדלשטאַם אַמאָל געקומען קיין ווילנע צום צענזאָר וועגן זיינע ספרים. שמועסנדיק זאָגט אים טוגענדהאַלד:

— כ'האָב קיינמאָל ניט פאַרשטאַנען פאַרוואָס טייל פרשיות אין דער תורה זיינען איבערגע'חזר'ט אַ פּאָר מאָל. זעענדיק אייערע ספרים, איז מיר די זאַך רעכט געוואָרן. משה רבנו האָט, הפנים, געקראָגן באַצאָלט פון בויגן...

מאַנדלשטאַם האָט צוגענומען דעם שטאָך.

— מיר — ענטפערט ער טוגענדהאַלד'ן — זיינען ביידע מלוכה־מענטשן און קריגן באַצאָלט פון אידיש געלט. איך נעם כאָטש געלט פאַרן שרייבן, איר אָבער נעמט געלט פאַרן מעקן...



*374*

אַ יונגערמאַן, אַ משכיל, איז אַמאָל געקומען צו ר' אייזיק־מאיר דיק'ן מיט אַ חיבור, נעמען ביי אים אַ הסכמה.

— יונגערמאַן — זאָגט אים אייזיק־מאיר דיק — אויב איר ווילט זיין אַ מחבר ביי אידן, דאַרפט איר מקבל זיין אויף זיך, אַרומצוגיין מיטן חיבור איבער די הייזער און ליידן עניות און דחקות ביז פערציק יאָר.

— און נאָך פערציק יאָר? — פרעגט דער יונגערמאַן טשיקאַווע.

— נאָך פערציק יאָר — שמייכלט דיק — וועט איר שוין זיין צוגע־וואוינט...



*375*

דער העברייאישער משורר יהל"ל איז געווען אַ מענטש ביי בראָדסקי'ן.

בעת יהל"ל האָט אָפּגעדרוקט זיין שיר „עבד עבדים", וואו ער שטעלט אַרויס די רייכע פאַר בלוט־זייגערס, וואָס לעבן פון יענעמס פּראַצע, האָט'ס בראָדסקי'ן שטאַרק פאַרדראָסן.

— סטייטש — האָט אים בראָדסקי פירגעהאַלטן — איר האָט מיך דאָך פאַר דער גאַנצער וועלט מבייש געווען.

— מיין שיר — זאָגט אים יהל"ל — האָב איך געשריבן ביינאַכט.

— און אַז ביינאַכט — פרעגט בראָדסקי — איז וואָס?

— פאַרשטייט איר מיך — ענטפערט אים יהל"ל — ביי טאָג בין איך טאַקע ביי אייך פאַרקויפט; ביינאַכט, אָבער, בין איך אַ פרייער מענטש, ביי קיינעם ניט פאַרקויפט, און קען שרייבן וואָס איך וויל...

376
בעת „אחד העם" איז געקומען ס׳ערשטע מאָל קיין וואַרשע, איז ער געגאַנגען געוואויר ווערן דעם משורר א. ב. גאָטלאָבער.

גאָטלאָבער האָט דעמאָלט געהאַלטן אין דרוקן זיינע זכרונות אין „הבוקר אור". שמועסנדיק, פרעגט אים „אחד העם":

— פאַרוואָס דערציילט איר אין אייערע זכרונות בלויז מכח אַנדערע און מכח זיך אַליין גאָרניט?

— כ׳וועל דיר — זאָגט גאָטלאָבער — דערציילן אַ מעשה.

ביי אונז אין שטעטל איז אַ אידענע קראַנק געוואָרן אויף טיפוס. האָט זי כסדר גערעדט פון היץ, ווי דער שטייגער פון אַ טיפוס־חולה. זי האָט אָבער רק גערעדט מכח איר שכנ׳טע: יענע האָט אַזוי און אַזוי געטאָן, יענע האָט דאָס און דאָס געזאָגט.

אַז זי איז געזונט געוואָרן, פרעגט מ׳ זי:

— פאַרוואָס האָסטו בלויז גערעדט פון דער שכנ׳טע און ניט פון דיר?

— אַז יענע — ענטפערט זי — וועט קראַנק ווערן אויף טיפוס, וועט זי רעדן פון מיר...



377
מ׳האָט אַמאָל געטראָפן דוד פרישמאַנ׳ען אין אַ זייטיק געסל גייענדיק הין און צוריק.

— וואָס טוט איר דאָ, פּאַני פרישמאַן? — פרעגט מ׳ אים.

— כ׳שרייב — ענטפערט פרישמאַן — אַ פעליטאָן...



378
דוד פרישמאַן האָט זייער שטאַרק פיינט געהאַט דאָס אַנגעבלאָזנקייט, דעם געמאַכטן אָנשטעל.

איינמאָל איז ער געווען פאַרבעטן אין אַ הויז, וואו אַ יונגער פּאָעט האָט געזאָלט לייענען זיינע שירים.

פאַרן לייענען האָט דער פּאָעט געמאַכט גרויסע הכנות, געהייסן אויסלעשן די לאָמפּן און אָפּשטעלן דעם זייגער.

אַז ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט די הכנות און אָנגעהויבן לייענען, הויבט זיך פרישמאַן אויף, גייט צו און עפנט ס׳פענסטער.

— וואָס טוט איר, פּאַני פרישמאַן? — פרעגט מ׳ אים פון אַלע זייטן.

— כ׳וויל — שמייכלט פרישמאַן — אָפּשטעלן די לבנה...

# צווישן מענטש און מענטש

379

ר׳ אברהם־אבוש, פראנקפורטער רב, איז געווען א גאון עולם און א צדיק תמים. זיין דרך איז געווען, ארומגיין איבער דער שטאט, קלייבן פאר ארימעלייט און נויטבאדערפטיקע, געדריקטע תלמידי־חכמים, בני־טובים.

איינמאל, אלול־צייט, איז ער געקומען צו א גביר, א סוחר פון דער פרעמדר, בעטן ביי אים א נדבה פאר זיינע ארימעלייט. דער סוחר האט דעם פראנקפורטער רב ניט געקענט, מיינט ער: ס׳איז אן ארימאן, וואס גייט איבער די הייזער. און היות ער איז געווען פארטאן אין זיינע חשבונות, בייזערט ער זיך אן אויף אים:

— גייט, גייט, כ׳האב ניט קיין צייט.

ר׳ אברהם־אבוש רעדט קיין ווארט ניט און גייט אוועק.

אז ער איז ארויס כאפט זיך דער סוחר, אז דער שטעקן זיינער איז ניטא. איז ביי אים קיין ספק ניט, אז דאס איז דעם ארימאנס מלאכה, ער האט דעם שטעקן צוגענומען. לויפט ער אים נאך אויף דער גאס, דעריאגט אים און הויבט אן שרייען:

— גנב, מיין שטעקן גיב מיר אפ! און אז כ׳האב דיר ניט געוואלט געבן קיין נדבה, דארפסטו צו׳גנב׳ענען מיין שטעקן?

— חלילה — זאגט ר׳ אברהם־אבוש — איך האב אייער שטעקן ניט גענומען.

ווערט דער סוחר אין כעס און הויבט אים אן שלאגן.

ר׳ אברהם־אבוש נעמט צו די קלעפ און זאגט ניט אויס ווער ער איז.

שבת שובה האט דער רב, ווי דער שטייגער איז, געזאגט א דרשה אין שול. איז גאנץ שטאט געקומען אים הערן. איז דער פרעמדער סוחר אויך געגאנגען. אז ער איז געקומען אין שול, האט שוין דער רב געהאלטן אין מיטן דרשה. שפארט ער זיך דורך דורכן עולם, נענטער צום ארון־קודש, ער זאל בעסער הערן. ער קומט צו נענטער און זעט ווער ס׳שטייט אויף דער בימה, ווערט אים פינסטער אין די אויגן און ער חלש׳ט אוועק. אז מ׳האט אים אפגעמינטערט און אריינגעפירט אין פאליש, האט ער זיך ערשט פאנאנדערגעוויינט: סטייטש, ר׳ אברהם־אבוש׳ן, דעם מרא דאתרא, האט ער מבזה געווען און געשלאגן. דער עולם ארום האט

אים געטרייסט און געראָטן, אַז ווען דער רב וועט מסיים זיין די דרשה, זאָל ער צוגיין צו אים און בעטן מחילה. אַזאַ צדיק ווי ר׳ אברהם־אבוש וועט אים אודאי מוחל זיין.

האָט ער אַזוי געטאָן.

נאָך דער דרשה, בעת דער גאַנצער עולם האָט זיך געשפּאַנט צום רב אים זאָגן: יישר כח, האָט זיך דער סוחר אויך צוגעשפּאַרט מיט דער דעה אים בעטן מחילה. ווי ר׳ אברהם־אבוש האָט אים דערזען, האָט ער געמיינט, אַז ער קומט ווידער מכח׳ן שטעקן, גייט ער אים אנטקעגן און הויבט אים אָן מפייס זיין בפני קהל עם ועדה:

— האָט קיין פאַריבל ניט, וואָס איך בין אייך גורם צער. גלויבט מיר, אַז כ׳ווייס ניט פון וואָס צו זאָגן. כ׳זאָג אייך דאָ אין אַ מקום קדוש, אַז איך האָב אייער שטעקן ניט גענומען...

❦

380

בעת ר׳ זלמ׳על, ר׳ חיים וואָלאָזשינער׳ס ברודער, איז אַמאָל געזעסן אין בית־מדרש, אין ווילנע און געלערנט, קומט צו אים צו אַ איד מיט אַ משניות אין האַנט און זאָגט אויפן ווילנער לשון:

— רבי, כ׳האָב אַ סאַרפן פירום (פירוש) אויף אַ מסנה (משנה) אין דמאי.

ר׳ זלמ׳על הערט אוים דעם פירוש — ס׳קלעפּט זיך ניט אַ וואָרט צו אַ וואָרט.

— אַפּנים — מאַכט ער צום אידן אויף קאַטאָוועס — אַז אייער פירום איז טאַקע „פירות דמאי״ *.

איז דער איד נעבאָך אַוועק אַן אָפּגעשמיסענער.

אַז יענער איז אַוועקגעגאַנגען, כאַפּט זיך ר׳ זלמ׳על, אַז ער האָט דעם אידן מבייש געווען. לויפט ער תיכף אים מחילה בעטן. דער איד איז שוין אָבער אין בית־מדרש ניט געווען. איז ר׳ זלמ׳על זיך זייער שטאַרק מצער, דערוואַרט זיך קוים אויף מאָרגן — דעם אידן איז אין בית־מדרש ניט צו זען אַ גאַנצן טאָג. הויבט ר׳ זלמ׳על זיך אָן נאָכצופרעגן, אפשר קען אים עמיצער, ווייסט וואו ער וואוינט — קיינער קען אים ניט. איז זיך ר׳ זלמ׳על נאָך מער מצער, געפינט זיך קיין אָרט ניט. אַלע טאָג גייט ער אין אַן אַנדער גאַס, אין אַן אַנדער בית־מדרש, טאָמער וועט ער ערגעץ־וואו געפינען דעם אידן — אָבער אומזיסט. ער טרעפט דעם אידן ערגעץ ניט. פון גרויס שברות־הלב איז ר׳ זלמ׳על קראַנק געוואָרן.

דער שוואָגער זיינער, ר׳ מיכל פּעסעלעס, ניט קענענדיק צוזען דעם

* פּירות, וואָס אַן עם־הארץ פאַרקויפט.

צער פון זיין איידים, איז געפאַלן אויף אַ המצאה. ער האָט אַנגעשטעלט איינעם פון זיינע מקורבים, אַ איד אַ פּקח, ער זאָל גיין צו ר׳ זלמ׳על׳ן און זיך אויסגעבן פאַר יענעמס אידן.

איז דער מקורב אַריין אין בית־מדרש, צוגעגאַנגען צו ר׳ זלמ׳על׳ן, אים געגעבן שלום און געפרעגט:

— וואָס מאַכט איר, רבי?

— ווער זיינט איר? — פרעגט אים ר׳ זלמ׳על׳ע.

— איר דערקענט מיך ניט? — חידוש׳ט זיך כלומר׳שט יענער — געדיינקט איר, רבי, כ׳האָב אייך אַנומעלט געזאָגט אַ פּירוש אויף אַ משנה אין דמאי און איר האָט מיר געענטפערט מיט אַ ווערטל, אַז מיין פּירוש איז פּירות דמאי.

ר׳ זלמ׳על׳ע האָט זיך לכתחילה דערפרייט, געוואָלט תיכף אים מחילה בעטן. ער האָט אָבער דערשפּירט, אַז עפּעס איז דאָ ניט גלאַט.

— כ׳בעט אייך — זאָגט ער צו יענעם — איר זאָלט מיר זאָגן דעם ריינעם אמת, צי איר זיינט עם טאַקע דער, וועמען איך האָב מבייש געווען, צי איר ווילט בלויז באַרואיקן מיין געמיט. מחמת, אַז כ׳וויל זיך דערוויסן שפּעטער דעם אמת, וועל איך האָבן נאָך מער צער.

אַט די פּשוט׳ע האַרציקע ווערטער האָט יענעם אַזוי גערירט, אַז ער האָט אויסגעזאָגט ר׳ זלמ׳על׳ן, אַז דער שווער זיינער האָט אים אונטערגעשיקט.

ר׳ זלמ׳על׳ע האָט אַלץ ניט אויפגעהערט זיך מצער צו זיין, ביז דער גאון האָט זיך דערוואוסט פון דער מעשה. האָט דער גאון אים געשיקט רופן, גערעדט מיט אים איינעם פון זיינע טיפע שמועסן און באַרואיקט זיין געמיט.



381

ר׳ איצעלע וואָלאָזשינער איז געווען זייער נזהר אין שמירת הלשון, זיך אָפּגעהיט אפילו פון אַבק לשון הרע, ניט זאָגן, חלילה, אַ קרום וואָרט אויף קיינעם.

איינמאָל איז אים אויסגעקומען צו זאָגן אויף איינעם, אַז יענער איז אַ שקרן און מ׳קען זיך אויף אים ניט פאַרלאָזן. האָט ער אָבער ניט געוואָלט ברייננגען פאַרן מויל ס׳וואָרט שקרן. האָט ער אַזוי געזאָגט:

— יענער איז אַ געוואַלדיקער בעל־זכרון. איינער געדיינקט אַמאָל וואָס איז געשען פאַר צען יאָרן. אַן אַנדערער — וואָס איז געשען פאַר צוואַנציק יאָרן. גרויסע בעלי־זכרונות געדיינקען פון פאַר פופציק יאָרן. יענער געדיינקט אָבער זאַכן, וואָס זיינען קיינמאָל ניט געשען...

382

ר׳ מאירל טיקטינער איז געווען מפורסם פאר א גאון עולם און א צדיק תמים.

כל ימיו האט ער זיך נוהג געווען ניט אנצובייסן ביז ער האט געטאן א אידן א גמילות־חסד, א טובה.

איינמאל איז אוועק א גאנצער טאג און ס׳האט זיך אים ניט גע־מאכט עמיצן א טובה צו טאן. האט ר׳ מאיר׳ל א גאנצן טאג געפאסט און ניט אנגעביסן.

ס׳איז שוין געווארן נאכט און ס׳מאכט זיך אלץ ניט וועמען א טובה צו טאן. האט ר׳ מאיר׳ל זיך זייער שטארק מצער געווען, געזעסן און געווארט און ניט טועם טעם געווען.

ארום האלבע נאכט איז ער ארויס אין מארק, טאמער וועט ער פארט עמיצן טרעפן וועמען א טובה צו טאן. זעט ער א גוי שטייט מיט א פור ברעטער. איז ער תיכף אוועקגעלאפן צום סטאליער פונם שטעטל און אים אנגעזאגט, אז אין מארק שטייט א פור ברעטער צום קויפן. דער סטאליער איז מיט אים אוועק און אנגעהויבן האנדלען ביים גוי די ברעטער. זעט ער, אז ס׳איז מציאה גדולה.

— רבי — זאגט ער צו ר׳ מאיר׳ן — איר האט מיר געבראכט א מציאה אין דער האנט אריין. כ׳קען זי אבער ניט קויפן, מחמת כ׳האב ביי מיר קיין גראשן געלט ניט.

— וועל איך דיר לייען — זאגט ר׳ מאיר׳ל און איז מלא שמחה.

תיכף איז ר׳ מאיר׳ל אוועקגעלאפן אהיים, געבראכט געלט און דער סטאליער האט געקויפט די ברעטער.

ערשט דעמאלט איז ר׳ מאיר׳ל אהיים געגאנגען אנבייסן...



383

ר׳ לוי־יצחק בארדיטשעווער האט, כידוע, געהאט גרויסע מתנגדים און בעלי־מחלוקת אין די קהלות, וואו ער איז געווען רב פאר בארדיטשעוו.

איינמאל איז ער געגאנגען אין גאס, האט א אידענע, ס׳ווייב פון זיינעם א מתנגד, אויסגעגאסן אויף אים א שאף, אים מבזה געווען און געזידלט מיט כל׳ערליי זלזולים.

איז ר׳ לוי־יצחק אריין אין בית־מדרש, צוגעגאנגען צום ארון־קודש און געזאגט:

— רבונו־של־עולם, כ׳בעט דיך, זאלסט דער אשה ניט מעניש זיין. זי איז אן אשה כשרה — זי האט געטאן דעם רצון פון איר מאן...

384

ר׳ משה־לייב סאסעווער האט זיך נוהג געווען: אלע אינדערפרי נאכן דאוונען פלעגט ער גיין צו אלע אלמנות אין שטעטל, זיי זאגן:

— גוטמארגן!

❦

385

ר׳ משה־לייב סאסעווער האט זיך אפגעגעבן מיט אידישע יתומים, מיט פארווארלאזטע קינדער. פלעגט זיי אליין וואשן און צוואגן און היילן די קעפלאך.

ער פלעגט זאגן:

ווער ס׳איז ניט ביכולת אויסצוזויגן מיטן מויל די מכות ביי אידישע קינדער, האט נאך ניט קיין העלפט פון אהבת־ישראל...

❦

386

ר׳ משה־לייב סאסעווער האט אמאל געזאגט:

— כ׳האב מיך געלערנט אהבת־ישראל — ווי ליב צו האבן א אידן — פון צוויי פויערים.

איינמאל האב איך געזען צוויי פויערים זיצן אין שיינק און טרינקען.

פרעגט איין פויער דעם אנדערן:

— האסט מיך ליב?

— יא — ענטפערט יענער.

— עד — זאגט דער ערשטער פויער — דו האסט מיך ליב און ווייסט ניט וואס מיר פעלט.

האב איך געלערנט, אז מ׳האט ליב א אידן דארפ׳ן וויסן וואס אים פעלט...

❦

387

ר׳ יצחק־יעקב, דער לובלינער „חוזה“, האט געהאט א ווערטל:

— כ׳האב זייער פיינט א נאר. אפילו אז כ׳וועל שוין זיין אויפן עולם העליון און וועל זען ווי מ׳פירט א נאר און ס׳גייען אים נאך דרייצן שעמבראווער בריקעס מיט עולם־הבא, וועל איך נאכלויפן אין אלע גאסן און שרייען:

— נאר בלייבט נאר, כ׳בין דיך ניט מקנא! נאר בלייבט נאר, כ׳בין דיך ניט מקנא!

388

ר׳ נפתלי ראָפּשיצער האָט געהאַט אַ ווערטל:

— פאַרן גיהנם האָב איך קיין מורא ניט. כ׳האָב נאָר מורא, מ׳זאָל מיך אין גן־עדן ניט זעצן לעבן אַ נאַר...



389

ר׳ עקיבא אייגער איז אַמאָל געפאָרן אויף אַ ברית. ס׳איז געווען אַ ווינטערדיקע נאַכט. דער וועג איז געווען זייער אַ שלעכטער, טייכן און בלאָטע. דער בעל־עגלה האָט געמוזט אַראָפּ פון וואָגן, גיין ביז די קני אין וואַסער און אונטערהאַלטן דעם וואָגן, ער זאָל זיך ניט איבערקערן. אַז זיי זיינען אַרויס אויף אַ טרוקענעם וועג, האָט דער בעל־עגלה זיך צוריקגעזעצט אויפן וואָגן און אויסגעטאָן די שיך, מחמת זיי זיינען געווען פול וואַסער.

דערלאַנגט אים ר׳ עקיבא אייגער אַ פּאָר טרוקענע זאָקן און זאָגט אים:

— בייט איבער אייערע זאָקן. זיי זיינען דאָך נאַס, קענט איר נאָך, חס ושלום, זיך צוקילן.

האָט דער בעל־עגלה אַזוי געטאָן.

— רבי — זאָגט ער — איר האָט מיך מחיה געווען.

דער בעל־עגלה חידוש׳ט זיך אָבער: פונוואַנען האָט דער רב גע־נומען די זאָקן, אַז ס׳קופערט איז פאַרשלאָסן און ס׳שליסל איז ביי אים.

אינדערפרי, בעת ר׳ עקיבא אייגער איז אַראָפּ פון וואָגן, זעט דער בעל־עגלה, אַז דער רב גייט אין שיך אָן זאָקן. פאַרשטייט ער, אַז דאָס האָט דער רב אַראָפּגענומען זיינע זאָקן פון די פיס און אים געגעבן אָנצוטאָן.

— סטייטש, רבי — הויבט ער אָן — ווען איך זאָל געווען וויסן...

— וואָס הייסט — לאָזט אים ר׳ עקיבא אייגער ניט ריידן — איך זאָל זיצן טרוקן און אָנגעטאָן און איר זאָלט זיצן מיט נאַסע פיס אַ באָר־וועסער? דאָס איז ניט קיין יושר.



390

ר׳ ברוך לייפּניקער, דער „ברוך טעם", איז געווען אַ גאון עולם, אַ צדיק תמים. ער האָט ליב געהאַט אַ אידן אהבת־נפש און פאַרנומען איטלאַכנס צער ווי זיין אייגענעם.

איינמאָל איז אין לייפּניק קראַנק געוואָרן דער בעדער, וואָס האָט געהאַלטן דעם קהל׳שן מרחץ. קומענדיק פון בית־מדרש אהיים, האָט ר׳ ברוך געטראָפן אין קיך זיין טאָכטער מיט דער דינסט לאַכן צווישן זיך.

— ווי קענט איר לאַכן — האָט ער זיי אויסגערעדט — אַז דער בעל־דער ליגט קראַנק.



391

ר׳ לייזער־ליפּע, ר׳ אלימלך׳ס און ר׳ זושע׳ס פֿאָטער, האָט געוואוינט אויפֿן ישוב. ער איז געווען אַ איד אַן עושר און אַ גרויסער בעל־מדות. זיין מנהג איז געווען, אַז בעת ער איז געפֿאָרן אין שטאָט, איז וועמען ער האָט אָנגעטראָפֿן צופֿוס, פֿלעגט ער אַרויפֿנעמען צו זיך אויפֿן וואָגן.

איינמאָל, פֿאַרנדיק, טרעפֿט ער אַז אַן אָרימאַן גייט צופֿוס מיטן פּעקל אויף דער פּלייצע.

— ר׳ איד — זאָגט אים ר׳ לייזער־ליפּע — זעצט אייך אויף, וועל איך אייך ברענגען אין שטאָט אַריין.

— אַ שיינעם יישר־כח — זאָגט דער אָרימאַן — כ׳וועל ליבערשט גיין צופֿוס, זיך אָפּשטעלן אין איטלאָכס דאָרף, גיין איבער די הייזער און מאַכן אַ פּאָר גראָשן.

— וויפֿל, אַ שטייגער — זאָגט ר׳ לייזער־ליפּע — קענט איר מאַכן אין די דערפֿער? וועל איך אייך געבן אַזוֹיפֿיל און זעצט אייך אויף.

דער אָרימאַן וויל אָבער אַלץ ניט. ער האָט, זאָגט ער, אַ נחת צו גיין איבער די דערפֿער, קומען אין הייזער, ריידן מיט מענטשן.

— ווייסט איר וואָס — בעט אים ר׳ לייזער־ליפּע — לייגט אַרויף אייער פּעקל אויפֿן וואָגן, כ׳וועל׳ס ברענגען אין שטאָט און לאָזן ביי עמיצן ביז איר וועט קומען.

פֿאַר אַ שיינע נדבה איז דער אָרימאַן קוים מרוצה געוואָרן, אַז ר׳ לייזער־ליפּע זאָל אים אָוועקפֿירן ס׳פּעקל אין שטאָט אַריין...



392

ר׳ יעקב ברלין, ר׳ הערש־לייב׳ס פֿאָטער, איז געווען אַ גרויסער סוחר. ער פֿלעגט פֿאָרן קיין לייפּסק, קיין גינשפּרוק און טאָן גרויסע מסחרים. אין מיר, וואו ער האָט געוואוינט, האָט ער געפֿירט אַ שיין הויז, ווי אַן עושר אין יענע יאָרן, און געהאַלטן אַ דינסט.

איינמאָל, קומענדיק פֿון אַ ווייטע נסיעה, האָט ער געבראַכט טייערן גלאָזוואַרג פֿאַרן הויז, אַזעלכס, וואָס מ׳זעט ניט אין אונזערע מקומות. ס׳ווייב האָט זיך זייער געפֿרייט מיט דער מתנה און זי האָט׳ס אָפּגעהיט ווי אַן אבן־טוב.

מאַכט זיך, אַז די דינסט גייט צו צום גלאָזוואַרג און צעברעכט, ניט ווילנדיק, אַ פּאָר כּלים. האָט זיך די בעל־הבית׳טע אויף איר צעשריען מיט קולות, ווי דער שטייגער פֿון אַ גביר׳טע.

— דו טאָרסט אויף איר ניט שרייען — זאָגט ר׳ יעקב צום ווייב — זי איז אַזאַ חשובה ווי דו.

— סטייטש — קאָכט זיך ס׳ווייב — געמאַכט אַזאַ היזק.

— פאַר׳ן היזק מעגסטו מאָנען — זאָגט ר׳ יעקב — אָבער שרייען טאָרסטו ניט.

— גיי איך שוין מיט איר צום רב — און ס׳ווייב טוט שוין אָן די פאַטשיילע און הייסט דער דינסט גיין מיט איר.

ר׳ יעקב הויבט זיך אויף, טוט אָן די קאַפּאָטע און גייט מיט.

— קענסט זיצן אין הויז — זאָגט אים ס׳ווייב — כ׳דאַרף דיך ניט ביים רב, כ׳קען אַליין טענה׳ן.

— כ׳גיי ניט טענה׳ן פאַר דיר — ענטפערט ר׳ יעקב — כ׳גיי טענה׳ן פאַרן מיידל. זי וועט, נעבאַך, ניט וויסן אַליין וואָס צו טענה׳ן.



393

ר׳ חיים צאַנזער האָט אויף זיינע הוצאות אויסגעהאַלטן אַ ישיבה אין צאַנז. דעם ראש־ישיבה, ר׳ משה־שמואל׳ן, האָט ער פון זיין קעשענע געצאָלט זעקס־און־צוואַנציק רייניש אַ וואָך.

איינמאָל האָט אַ גוי׳ע געבראַכט צו דער רבי׳צן אַן אינדיק צום פאַרקויפן. די רביצן האָט זיך מיט איר געדונגען, ניט מושווה געוואָרן און דעם אינדיק ניט געקויפט. ס׳איז געווען צו־טייער פאַר איר. ווי די גוי׳ע איז אַרויס פונם רב׳ס שטוב האָט איר דעם ראש־ישיבה׳ס ווייב איבערגענומען און געקויפט דעם אינדיק.

די רבי׳צן האָט׳ס געזען, איז זי געוואָרן אַן אָנגעצונדענע און אַריינגעלאָפן מיט קולות צו ר׳ חיימ׳ען:

— גיי זע דיינע מקבלים, פאַשן זיך מיט אינדיקעס און שטאָפּן אַן גוים מיט געלט. פאַר מיר איז דער אינדיק געווען צו טייער און פאַר ר׳ משה־שמואל׳ס ווייב ניט.

שיקט ר׳ חיים אַריינרופן דעם ראש־ישיבה׳ס ווייב.

— פאַרוואָס — פרעגט ער זי — האָט איר אויסגעדונגען מיין רבי׳צן דעם אינדיק?

— רבי הייליקער — פאַרענטפערט זיך דעם ראש־ישיבה׳ס ווייב און ציטערט פון אימה — מיין מאַן, זאָל לעבן, איז אַ שוואַכער מענטש, האָרעוועט שווער אין דער ישיבה, מוז ער האָבן אַ שטיקל עוף.

— אויב אַזוי — זאָגט ר׳ חיים — דאַרפ׳ן דאַך אים מוסיף זיין אויף די שכירות.

און די אייגענע וואָך האָט דער ראש־ישיבה געקראָגן פון אים אַ הוספה.

394

ר׳ מענדעלע קאצקער האט אמאל געזאגט צום עולם חסידים:

— וואס וויל איך פון אייך? פון זיך ניט ארויסצוקוקן און אין יענעם ניט אריינצוקוקן...



395

ר׳ נחומ׳קע הוראדנער האט, כידוע, כל ימיו עוסק געווען אין צדקה און אין גמילות־חסדים.

איינמאל, אין א ווינטערדיקער נאכט, דער פראסט האט געברענט, האט איינער פון די הוראדנער פרנסים, פארנדיק פון א שטאטישער אסיפה, געזען, ווי ר׳ נחומ׳קע גייט געבויגן אין דרייען פון קעלט און בראדזשעט אין שניי. האט ער תיכף געהייסן דעם פורמאן זיך אפשטעלן און אריינעמען ר׳ נחומ׳ען צו זיך אין שליטן. האט ער אכטונג געגעבן, אז ר׳ נחום האלט עפעס אין בוזים.

— רבי — פרעגט ער אים — וואס טראגט איר׳ס אין מיטן נאכט אין אזא פראסט?

— א הינטעלע — ענטפערט ר׳ נחום.

— א הינטעלע? — חידוש׳ט זיך דער פרנס — ווי קומט׳ס צו אייך, רבי?

— די מעשה איז אזוי — זאגט ר׳ נחום — א שכנה מיינע, א גוי׳ע, איז געלעגן געווארן. ס׳קינד איז אבער א שוואכס, קען ניט זויגן, ליידט, נעבאך, די קינפעטארן יסורים, שרייט א גאנצע נאכט. האט מיר זוגתי געזאגט, אז א הינטעלע, וואס זאל אפציען די מילך, וואלט געהאלפן. בין איך אוועק צו מיינעם א באקאנטן גוי און געקראגן א הינטעלע, טראג איך עס איצט צו דער קינפעטארן...



396

א איד אן ארימאן איז געקומען צו ר׳ נחומ׳קען און זיך געקלאגט פאר אים, אז ער האט ניט וואו איבערצונעכטיקן. געווען איז׳ס ווינטער אין א גרויסן פראסט. האט ר׳ נחומ׳קע אים אריינגענומען צו זיך, אים געגעבן עסן און טרינקן און נאכטלעגער, הגם ער האט אליין געוואוינט אין א שטיבל ד׳ על ד׳.

אינדערפרי, ר׳ נחומ׳קע שטייט אויף — דער אורח איז ניטא. מסתמא, קלערט ער, האט דער איד געדארפט פרי אוועקגיין. וויל ר׳ נחומ׳קע אנטאן דעם נייעם פעלץ, וואס חברה ש״ס האט אים געמאכט און גיין אין בית־מדרש — ער כאפט זיך, דער פעלץ איז ניטא. רעדט ר׳ נחומ׳קע קיין ווארט ניט או גייט אוועק אין בית־מדרש אן אן אויבער־בגד.

אז ר׳ נחומ׳קע איז אריין אין בית־מדרש אָן נייעם פעלץ, איז געוואָרן א גערייד. רופט זיך אָפּ איינער, א בית־מדרש־בחור:

— כ׳האָב נאָר וואָס געזען איינעם אין גאַס גייענדיק אָנגעטאָן ר׳ נחומ־קעס פעלץ, כ׳האָב אים דערקענט.

וויל מען דאָך לויפן כאַפּן דעם גנב.

— איז דער פעלץ — פרעגט ר׳ נחומ׳קע דעם בית־מדרש־בחור — גוט אויף אים?

— יאָ — ענטפערט דער בחור — אַקוראַט זיין מאָס.

— זאָל ער טראָגן געזונטערהייט — זאָגט ר׳ נחומ׳קע — נעבאָך אַן ארימאַן, לא עלינו, און ס׳איז ווינטער...

397

צו ר׳ נתן אדלער, לאָנדאָנער רב־הכולל, איז אַמאָל געקומען א איד, אפּגעזעסן א היפּשע ווײַלע און געהאַלטן אין איין ריידן. האָט ר׳ נתן געוואָלט עפּעס זאָגן, איז ער אים תיכף אריינגעפאַלן אין די רייד און ווייטער גערעדט און גערעדט.

צום סוף זאָגט דער איד:

— רבי, כ׳וועל אייך דערציילן וואָס כ׳האָב געהערט פון יענעם און יענעם רב.

— ס׳איז לשון־הרע! — זאָגט ר׳ נתן.

— סטייטש, רבי — חידוש׳ט זיך יענער — איר האָט דאָך נאָך ניט געהערט וואָס כ׳וויל אייך דערציילן, פונוואַנען ווייסט איר, אַז ס׳איז א ליגן?

— כ׳וועל אייך זאָגן פונוואַנען — מאַכט ר׳ נתן — ווי קענט איר פון עמיצן הערן, אַז איר לאָזט קיינעם ניט אויסריידן א וואָרט...

398

ר׳ זונדל סאַלאַנטער איז אַמאָל געפאָרן פון מיר, וואו ער האָט גע־לערנט בפרישות, אהיים, קיין סאַלאַנט. מיט אים צוזאַמען אויף איין פור זיינען געפאָרן אידן סוחרים פון מעמל. און היות ווי ר׳ זונדל איז געגאַנגען אָנגעטאָן ווי א פּשוט׳ער, אָרימער איד, האָבן זיי אים אָנגענומען פאַר א קבצן, וואָס גייט איבער דער וועלט און דעם גאַנצן וועג פון אים גע׳חוזק׳ט, געמאַכט ליצנות, ווי די טבע פון סוחר׳ישע מענטשן, לעב־יונגען. ר׳ זונדל האָט געשוויגן.

ביינאַכט האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט אין א קרעטשמע נעכטיקן. ר׳ זונדל האָט עפּעס טועם געווען, גענומען זיין קלומיק צוקאָפּנס און זיך געלייגט שלאָפן אויף א באַנק. די סוחרים האָבן זיך געהייסן מאַכן א

גוטע וועטשערע, געגעסן און געטרונקען און זיך געלאָזט וואוילגיין. כטוב לבם — האָבן זיי אָנגעהויבן זוכן דעם אָרימאַן, וואָס פּאַרט מיט זיי, מאַכן אַביסל ליצנות פון אים. זעען זיי, ער ליגט אויף אַ באַנק און שלאָפט און די באָרד זיינע איז צושפּרייט.

— חברה — רופט זיך אָפּ איינער — לאָמיר אים אָפּטאָן אַ שפּיצל און אָפּסמאַליען די באָרד.

און אומר ועושה — געזאָגט און געטאָן.

תיכף נעמט איינער אַ ליכט, טראָגט צו צו ר׳ זונדל׳ס באָרד. ס׳פייער האָט אָנגעהויבן ברענען די האָר ביזן לייב.

דערשפּירט ר׳ זונדל אין שלאָף און כאַפּט זיך אויף. עפנט ער ניט די אויגן, מאַכט זיך ווייטער שלאָפנדיק און רעדט ווי פון שלאָף:

— נאָר... נאָר אַביסעלע...

מיט אַ צייט שפּעטער איז ר׳ זונדל געקומען קיין מעמל. איז גאַנץ שטאָט געקומען צו אים מקבל־פּנים־זיין און אים צוגעטיילט גרויס כבוד, ווערליק ר׳ זונדל. זיינען די סוחרים אויך געקומען. ווי זיי האָבן אים דערזען, איז זיי געוואָרן פינסטער אין די אויגן. ר׳ זונדלען דעם צדיק האָבן זיי מבייש און מצער געווען.

— רבי — זיינען זיי צוגעפאַלן צו אים מיט תחנונים — זייט אונז מוחל, מיר האָבן ניט געוואוסט...

— כ׳האָב, חלילה — זאָגט ר׳ זונדל — אויף אייך קיין תרעומות ניט. איר האָט אייך אַביסל משמח געווען. זייט אָבער מקבל אויף זיך, אַז מהיום ולהבא זאָלט איר פון קיין מענטשן ניט חוזק מאַכן...



399

בעת ר׳ זונדל סאַלאַנטער האָט געוואוינט אין ירושלים איז זיין דירה געווען אין דער חורבה.

איינמאָל איז אַ אידענע געקומען נאָך וואַסער. גראָד איז דער ספרדי, וואָס פלעגט שעפּן וואַסער, ניט געווען. די אידענע קוקט זיך אַרום און זעט ר׳ זונדל׳ען. מיינט זי, אַז ס׳איז אַ פּראָסטער איד, אַן אָרימער, וואָס וועט וועלן פאַרדינען אַ צענערל.

— ר׳ איד — פרעגט זי אים — וועט איר מיר אָנשעפּן אַ פּאָר בלעכן וואַסער?

— יאָ — איז ר׳ זונדל מסכים.

אַז ער האָט אָנגעשעפּט ס׳וואַסער וויל אים די אידענע געבן אַ צענערל.

— גייט געזונטערהייט — זאָגט ר׳ זונדל — איר וועט ס׳אַנדערע מאָל באַצאָלן.

אז די אידענע איז געקומען א צווייטן מאָל באַצאָלן ס׳צענערל און אָנ־געהויבן זיך נאָכפרעגן אויפן אַלטן אידן, איז זי געוואויר געוואָרן, אַז דער איד, וואָס האָט איר אָנגעשעפּט ס׳וואַסער, איז גאָר ר׳ זונדל, דער מורה הוראה.

איז זי געוואָרן אַ פּאַרציטערטע, איז אַריין צו אים און צוגעפאַלן מיט תחנונים:

— רבי, זייט מיר מוחל...

— כ׳האָב אייך ניט וואָס מוחל צו זיין — זאָגט ר׳ זונדל בתמימות — אדרבה, אייך קומט אַ יישר־כח פון מיר: איר האָט מיך מזכה געווען מיט אַ גרויסע מצוה...



400

ר׳ זונדל סאַלאַנטער איז אַמאָל געגאַנגען אין ירושלים אין גאַס. טרעפט אים אַז אַ אָרימער איד, וואָס האָט גענומען חלוקה פון כולל, און באַפאַלט אים מיט זלזולים — זידלט אים כאחד הריקים. ווערט אַ געזעמל: ר׳ זונדל קריגט זיך מיט אַ מענטשן. ווייזט זיך אַרויס, אַז דער איד האָט אַ טעות געהאַט, געמיינט אויף ר׳ זונדל׳ען, אַז ער איז דער ממונה פון כולל. ווייל דער עולם דעם אידן קורע כדג זיין — מבייש געווען דעם צדיק, ר׳ זונדל׳ען. לאָזט ר׳ זונדל ניט. חלילה, אָנרירן אַ אידן.

ביינאַכט איז ר׳ זונדל אַוועק צום אידן אַהיים און אים געבעטן מחילה, וואָס ער האָט אים גורם געווען אַן אומזיסטן צער.



401

ר׳ זונדל סאַלאַנטער האָט געדאַוונט אין אַלטן בית־מדרש, אין דער חורבה. ער האָט דאָרט געהאַט זיין שטאָט מיט זיין אייגענעם שטענדער. איז ר׳ זונדל׳ס שטענדער געפעלן געוואָרן אַ אידן פון בית־מדרש און ער האָט האַלט געהאַט צו לערנען דווקא אויף דעם שטענדער. פלעגט ער אים אַלע טאָג נעמען צו זיך אויף זיין שטאָט און ר׳ זונדל האָט געהאַט גרויס טרחה אים איבערטראָגן צו זיך, מחמת דער שטענדער איז געווען אַ שטיק משא, אָנגעלייגט אינווייניק מיט ספרים.

איז ר׳ זונדל אַמאָל צוגעגאַנגען צום אידן און אים געבעטן, אַז ווען ער האַלט זיין שטענדער, זאָל ער אַזוי גוט זיין און אים אַוועקשטעלן צוריק אויפן אָרט. איז דער איד אין כעס געוואָרן אויף ר׳ זונדל׳ען, למאי ער קומט אים אויסריידן. האָט אים ר׳ זונדל תיכף מחילה געבעטן. יענער איז אָבער געווען אַ גאַ און אַ קפדן, האָט ער בשום אופן ניט געוואָלט מוחל זיין.

איז ר׳ זונדל אַרויף אויף דער בימה און אויסגערופן פאַרן גאַנצן עולם:

— מורי ורבותי, כ'האָב געטאָן אַן עולה קעגן יענעם און יענעם, כ'האָב אים מצער געווען, בעט איך אים מחילה...

און האָט זיך פאַנאַנדערגעוויינט.

ערשט דעמאָלט האָט אים יענער מוחל געווען.

❧

402

ר' ישראל סאַלאַנטער, בעת ער איז געווען אַן אַלמן, האָט ער זיך אַ צייט אויפגעהאַלטן ביי יעקב־משה כרפס, אַ קאָוונער גביר, פון ר' ישראל'ס מקורבים.

איינמאָל האָבן די בני־בית צוגעזען, ווי ר' ישראל וואַשט זיך צום עסן מיט אַ קליין ביסל וואַסער, הגם אין קיך איז געשטאַנען אַ פולע כלי מיט וואַסער. איז זיי געווען אַ גרויסער חידוש. אַזאַ צדיק ווי ר' ישראל זאָל זיך ניט וואַשן מיט אַ פולע קוואָרט וואַסער? האָבן זיי דערציילט כרפס'ן. האָט ער אַכטונג געגעבן און געזען, אַז ס'איז טאַקע אמת: ר' ישראל שעפּט אָן מיט דער גרויסער קוואָרט אַ קליין ביסל וואַסער אויפן דעק און וואַשט זיך מיט דעם צום עסן. איז ער אויך פאַר־חידוש'ט געוואָרן.

זיצנדיק מיט ר' ישראל'ן ביים טיש מאַכט זיך כרפס אַ האָרעץ און פרעגט ר' ישראל'ן:

— האָט קיין פאַריבל ניט, רבי, וואָס כ'וועל אייך פרעגן. תורה היא וללמוד אני צריך. ווי קומט עס, וואָס איר וואַשט זיך צו נטילת ידים מיט אַ קליין ביסל וואַסער? דאַכט זיך אין שלחן־ערוך שטייט, אַז כאָטש מ'איז יוצא מיט אַ רביעית וואַסער, זאָל'ן פונדעסטוועגן מהדר זיין און אויפגיסן פולע הענט.

— כ'וועל אייך זאָגן — ענטפערט אים ר' ישראל — כ'האָב געזען אַז אייער דינסט טראָגט ס'וואַסער פון גאַנץ ווייט און אייער שטוב שטייט נאָך באַרג־אַרויף, בויגט זי זיך, נעבאַך, אין דרייען, שלעפּנדיק די עמערס וואַסער אויף אירע פּלייצעס. און אויף יענעמס פּלייצעס דאַרף מען קיין מהדר ניט זיין...

❧

403

אַ איד איז אַמאָל געקומען צו ר' ישראל סאַלאַנטער און זיך געקלאָגט פאַר אים:

— רבי, וואָס טוט'ן? כ'זיץ, לא עליכם, אָן פרנסה, האָב זיך ניט צו וואָס צו נעמען. כ'וואָלט אפשר געוואָרן אַ מגיד און אַרויסגעפאָרן איבער דער מדינה — האָב איך אָבער קיין דרשה ניט.

— דאָס איז אַ קלייניקייט — זאָגט אים ר' ישראל — קומט אַריין מאָרגן.

אויף מאָרגן איז דער איד געקומען. האָט ר׳ ישראל אים געגעבן צוויי אנגעשריבענע דרשות, זיך אוועקגעזעצט און זיי איינגע׳חזר׳ט מיט אים, ביז יענער האָט זיי געקענט אויף אויסנווייניק.

דער איד איז געוואָרן אַ מגיד און געהאַט חיונה.

✤

404

ר׳ ישראל סאַלאַנטער איז אַמאָל געפאָרן מיטן באַן פון קאָוונע קיין ווילנע. ווי זיין דרך איז געווען איז ער געפאָרן אַליין, אַן באַלייטער, אנגעטאָן מעשה סוחר. ניט ווייט פון אים אין וואַגאָן איז געזעסן אַ יונגערמאַן, קענטיק אַ קעסט־אײדים. היות ווי אין דעם וואַגאָן האָט׳ן געמעגט רויכערן, האָט ר׳ ישראל געגרויכערט אַ ציגאַר.

ס׳אַראַ׳ן אַנשיקעניש! — גיט זיך דער יונגערמאַן אַ בייזער — פאַר־אויר׳ט די וועלט מיט זיין ציגאַר.

— האָט קיין פאַריבל ניט — זאָגט צו אים ר׳ ישראל בנעימות — כ׳האָב ניט געוואוסט, אַז איר פאַרטראָגט ניט קיין רויך, כ׳לעש תיכף אויס מיין ציגאַר.

און ר׳ ישראל לעשט אויס דעם ציגאַר זיינעם.

דער עולם אַרום קוקט זיך איבער. אַנדערע ריידן איבער צווישן זיך:

— ס׳אַראַ העזה! אַז מ׳פאַרטראָגט ניט קיין רויך פאָרט׳ן אין אַ וואַגאָן וואו מ׳טאָר ניט רויכערן.

אין אַ מינוט אַרום — דער יונגערמאַן בייזערט זיך ווידער:

— ס׳אי גאַרניט אויסצוהאַלטן פון דעם אידל דאָרטן. ער קוילעט מיך אוועק מיטן אָפענעם פענסטער.

— אַנטשולדיקט — זאָגט אים ר׳ ישראל — איך האָב דעם פענסטער ניט געעפנט, נאָר אויב איר פאַרטראָגט ניט, וועל איך צומאַכן.

און ר׳ ישראל הויבט זיך אויף און פאַרמאַכט ס׳פענסטער.

דער עולם אין וואַגאָן קוועטשט מיט די פּלייצעס איבערן סבלנות פונם שיינעם אידן, וואָס גיט נאָך דעם חוצפה׳דיקן יונגנמאַן ווי אַ פאַר־צויגענעם בן־יחיד.

אַז דער צוג איז אָנגעקומען קיין ווילנע, איז שוין אויפן וואָקזאַל געשטאַנען אַ גרויסער עולם, וואָס איז געקומען מקבל־פּנים זיין דעם חשוב׳ן אורח. ווי ר׳ ישראל איז אַרויס פון וואַגאָן, האָט דער גאַנצער עולם זיך אַ לאָז געטאָן צו אים פון אַלע זייטן:

— שלום־עליכם, רבי! שלום־עליכם, רבי!

דער יונגערמאַן האָט׳ס דערזען, איז אים געוואָרן זויער אויפן האַרצן.

— ווער איז דער רב? — פרעגט ער ביי איינעם פון עולם.

— ס׳הייסט? איר ווייסט ניט? — חידוש׳ט זיך יענער — ס׳אי דאָך ר׳ ישראל סאַלאַנטער.

ווערט דעם יונגעמאַן פינסטער פאַר די אויגן. ווי אַ גנב הויבט ער זיך אַן ארויסרוקן פונם עולם. ער באַוויזט קוים צו פרעגן:

— וואו פאַרפאַרט ר׳ ישראל?

— צו זיין אײדים, ר׳ אליה־לייזער׳ן, דעם מורה הוראה — ענטפערט׳ן אים.

דער יונגערמאַן איז ווי ס׳איז אַוועק אויף אַן אכסניא. ער הייסט זיך געבן עפּעס עסן — ס׳קריכט אים אין האַלז ניט. ער גייט אַריין צו זיך אין חדר — ער געפינט זיך קיין אָרט ניט. אַ גאַנצע נאַכט נעמט אים קיין שלאָף ניט, טוט מיט קיין אויג ניט צו. ער רייסט זיך די האָר פון קאָפּ: וואָס האָט ער דאָ געטאָן?...

ער דערוואַרט זיך קוים אויף אינדערפרי און לויפט תיכף אַוועק צו ר׳ ישראל׳ן.

ר׳ ישראל נעמט אים אויף בסבר פנים יפות:

— זיצט יונגערמאַן. וואָס מאַכט איר? האָט איר אייך שוין אויס־גערוט פון וועג? און ווי געפעלט אייך עפּעס ווילנע?

דער יונגערמאַן שטייט אַ ווײַלע ווי צעטומלט און ער צעוויינט זיך.

— רבי — כליפּעט ער — זייט מיר מוחל... כ׳האָב ניט געוואוסט, אַז איר זיינט...

— זיצט, באַרואיקט אייך — רעדט צו אים ר׳ ישראל מיט זיין גע־ווינלאַכער בנעימות׳דיקייט — חלילה וחס, כ׳האָב אויף אייך קיין שום תרעומות ניט — אַ מענטש איז ניט קיין מלאך, פאַרגעסט זיך אַמאָל, איז ניט מושל ברוחו, בפרט אין וועג. און אַז מ׳ווערט איינמאָל נכשל, ווייסט׳ן ווייטער ווי זיך צו היטן...

און אַזוי האָט ר׳ ישראל פאַרפירט מיט אים איינע פון זיינע מוסר־שמועסן.

דעם יונגנמאַן איז געוואָרן ליכטיק אין די אויגן. ער האָט געשלוּנגען איטלאַכס וואָרט ר׳ ישראל׳ס און אים צוגעזאָגט, אַז מכאן ולהבא וועט ער זיך אָנדערש באַגיין מיט מענטשן, וועט זיין נזהר בכבוד כל אדם.

דער יונגערמאַן הויבט זיך אויף אַוועקצוגיין.

— זיצט, וואָס איילט איר? — זאָגט צו אים ר׳ ישראל — קענט איר מיר, אפשר, זאָגן צוליב וואָס איר זיינט געקומען קיין ווילנע? האָט איר דאָ עמיצן?

— כ׳האָב דאָ קיינעם ניט — זאָגט דער יונגערמאַן — כ׳בין געקומען אָהער נעמען קבלה אויף שחיטה.

אויב אַזוי — מאַכט ר׳ ישראל — קען איך אייך אַ טובה טאָן. כ׳וועל זאָגן מיין אײדים, וועט ער אייך געבן קבלה. און אויב איר ווילט, לאָמיר שוין אַריינגיין צו אים.

און ר׳ ישראל נעמט אן דעם יונגנמאן און פירט אים אריין צום אײדים זײַנעם, צו ר׳ אליה־לייזער׳ן.

ר׳ אליה־לייזער הויבט אן פארהערן דעם יונגנמאן אין הלכות שחיטה, אין טריפות — ער ווייסט א וואָרט ניט.

— איר זײַנט אודאי ניט אויסגערוט פון וועג — נעמט אים איין ר׳ ישראל — גייט אויף אייער אכסניא, רוט זיך אויס און קומט אין א פּאָר טעג שפּעטער. זייט רואיק, איר׳ט קריגן קבלה.

דער יונגערמאן האט קוים געפונען די טיר.

אז ס׳זײַנען אװעק א פּאר טעג און דער יונגערמאן איז ניט געקומען, האט אים ר׳ ישראל אויפגעזוכט.

— פארוואס — פרעגט אים ר׳ ישראל — זעט מען אײַך ניט?

— כ׳דאנק אײַך זייער, רבי — זאגט דער יונגערמאן — וואָס איר האָט מיר די אויגן געעפנט. כ׳וויים וואו איך האַלט אין דער וועלט. כ׳פאָר אהיים.

— ניט געאײַלט, יונגערמאן — זאגט אים ר׳ ישראל — פארווײַלט אביסל אין ווילנע, גייט דורך נאך אמאל הלכות שחיטה. איר וועט קריגן קבלה.

דער סוף איז געווען: דער יונגערמאן איז געבליבן אין ווילנע, ר׳ ישראל האט געקראגן פאר אים א שוחט מובהק, וואָס זאָל אים לערנען שחיטה להלכה ולמעשה און אים אויסגעהאלטן די גאַנצע צייט מיט אַלע הצטרכות׳ן. דער יונגערמאן איז געזעסן און געלערנט מיט התמדה, און געוואָרן א שוחט מומחה מיט די שענסטע קבלות און ר׳ ישראל האָט געקראגן פאר אים א בכבוד׳יקע שטעלע.

פאר׳ן אפּפארן פון ווילנע איז דער יונגערמאן, דער שוחט, געקומען זיך געזעגענען מיט ר׳ ישראל׳ן און אים באַדאַנקען פאַר אַלץ וואָס ער האט געטאָן פאַר אים. שמועסנדיק, זאָגט דער יונגערמאן:

— האט קיין פאריבל ניט, רבי, וואס כ׳וועל אײַך פרעגן: פאַרוואָס האט איר זיך אזויפיל מטריח געווען און אַלץ געזוכט מיר צו טאָן א גרעסערע טובה?

— גאר פּשוט — ענטפערט אים ר׳ ישראל — בעת איר זייט ס׳ערשטע מאָל געקומען צו מיר, האָב איך אײַך געזאָגט, אז כ׳בין אײַך מוחל במחילה גמורה און האָב אויף אײַך קיין שום תרעומות ניט. כ׳האָב׳ס טאַקע געמיינט בלב שלם. מ׳איז דאך אָבער מער ניט ווי א מענטש, טאָמער בלײַבט פאָרט אין הארצן א שטיקל שנאה, א שמץ טינא? איז ס׳איינציקע מיטל — טאָן יענעם א טובה. אזוי איז די טבע: אז מ׳טוט איינעם א טובה, ווערט׳ן אים ערשט א גוטער פרײַנט, און וואָס גרעסער די טובה, אַלץ מער גוטער פרײַנט ווערט׳ן אים...

405

ר׳ חצק׳עלע שינעווער, ר׳ חיים צאַנזער׳ס זון, איז אַמאָל אַראָפּגעפאָרן אין אַ שטעטל. איז געקומען צו אים אַ בחור, אַ שניידערס אַ זון, מיט אַ קוויטל און אויסגעגאָסן זיין שווער האַרץ: די אַנדערע וואָך איז ביי אים חתונה, וועט׳ן אים דעם שבת אויפרופן מפטיר, קען ער ניט די ברכות.

— גיי אַהיים — זאָגט אים ר׳ חצק׳עלע — שבת וועל כ׳דיר געבן אַן עצה.

שבת אינדערפרי איז גאַנץ שטעטל געגאַנגען אין בית־מדרש. איט־לאַכער האָט געוואָלט האָבן די זכיה דאַווענען מיט ר׳ חצק׳עלעס מנין.

פאַרן דאַווענען הייסט זיך ר׳ חצק׳עלע פירן צום שניידער. דער עולם מקורבים חידוש׳ט זיך, נאָר קיינער רעדט אַ וואָרט ניט. מ׳קומט צום שניידער, הייסט ר׳ חצק׳עלע זיך שטעלן דאַווענען.

אַז מ׳האָט אויפגערופן דעם שניידערס זון מפטיר, האָט ר׳ חצק׳עלע אָנגעהויבן קלאַפּן אויפן טיש, מאַכן אַ רעש און געהאַלטן אין איין קלאַפּן ביז איבער די הפטרה מיט די ברכות, כדי דער עולם זאָל ניט הערן די גרייזן פון בעל מפטיר...

406

ר׳ מענדעלע סלוצקער איז געווען אַ גאון עולם, ער האָט אָבער קיין מאָל קיין רב ניט געוואָלט זיין. צענדליקע יאָרן איז ער געזעסן אין איסערלינ׳ס בית־מדרש, געפירט אַ ישיבה און עוסק געווען אין תורה מיטן „צוועלפטל“, די צוועלף לומדים, וואָס דער גביר איסערלין האָט אויסגעהאַלטן.

זיין מנהג איז געווען אַלע טאָג גיין מיט די תלמידים צו איסערלין אין שטוב טיי טרינקען. ר׳ מענדעלע אַליין פלעגט אַלעמען משמש זיין, דערלאַנגען טיי צום טיש, געבן איטלאַכן וויפל ער וויל און אַז אַלע האָבן שוין געהאַט אָפּגעטרונקען, האָט ער ערשט אַליין געטרונקען.

איז אין סלוצק אַמאָל געקומען דער מיר׳ער משולח, איז ער אַריין צום גביר. זעט ער אַז עדה אידן זיצן אַרום טיש און טרינקען טיי און אַ קליין אידל דערלאַנגט אַלעמען צום טיש. קלערט ער זיך: אוודאי אַ משרת ביים גביר. זעצט ער זיך צווישן עולם און הייסט דערלאַנגען אַ גלאָז טיי. און היות ער איז געווען אַ בעל־בשר און אַ שאַרפער טיי־טרינקער, האָט ער זיך געהייסן דערלאַנגען אַ גלאָז נאָך אַ גלאָז, זיך געשאַפט מיט ר׳ מענדעלען ווי מיט אַ משרת. דער עולם האָט זיך אי־בערגעקוקט, אָבער קיינער האָט אַ וואָרט ניט גערעדט.

שבת אינדערפרי איז געווען דער מנהג, אַז נאָכן דאַווענען פלעגן אַלע גיין קידוש מאַכן ביים גביר. אַז דער גאַנצער עולם איז שוין געזעסן

ארום די טישן, פלעגט אריינקומען איסערלין מיט ר׳ מענדעלען און אלע פלעגן זיך אויפשטעלן און אפגעבן גוט־שבת דעם ראש־ישיבה מיטן גביר.

שבת איז דער מירער משולח געגאנגען מיטן עולם צום גביר. זעט ער ווי דער גביר גייט אריין מיטן קליינעם אידל, דער גאנצער עולם שטעלט זיך און פון אלע זייטן:

— גוט־שבת, רבי, גוט־שבת!

ווערט ער שוין טשיקאווע.

— ווער — פרעגט ער — איז דער איד?

— ס׳איז דאך — ענטפערט׳ן אים — ר׳ מענדעלע!

ווערט אים פינסטער פאר די אויגן. מיט ר׳ מענדעלען האט ער זיך עס געשאפט ווי מיט א משרת! לויפט ער תיכף צו ר׳ מענדעלען מיט תחנונים:

— זייט מיר מוחל, רבי, האט קיין פאריבל ניט, כ׳האב ניט גע־וואוסט...

— וואס פאר אן עולה — קוקט אים אן ר׳ מענדעלע — האט איר מיר געטאן, כ׳זאל אייך מוחל זיין?

— כ׳האב — זאגט דער משולח מיט הכנעה — ניט געוואוסט, רבי, ווער איר זיינט, האב איך אייך מטריח געווען...

— כ׳פארשטיי ניט — זאגט ר׳ מענדעלע בתמימות — וואס איר האט נעזינדיגט קעגן מיר, איר זאלט מיר דארפן מחילה בעטן. איר האט געוואלט א גלאז טיי, האב איך אייך געגעבן. אדרבה, איך דארף נאך אייך דאנקען, איר האט מיך מזכה געווען מיט א מצוה...

❦

407

ר׳ שמואל מגיד איז געווען אין טרעסטינע רב און שמש.

איינמאל, ווינטער פארטאג, איידער דער עולם הויבט זיך אן קלייבן אין בית־מדרש צום ערשטן מנין, האט ר׳ שמואל געהייצט דעם גרויסן בית־מדרש׳דיקן אויוון. ס׳האלץ איז געווען נאס און ניט געוואלט ברענען. איז ר׳ שמואל אריין ביז׳ן גארטל אין אויוון, אויפבלאזן ס׳פייער.

בעת מעשה איז אריין א בעל־הבית אין בית־מדרש. זעט ער, א איד ליגט ווי צו מלקות־שלאגן. גייט ער צו צו אים און גיט אים א פאטש אויף קאטאוועס.

ר׳ שמואל האט פארשטאנען, אז ווען ער וועט ארויסנעמען דעם קאפ פון אויוון און יענער וועט זען וועמען ער האט געפאטשט וועט ער דאך מבויש ווערן. האט ר׳ שמואל אזוי לאנג געהאלטן דעם קאפ אין אויוון, אין היץ און אין רויך, ביז יענער איז אוועקגעגאנגען...

408

ר׳ יאַסעלע סלאָנימער איז אַמאָל געקומען מיט זיין איידים, ר׳ יצחק־יעקב ריינעס, קיין פּאַניוועזש. זיינען זיי אריין צום רב, ר׳ משה־איצל פּאַניוועזשער. כדרך הטבע האָט׳ן געשמועסט אין תורה. לכבוד די אורחים זיינען זיך אויפגעקומען ביים רב אַלע לומדים און די נכבדים פונם שטעטל. האָט ר׳ יאַסעלע געפרעגט אַ קשיא. ר׳ משה־איצל האָט געפּרואווט זאָגן אַ תירוץ. ס׳איז אָבער ניט געגאַנגען. די קשיא איז געווען אַ אייזערנע און איז געבליבן ניט פאַרענטפערט.

אַז ר׳ יאַסעלע מיטן איידים זיינען געקומען אויף דער אכסניא זיי־ערער, זאָגט אים ר׳ יצחק־יעקב:

— שווער, וואָס האָט איר געטאָן?

— וואָסי? — פרעגט אים ר׳ יאַסעלע.

— ס׳הייסט? — זאָגט ר׳ יצחק־יעקב — איר האָט ר׳ משה איצלען געפרעגט אַ קשיא, וואָס ער האָט ניט געקענט פאַרענטפערן, פאַר זיינע בעלי־בתים אין די אויגן.

— האָב איך אים — זאָגט ר׳ יאַסעלע — הייסט׳ס, מבייש געווען...

און מער האָט ער ניט גערעדט. ער איז אויפן אָרט געפאַלן אין חלשות.



409

איינער איז אַמאָל געקומען צו ר׳ יאַשע־בער׳ן וועגן עפּעס אַן ענין. איז ער אָבער געווען אַ איד אַ טרדן. איז ער צו־לאַנג געזעסן און גערולט ר׳ יאַשע־בער׳ן אַ קאָפּ.

פאַרן אוועקגיין זאָגט ער צו ר׳ יאַשע־בער׳ן:

— רבי, האָט קיין פאַריבל ניט, כ׳האָב מבטל געווען אייער צייט.

— חס ושלום — מאַכט ר׳ יאַשע־בער — אַ נאַר האָט פאַריבל. אדרבה, האָט אי ר קיין פאַריבל ניט...



410

ר׳ יצחק־אלחנן איז אַמאָל אַרוים מיט אַן עסקן איבערן שטאָט, קלייבן פאַר אַ געפאַלענעם בעל־הבית, אַ יורד. און מחמת דער בעל־הבית איז געווען אַ ידוע אין שטאָט, האָבן זיי אָפּגעמאַכט ניט אויסזאָגן קיינעם פאַר וועמען זיי קלייבן.

נייענדיק איבערן שטאָט זיינען זיי אריין צו אַ איד אַ גביר, ביי וועמען זיי האָבן זיך גערעכט צו קריגן אַ שיינע מטבע. דער גביר האָט זיי זייער שיין אויפגענומען, זיי פאַרבעטן אין סאַליע און זיי געפרעגט מכח וואָס זיי זיינען געקומען צו אים.

— מיר ווילן פון אייך א נדבה — זאגט ר׳ יצחק אלחנן — און ניט אונז טאקע תיכף. מיר מוזן גיין.

— פאר וואסער צדקה? — פרעגט דער גביר.

— פאר א יחיד — ענטפערט ר׳ יצחק־אלחנן.

— פאר וועמען? — ווערט דער גביר טשיקאווע.

— דאס — ענטפערט ר׳ יצחק־אלחנן — קענען מיר אייך ניט זאגן. ס׳איז א בכבוד׳יקער איד, וואס איז, לא עליכם, געווארן א יורד און מ׳טאר אים ניט לאזן פאלן.

— רבי — קלערט דער גביר א ווײַלע און זאגט — איר קריגט פון מיר פינף־און־צוואנציק רובל און זאגט מיר פאר וועמען איר גייט.

דער עסקן קוקט זיך איבער מיט ר׳ יצחק־אלחנן: פינף־און־צוואנציק רובל איז א מטבע. ר׳ יצחק־אלחנן קלערט קיין מינוט ניט און ענטפערט:

— כ׳קען אייך ניט זאגן.

זעט דער גביר, אז ר׳ יצחק־אלחנן האלט זיך שטארק, זאגט ער צו אים:

— רבי, כ׳גיב אייך פופציק רובל...

דער עסקן קוקט זיך ווידער איבער מיט ר׳ יצחק־אלחנן און הויבט אן:

— רבי, אפשר... פופציק רובל...

ר׳ יצחק־אלחנן האלט זיך ביי זיינס: ער וועט ניט זאגן.

— רבי — זאגט דער גביר — כ׳גיב אייך הונדערט רובל!

דערהערט הונדערט רובל, זאגט דער עסקן צו ר׳ יצחק־אלחנן:

— רבי, לאמיר אים זאגן בסוד, בתנאי, ער זאל קיינעם ניט אויס־זאגן. דערמאנט אייך, רבי, הונדערט רובל. וויפל גאסן דארפן מיר דורכגיין, ביז מיר׳ן מאכן אזא סכום!

ר׳ יצחק־אלחנן וויל אבער ניט הערן און זאגט דעם גביר:

— האלט אונז ניט אויף, איר וועט ביי מיר ניט פועל׳ן אפילו מיט אלפים. יענעמס נאמען איז טייערער ווי געלט.

ווי דער גביר האט׳ס דערהערט, האט ער געבעטן ר׳ יצחק־אלחנן זיך מטריח זיין א ווײַלע און אריינגיין מיט אים אין זיין קאבינעט. דעם עסקן האט ער געבעטן מוחל זיין אוןווארטן אין סאליע.

אונטער פיר אויגן האט דער גביר אויסגעגאסן זיין הארץ פאר ר׳ יצחק־אלחנן, אז ער איז אליין געדריקט אין מצב, איז יורד פון טאג צו טאג און ווייסט ניט מאין יבוא עזרו. ער האט שוין ניט איין מאל געטראכט, אריינגיין צום רב און אים פארטרויען זיין מצב. ער האט אבער מורא געהאט, טאמער וועט׳ס ניט קענען בלייבן בסוד. איצט, אבער, אז ער האט געזען, ווי ווייט דער רב איז נזהר מיט יענעמס נאמען, בעט ער אים, ער זאל אים ארויסהעלפן אין זיין איצטיקן מצב.

411

די אַלע יאָרן וואָס ר׳ חיים איז געווען רב אין בריסק, איז זיין שטוב געווען אָפן פאַר אַלעמען. ווער ס׳האָט געהאַט אַ צער, אַ שווער געמיט, פלעגט קומען צום אים, אויסריידן ס׳האַרץ ווי פאַר אַן אייגענעם טאַטן. ער פלעגט אַלעמען אויסהערן און העלפן מיט אַ וואָרט, מיט אַן עצה און כמה מאָל אויך מיט געלט.

איינמאָל איז צו אים אַריין אַ אידיש מיידל און געזאָגט מיט אַ בושת־פנים, אַז זי האָט מיט אים אַליין עפּעס צו ריידן. אַז אַלע זיינען אַרויסגעגאַנגען, האָט זיך ס׳מיידל פאַנאַנדערגעוויינט.

— וואָס איז אייך? — פרעגט זי ר׳ חיים — רעדט אויס אייער האַרץ.

— רבי — כליפּעט ס׳מיידל — אַן אומגליק האָט מיך געטראָפן... אַצינד האָב איך ניט וואו זיך אַהינצוטאָן...

ר׳ חיים האָט זיך אויפן מיידל ניט געבייזערט, ניט גע׳מוסר׳ט. אדרבה, זי איינגענומען מיט גוטן, געגעבן איר געלט אויף צו לעבן און זי אָנגעזאָגט, אַז ווען זי וועט האָבן ס׳קינד, זאָל זי׳ס ברענגען צו אים. ער אַליין וועט׳ס פון איר האַנט צונעמען און קיינער וועט ניט ווּיסן.

מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער, בעת ר׳ חיים איז געזעסן ביינאַכט און געלערנט, הערט ער אַ שטיל קלאַפּן אין טיר. הויבט זיך ר׳ חיים אויף, גייט אַרויס אין פירהויז. שטייט דאָרט ס׳מיידל מיט אַ קערבעלע אין האַנט. נעמט ער ביי איר צו ס׳קערבעלע, טראָגט אַריין אין שטוב, וועקט אויף דער רבי׳צן און הייסט זי אַכטונג געבן אויפן נפש. אינדערפרי האָט ער געשיקט רופן אַן אַם, איר צוגעזאָגט גוט צו באַצאָלן און איר אָפּגעגעבן ס׳קינד צום האָדעווען.

פון דעמאָלט אָן האָט מען ניט איין מאָל געפונען ביים רב אין פירהויז אַן אונטערגעוואָרפן קינד. ר׳ חיים פלעגט די אונטערגעוואָרפענע קינדער אוועקגעבן צו אַמען און אַליין צאָלן פאַר זיי.



412

איינמאָל איז צו ר׳ חיים׳ען געקומען אַן אַם, וואָס ר׳ חיים האָט איר געגעבן צו האָדעווען אַן אונטערגעוואָרפן קינד, מאָנען איר חודש־געלט. ר׳ חיים האָט גראָד דעמאָלט ביי זיך קיין געלט ניט געהאַט, די רבי׳צן אויך ניט. האָט ער געבעטן די אַם קומען אַן אַנדערש מאָל. יענע איז אָבער געווען אַ ווייבל מיט אַ מענה־לשון, הויבט זי אָן שרייען און מאַכן קולות:

— כ׳וועל ניט אוועקגיין אָן געלט. כ׳קען ניט האָדעווען קיין ממזרים אומזיסט.

ר׳ חיים האט געליען א גמילות־חסד ביי איינעם פון די דיינים און באצאלט דער אם.

אז זי איז שוין געווען אוועקגעגאנגען, כאפט זיך ר׳ חיים און הייסט זי תיכף צוריקרופן. האט׳ן זי צוריקגערופן.

— ווייבל — זאגט איר ר׳ חיים — אז איר׳ט קומען אהיים זאלט איר אפווארטן מיטן געבן זויגן ס׳קינד. איר האט אייך אויפגערעגט, קען די מילך פארשאטן, חלילה, דעם קינד...

☙

413

איינמאל האט׳ן אין בריסק געפונען אן אונטערגעווארפן קינד ביי א גביר אויפן שוועל. אז ר׳ חיים איז דערפון געוואויר געווארן, האט ער געשיקט רופן דעם גביר.

— איר זאלט וויסן זיין — זאגט אים ר׳ חיים — אז דאס איז מיין מצוה. כ׳האב אויף איר א חזקה. נאר אזוי ווי מ׳האט אייך דאס מאל מן השמים מזכה געווען, וויל איך, אז מיר זאלן ביידע האבן די מצוה בשותפות און איך זאל צאלן א העלפט אס־געלט גלייך מיט אייך...

☙

414

ר׳ חיים בריסקער האט חתונה געמאכט א קינד אין ווארשע. צו דער חופה־וועטשערע איז אין דער חתונה־שטוב אריינגעקומען איינער פון די ווארשעווער גנבים. איז געווארן א טומל:

— א גנב! א גנב! ארויס!

האט׳ס ר׳ חיים דערהערט.

— חלילה — זאגט ער — טרייבט ניט ארויס קיין אידן. זעצט אים אויבנאן, לעבן די געהויבענע געסט, זיינט איר זיכער, אז ער וועט שוין דא ניט גנב׳ענען...

☙

415

ר׳ ישראל־מאיר, דער „חפץ חיים", האט אין דער יוגנט געלערנט בפרישות איז אמסטיוווע, א קליין שטעטל אין גראדנער גובערניע. איז אין שטעטל געווען א וואסערטרעגער, א פראסטער איד און ניט קיין גרויסער חכם. פלעגן שטעטלשע אינגלאך זיך טשעפען צו אים, מאכן פון אים חוזק און אים אפטאן כל׳ערליי שפיצלאך.

איינמאל, ווינטער־צייט, האבן חברה קונדסים ממציא געווען אזא המצאה: גייענדיק ביינאכט פון חדר פארביי דעם שטעטלשן ברונים, פלעגן זיי אנגיסן דעם קיבל פול מיט וואסער און אים אזוי לאזן שטיין. איבער נאכט פלעגט ס׳וואסער איינפרוירן און ווערן איין שטיק אייז.

פארטאג, בעת דער וואסער־טרעגער איז געקומען דער ערשטער שעפן וואסער, האט ער נעהאט א שווער שטיקל ארבעט אויסהאקן ס׳אייז פון קיבעל. פלעגט ער שרייען, וויינען און שילטן מיט טויטע קללות.

ר׳ ישראל־מאיר איז דערפון געוואויר געווארן. איז אלע נאכט, בעת ער פלעגט גיין שפעט אהיים פון בית־מדרש, פלעגט ער צוגיין צום ברונים און אויסגיסן ס׳וואסער פון קיבל, כדי דער וואסערטרעגער זאל אינדערפרי קיין צער נים האבן.

✱

*416*

בעת ר׳ אברהם אהרנסאן איז געווען רב אין קרוטשע, איז אין שטעטל ארומגעגאנגען די פאקן־מגפה. איז געווארן א בהלה און גאנץ שטעטל איז געלאפן צום רופא זיך שטעלן פאקן.

האט מ׳ געבראכט דעם רופא צום רב, ער זאל אים שטעלן פאקן.

— ניין — זאגט ר׳ אברהם — זאל ער קודם שטעלן דעם דינסט־מיידל.

— סטייטש, רבי — הויבט מ׳ן דאך אן — איטלאך רגע איז סכנת נפשות.

— אט דערפאר טאקע — זאגט ר׳ אברהם — ס׳מיידל איז אינגער פאר מיר...

✱

*417*

דוד פרישמאן איז געווען שארף און בייסיק נים בלויז אין שרייבן, נאר אויך אין ריידן.

איינמאל, פארנדיק אין טראם, האט ער זיין ארט אפגעטראטן א דאמע. יענע האט זיך געזעצט און נים געדאנקט.

— הא?... — פרעגט איר פרישמאן — וואס זאגט איר?

— איך זאג גארניט — ענטפערט די דאמע.

— כ׳האב געמיינט — מאכט פרישמאן — אז איר זאגט: א דאנק...

✱

*418*

צו דוד פרישמאן פלעגט אריינקומען א בחור׳ל א משכיל, פלעגט אפזיצן ביי אים שעה׳ן לאנג, שמועסן דברים בטלים און אים מבטל זיין פון דער ארבעט. פרישמאן האט זיך קיין עצה נים געקענט געבן, ווי ווערט׳ן פטור פון דעם ניט־אנגעלייגטן אורח.

איינמאל, בעת ס׳בחור׳ל איז ביי אים געזעסן און געשמועסט, איז צו־רייד געקומען מכח פילאלאגיע. הויבט אן פרישמאן, אויף זיין שטייגער, באוויזן, אז פילאלאגיע איז גארניט, האט קיין שום ווערט נים, אז ווערטער בכלל האבן קיין זין נים.

— אט נעמט, למשל — זאגט פרישמאַן — דאָס וואָרט „אויף ווידער־זעו", וואָס מענטשן זאָגן זיך ביי אָוועקגיין. האָט׳ס אַ זין? איינער זאָגט דעם אַנדערן: „אויף ווידערזעון" און מיינט: „כ׳זאָל דיין פּנים מער ניט אָנקוקן".

און פרישמאַן הויבט זיך אויף, גיט דעם בחור׳ל די האַנט און זאָגט:

— „אויף ווידערזעון"...

ס׳בחור׳ל איז שוין מער ניט געקומען.



419

„אחד העם" האָט די לעצטע יאָרן זיינע, בעת ער איז געווען קראַנק און שוואַך, געהאַלטן אַ פּריוואַט־סעקרעטאַר, אַ יונגערמאַן, וואָס פלעגט פאַר אים לייענען, שרייבן מיט אים די זכרונות זיינע וכדומה.

אַ טאָג פאַרן טויט, בעת „אחד העם" האָט שוין געשפּירט, אַז ס׳רוקן זיך אָן די לעצטע מינוטן, רופט ער צו דעם סעקרעטאַר זיינעם און זאָגט אים:

— היינט איז פרייטאָג, דאַרפן איך באַצאָלן אייער שכירות. אָט איז געלט, נעמט אייך אייערס.

— וואָס רעדט איר? — הויבט דער יונגערמאַן אָן — ס׳האָט צייט...

— ניין, ניין — לאָזט „אחד העם" ניט אָפּ — ס׳קען זיין, אַז מאָרגן וועל כ׳שוין זיין אויפן עולם האמת, וויל איך ניט, אַז מ׳זאָל מיך שטייסן פאַר „הלנת שכר שכיר" *...

# צדקה און גמילות חסדים

420

דער דובנער מגיד איז אַמאָל געקומען צו אַ גביר אַ קמצן בעטן אַ נדבה אויף אַ כלל־זאַך. האָט דער גביר אים אָפּגעזאָגט און ניט געגעבן. פאַרן אָוועקגיין זאָגט דער דובנער צום גביר:

— זייט וויסן, אַז איר זיינט אַ מזומן לחיי העולם הבא.

— סטייטש, רבי — חידוש׳ט זיך דער גביר — דערפאַר וואָס איך גיב ניט קיין צדקה וועל איך האָבן עולם הבא?

— כ׳וועל אייך — זאָגט דער דובנער — דערציילן אַ מעשה.

אין אַ שטאָט איז געווען אַ גביר אַ קמצן, וואָס האָט כל ימיו ניט געגעבן קיין פּרוטה צדקה. פאַרן טויט האָט ער געהייסן אים מיטגעבן

* ניט באַצאָלן אַן אַרבעטער אין צייט.

זיין גאַנץ געלט אין קבר. אַז ער איז געקומען פאַרן בית־דין של־מעלה עפנט־מ׳ דעם ספר הזכרונות — ניטאָ קיין פרוטה צדקה.

— פאַרוואָס — פרעגט־מ׳ אים — האָסטו ניט מקיים געווען די מצוה פון צדקה?

— דאָרטן — ענטפערט ער — אויפן עולם־השקר, וואו ס׳זיינען דאָ אַזויפיל רמאים, האָב איך ניט געוואוסט וועמען צו געבן. לכן האָב איך מיין גאַנץ געלט געבראַכט אהער, אויפן עולם־האמת, כדי דאָ צוטיילן.

אַ טענה.

האָט בית־דין של־מעלה מעיין געווען אין דין און אַרויסגעגעבן דעם פסק:

— אויב מ׳וועט געפינען נאָך צוויי צו אים, וואָס האָבן אַזוי געטאָן, איז ער זכאי און ס׳קומט אים עולם־הבא.

האָט־מ׳ געזוכט און געפונען בלויז איינעם — קרח־ן, וואָס איז באַגראָבן געוואָרן מיט זיין געלט.

— אַצינד — פירט אויס דער דובנער — אַז איר וועט קומען אויף יענער וועלט, וועלן שוין דאָרטן זיין דריי: קרח, יענער קמצן און איר — וועט איר זיין אַ מזומן צו עולם־הבא...



421

דער דובנער מגיד איז אַמאָל געקומען צו אַ גביר אַ למדן בעטן אַ נדבה אויף פדיון־שבויים. דער גביר האָט אים אויפגענומען מיט גרויס כבוד, אים געבעטן זיצן. כדרך הטבע האָט־מ׳ אָנגעהויבן שמועסן אין תורה. דער דובנער זאָגט זיינס אַ חידוש, דער גביר — זיינס. דער דובנער וויל אָבער קומען צום עיקר, זאָגט ער תורה מכח צדקה. זאָגט דער גביר אויך אַ תורה אין דעם ענין. איז זיך דער דובנער מיישב און זאָגט אַ תורה וועגן פדיון שבויים. זאָגט דער גביר אויך. דער דובנער זעט, אַז ס׳נעמט קיין סוף ניט, זאָגט ער צום גביר:

— כ׳וועל אייך זאָגן אַ משל.

איינער איז אַמאָל געקומען אין אַ וויטע מדינה. זעט ער, אַז די בני־המדינה ווייסן ניט פון ציבעלע, און היות ער האָט געהאַט ביי זיך אין קלומיק אַ קרענצל ציבעלע, האָט ער׳ס זיי אָוועקגעגעבן. אַז זיי האָבן געזען, ווי באַ׳טעמ׳ט ציבעלע מאַכט ס׳עסן, האָבן זיי אים זייער געדאַנקט פאַר דער מתנה און אים אַנטקעגן געוואויגן אַזוי פיל גאָלד.

לימים, אין אַ צייט אַרום, איז ער ווידער געקומען אין יענער וויטער מדינה. אַצינד האָבן שוין די בני־המדינה געהאַט אייגענע ציבעלע, נאָר פון קיין קנאָבל האָבן זיי נאָך ניט געוואוסט. נעמט ער אַרויס פון זיין קלומיק אַ קרענצל קנאָבל און גיט זיי, ריכטנדיק זיך אויפן גאָלד

וואס ער וועט דא קריגן. די בני־המדינה אבער האבן צוגענומען ביי אים ס׳קרענצל קנאבל און אים אנטקעגנגעוואויגן ציבעלע...

— ס׳אייגענע — מאכט דער דובנער צום גביר — איז מיט מיר. איך זאג אייך א תורה, זאגט איר מיר אנטקעגן א תורה. איך וויל אבער זען געלט אנטקעגן...

422

בעת ר׳ יחזקאל לאנדא, דער „נודע ביהודה", איז נאך געווען א יונגערמאן און געוואוינט אין בראד, זיינען אמאל צו אים געקומען צוויי גדולי ישראל וועגן א מצוה פון פדיון־שבוים.

פרעגט זיי ר׳ יחזקאל:

— וויפל דארפט איר?

זאגן זיי:

— דריי־הונדערט רענדלאך.

איז ר׳ יחזקאל אוועק צו זיך אין קאמער, זיי ארויסגעבראכט א שיסל רענדלאך און געזאגט:

— דא האט איר צוויי־הונדערט־ניינציק. ס׳איבעריקע וועט איר מאכן אין שטאט.

— פהייכט — חידוש׳ן זיי זיך — אז איר האט שוין געגעבן אזוי פיל, גיט אונז נאך צען רענדלאך און האט שוין די גאנצע מצוה. צו וואס זאלן מיר אונז מבזה זיין און גיין איבערן שטאט צוליב צען רענדלאך?

— ס׳איז מיר א גרויסער חידוש אויף אייך — זאגט זיי ר׳ יחזקאל — איר האט פארזען א בפירוש׳ע משנה: „הרוצה שיתן ולא יתנו אחרים". זאלן נאך אידן האבן א חלק אין דער מצוה.

423

צו ר׳ פינחס, דעם בעל „הפלאה", איז אמאל געקומען א אידענע און זיך געקלאגט:

— רבי, מיין מאן איז א גרויסער פזרן, צעטיילט זיין גאנץ געלט אויף צדקה און גמילות־חסדים, גיט איבער די כחות.

אויף די רייד איז אנגעקומען א איד און קלאגט זיך:

— רבי, כ׳בין אן ארימאן, אן אביון, גיי אוים פון הונגער מיטן בני־בית פאר א שטיקל ברויט. האב איך א ברודער אן עושר, וויל ער פון מיר ניט וויסן.

שיקט ר׳ פינחס רופן ביידע אידן.

— פארוואס — פרעגט ער איינעם — ביזטו אזא פזרן?

— רבי — זאגט יענער — מ׳איז דאך מער ניט ווי א מענטש, מ׳ווייסט ניט וועמעס מארגן איז. טאמער שטארב איך מארגן? דארפ׳ן אריינכאפן וואס מ׳קען און טאן צדקה.

— פארוואס — פרעגט ער דעם אנדערן — ביזטו אזא קמצן, אן אכזר, האסט קיין רחמנות ניט אויף אן אייגענעם ברודער?

— רבי — ענטפערט יענער — א מענטש ווייסט ניט ווי לאנג ער וועט לעבן, טאמער לעב איך הונדערט יאר? מוז איך זיך פארזארגן אויף דער עלטער.

— השם יתברך — זאגט זיי ר׳ פינחס — זאל אייך ביידע אויסהיטן פון דאס וואס איר האט מורא...



424

צו ר׳ עקיבא אייגער איז אמאל געקומען א איד בעטן א גמילות־חסד פופציק ר״ט. ר׳ עקיבא אייגער האט ביי זיך קיין געלט ניט געהאט. האט ער גענומען א חפץ פון שטוב, געגעבן דעם אידן, ער זאל׳ם פאר־משכונ׳ען פאר פופציק ר״ט.

דער איד האט גענומען דעם חפץ און פאר׳משכונ׳ט פאר הונדערט ר״ט. ס׳איז אוועק א צייט און ער האט דעם משכון ניט אויסגעלייזט.

האט׳ן דערציילט ר׳ עקיבא אייגער׳ן, ס׳ארא בעל־עולה יענער איז. לא די וואס ער לייזט ניט אויס דעם משכון, האט ער נאך לכתחילה געבארגט אויף דעם צוויי מאל אזוי פיל ווי מ׳האט אים געהייסן.

— אזוי? — זאגט ר׳ עקיבא אייגער — ער האט געדארפט הונדערט און געבעטן פופציק. זיך געשעמט, נעבאך. אצינד וועל איך שוין וויסן, אז איינער וועט מיך בעטן א גמילות־חסד, וועל איך אים אליין פרעגן, צי ער דארף ניט מער...



425

בעת ר׳ משה סופר, דער „חתם סופר" האט געגעסן קעסט איז ער געווען זייער געדריקט אין מצב. זיין שווער, וואס האט אים געגעבן קעסט, איז געווארן א יורד און האט אים ניט געקענט אויסהאלטן מיט די נויטיקסטע הצטרכות׳ן. ס׳איז דערגאנגען אזוי ווייט, אז איינמאל, פרייטאג־צו־נאכטס, האט ר׳ משה סופר אכטונג געגעבן, אז זיין ווייב גייט ניט אין דער שבת׳דיקער הויב. האט ער זי געפרעגט: פארוואס? האט זי זיך צעוויינט און אויסגעזאגט, אז דער ברודער האט ניט געהאט קיין געלט אויף וויין, האט זי פאר׳משכונ׳ט איר שבת׳דיקע הויב און געקויפט וויין אויף קידוש.

איינמאל איז אריינגעקומען אן ארימאן בעטן א נדבה. ר׳ משה סופר האט ניט געהאט א פרוטה אין קעשענע. ער איז אבער געגאנגען אין א

טלית־קטן מיט זילבערנע קנעפּלאַך. האָט ער אָפּגעריסן אַ קנעפּל, געגעבן דעם אָרימאַן ער זאָל׳ס פאַרקויפן און נעמען העלפּט פאַר זיך און העלפט געבן אים.

און ווען ס׳איז געקומען צו אים אַן אָרימאַן האָט ער אַזוי געטאָן, ביז ער האָט אויסגעריסן אַלע קנעפּלאַך.

❦

426

ר׳ זלמן אורי׳ס איז געווען פון די שענסטע אידן אין ווילנע. ער איז געווען אַ למדן מופלג און דערצו נאָך אַן עושר גדול און אַ גרויסער בעל־צדקה. מער פון אַלץ האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט גמילות־חסדים. קליינע סוחרים, קרעמער, בעלי־מלאכות פלעגן ביי אים קריגן געבאָרגט געלט, אַז אַ גראָשן פּראָצענט, אויף צו קירעווען זיך אין משא־ומתן.

איינמאָל איז צו אים געקומען אַ יונגערמאַן, ער זאָל אים באָרגן אַ דריי־הונדערט רובל אויף אַ קורצן טערמין פון דריי חדשים. ס׳האָט זיך אים געמאַכט אַ מסחר, פון וועלכן ער קען האָבן שיין פּרנסה, אָבער ס׳פעלט אים צו געלט. ר׳ זלמן האָט דעם יונגנמאַן ניט געקענט.

— האָט איר — פרעגט ער אים — עמיצן, וואָס זאָל גוטזאָגן פאַר אייך?

— ניין — ענטפערט דער יונגערמאַן — כ׳האָב ניט.

— האָט קיין פאַריבל ניט — זאָגט ר׳ זלמן — קען איך אייך ס׳געלט ניט געבן.

דער יונגערמאַן איז געבליבן שטיין מיט טרערן אין די אויגן און גנעומען אַוועקגיין. האָט׳ס ר׳ זלמנ׳ען געגומען ביים האַרצן. קערט ער אום דעם יונגנמאַן און פרעגט אים נאָך אַ מאָל:

— האָט איר גאָר קיינעם ניט אין שטאָט, וועד ס׳זאָל גוט זאָגן פאַר אייך?

— ניין — ענטפערט דער יונגערמאַן פאַר׳צער׳ט — סיידן דער רבונו־של־עולם אַליין.

— אויב אַזוי — דערפרייט זיך ר׳ זלמן — האָט איר דאָך אַ גוטן ערב. איר קריגט שוין ס׳געלט.

האָט ר׳ זלמן גענומען אַ פּאַפּיר, אָנגעשריבן „מלוה ד׳ חונן דל״, אַריינגעלייגט ס׳פּאַפּיר צווישן אַלע וועקסלען און אויסגעצײלט דעם יונגנ־מאַן די דריי־הונדערט רובל.

אין דריי חדשים אַרום איז דער יונגערמאַן געקומען צו ר׳ זלמנ׳ען, אים דערציילט מיט שמחה, אַז דער מסחר זיינער גייט, ב״ה, גוט און ער האָט אים אָפּגעבראַכט ס׳געלט. וויל ר׳ זלמן ניט נעמען.

— כ׳האָב שוין — זאָגט ער — דעם חוב אָפּגענומען.

— ס׳הייסט? — וואונדערט זיך דער יונגערמאן.
— דער ערב אייערער — ענטפערט ר׳ זלמן — האט מיר שוין באַצאָלט. השי״ת האט מיר אפגעגעבן מיט פּראָצענט.
דער יונגערמאן האט אבער ס׳געלט ניט געוואלט צוריקנעמען. זיינען זיי איינגעגאנגען אויף א פשרה. ס׳געלט זאל ליגן ביי ר׳ זלמנ׳ען צו טאן גמילות־חסדים און די מצוה זאל זיין פארביידן בשותפות.



*427*

ר׳ מרדכי לעכעוויטשער איז געווען א גרויסער בעל־צדקה. וויפל געלט ער האט געהאט פלעגט ער דעם טאג צעטיילן, ניט איבערלאזן א גראשן.
ער פלעגט זאגן:
— אז ס׳בלייבט ביי מיר א גראשן איבערנאכט קען איך א גאנצע נאכט ניט שלאפן, ער רייבט מיך אפ די זייטן...



*428*

ר׳ חיים צאנזער איז, כידוע, געווען א גרויסער בעל־צדקה, א טוב ומיטיב. זיין גאנץ געלט פלעגט ער צעטיילן ארימע־לייט, אויסהאלטן בני־טובים, אוועקגעבן ס׳לעצטע און אליין געלעבט בדחקות.
אז ער האט אויסגעגעבן זיין טאכטער פאר דעם הארנאסטייפּעלער רבי׳ס זון, האט ער געמאכט א שיינעם חתונה־אויסשטייער, קליידער, תכשיטים, ווי ס׳פּאסט פאר׳ן חתנ׳ס צד.
א פאר טעג פאר דער חתונה קומט אריין אן ארימע אידענע צו ר׳ חיימ׳ען און קלאגט זיך:
— רבי הייליקער, כ׳בין אן ארימע אלמנה, כ׳פיר מיין טאכטער צו דער חופה און האב ניט אויף חתונה־הוצאות.
האט ר׳ חיים גענומען זיין טאכטער׳ס גאנצן אויסשטייער און אוועקגעגעבן דער אלמנה.
אז די כלה האט׳ס געזען האט זי אנגעהויבן:
— סטייטש, טאטעשי, ווי וועל איך איצט פארן צו דער חתונה?
— נישקשה, מיין קינד, נישקשה — זאגט ר׳ חיים בנעימות — דו וועסט זאגן, אז דו ביזט מיין טאכטער...



*429*

איינמאל איז צו ר׳ חיים צאנזער געקומען דער זון זיינער, ר׳ ברוך, און זיך געקלאגט, אז ער דארף חתונה מאכן א טאכטער און האט ניט אויף חתונה־הוצאות.
— כ׳האב אצינד קיין געלט ניט — זאגט ר׳ חיים.

אין עטלאכע טעג ארום זיינען צו ר׳ חיימ׳ען געקומען א פאר חסידים זיינע, גבירים אדירים און אים איבערגעלאזן שיינע פדיונות.

ווי די גבירים זיינען אוועק האט ר׳ חיים געשיקט רופן זיינעם א חסיד, וואס איז געווען אן ארימאן, אן אביון און א מטופל מיט א פאר עלטערע מיידלאך און אים אוועקגעגעבן ס׳גאנצע געלט:

— נא. דא האסטו אויף הכנסת כלה.

אין א ווײלע שפעטער איז ר׳ ברוך אריין צום טאטן.

— כ׳האב שוין — זאגט ר׳ חיים — ס׳געלט אוועקגעגעבן.

— סטייטש, טאטע — הויבט אן ר׳ ברוך — בין איך ערגער ווי א פרעמדער? כ׳דארף דאך אויך א קינד חתונה מאכן.

— דו — זאגט ר׳ חיים — קענסט זיך אן עצה געבן. וואו דו וועסט קומען וועט׳ן דיר געבן אויף הכנסת כלה. יענעם ארימאן, נעבאך, וועט קיינער ניט געבן.



*430*

איינמאל איז צו ר׳ חיים צאנזער אריין זיין טאכטער און אים געבעטן געלט אויף נייע שיך. ס׳איז א חתונה אין שטעטל, גייען אלע שטעטלשע מיידלאך טאנצן אויף דער חתונה, וויל זי אויך גיין.

— נישקשה — זאגט ר׳ חיים — קענסט גיין אין די אלטע שיך.

און איר קיין געלט ניט געגעבן.

א ווײלע שפעטער איז אריין דעם מלמד׳ס טאכטער און זיך געקלאגט, אז זי וויל גיין צו דער חתונה און האט ניט קיין בכבוד׳יקע שיך.

האט ר׳ חיים איר תיכף געגעבן געלט און געזאגט:

— גיי, מיין קינד, קויף דיר נייע שיך און זע צו קויפן וואס שענער.

דער עולם ארום האט זיך גע׳חידוש׳ט.

אז ס׳מיידל איז ארויס, פרעגט אים איינער:

— רבי, א פרעמד קינד האט איר יא געגעבן אויף שיך און אן אייגן קינד ניט?

— דעם מלמד׳ס טאכטער — ענטפערט ר׳ חיים — איז אן ארים קינד וועט׳ן זי אין געמיינע שיך ניט בכבוד האלטן...



*431*

א גביר איז אמאל געקומען צו ר׳ חיים צאנזער. פרעגט אים ר׳ חיים:

— ווי האלטסטו אין צדקה?

— כ׳גיב, ניט אויסגערעדט זאל זיין — זאגט דער גביר — אויף אלע נויטיקע צדקות.

— רייד יא אויס — זאגט ר׳ חיים — נאר גיב א סך...

432

ר׳ נחומ׳קע האראדנער איז געווען א גדול בתורה און א צדיק עולם. קיין רב האט ער קיינמאל ניט געוואלט זיין, הגם כמה קהלות האבן אים געשיקט א כתב־רבנות. איז ער געווארן שמש אין האראדנער חברה ש״ם און פון שמשות געהאט פרנסה בדוחק. כל ימיו האט ער עוסק געווען אין צדקה, ארומגעגאנגען קלייבן פאר ארימעלייט. ער האט שוין געהאט זיינע נויטבאדערפטיקע: אלמנות, יתומים און דער עיקר — יורדים, אראפגעקומענע, וואס שעמען זיך אנקומען צו לייטן. אלע וואך פלעגט ער זיי אריינטראגן אין שטוב זייער הספקה, אריינגיין פאמעלאך, אוועק־לייגן ס׳געלט און זיך שטילערהייט ארויסרוקן, קיינער זאל ניט זען און ניט הערן.

תמיד פלעגט׳ן אים זען ארומגיין קלייבן, בייטאג און ביינאכט, ווינ־טער אין די גרעסטע זאווערוכעס, זומער אין די גרעסטע היצן. תמיד פלעגט׳ן זען ס׳קליין, איינגעבויגן אידעלע לויפנדיק צו דער מצוה זיינער.

זיין דרך איז געווען ארומגיין אין מיטן נאכט איבער די שיינקען, איבער די וויין־קעלערן, וואו מענטשן זיינען אויף ביינאכט, עסן, טרינקען, שפילן אין קארטן. אט די קלים, זיינען, כידוע, גרינג אויפן גראשן און ר׳ נחומ׳קע פלעגט אוועקגיין פון זיי מיט א שיינע מטבע פאר זיינע ארימעלייט.

ער האט זיך אזוי נוהג געווען:

אריינגעקומען און געפונען אז עולם שפילנדיק אין קארטן, פלעגט ער צוגיין צום טיש און זאגן בנעימות:

— שפילט, שפילט, קינדערלאך, נאר דער קאן זאל זיין פאר מיינע ארימעלייט.

דער עולם האט אים שוין געקענט. פלעגט׳ן אים אוועקגעבן ס׳גאנצע געלט וואס אויפן טיש און נאך צולייגן פון די קעשענעס, איטלאכער לויט זיין גוט הארץ האט אים געטראגן.

מאכט זיך אמאל, אז ר׳ נחומ׳קע פאלט אריין נאך א האלבע נאכט, צו א חברה קארטנשפילער, פון די וואוילע יונגען, וואס האבן אים ניט געקענט. זידלען זיי אים אפ אויף זייער גראבן לשון און הייסן אים נעמען דעם וועג.

ר׳ נחומ׳קע טרעט אבער ניט אפ. מיט ליידיגן גייט ער ניט אוועק. שטייט ער און בעט אלץ פאר זיינע ארימע לייט.

ווערט איין יונגאטש צעקאכט, שפרינגט אויף און גיט אים א פאטש.

— דאס — פירט ר׳ נחומ׳קע מיט דער האנט אויפן באק — האט איר מ י ר געגעבן. וואס גיט איר פאר מיינע ארימע לייט?...

די יונגעז זיינעז געווארן ביז טרערן. דער יונגאטש האט אים תיכף מחילה געבעטן. אלע האבן זיי אים געגעבן שיינע נדבות און אים ארויסבאלייט מיט גרויס דרך־ארץ.



433

ר׳ נחומ׳קע הארדנער איז כל ימיו געווען א חולה און א גרויסער בעל־יסורים. פונדעסטוועגן פלעגט ער תמיד, בייטאג און ביינאכט, ארומ־גיין קלייבן פאר זיינע ארימע און נויטבאדערפטיקע.

איינמאל, אין מיטן נאכט, בעת ער איז געגאנגען אין א דבר־מצוה, האט אים אנגעכאפט זיין מיחוש און ער איז אוועקגעפאלן. ארום איז חושך, קיין לעבעדיק נפש ניטא און ר׳ נחומ׳קע ליגט אויף דער ערד און קרעכצט. האט׳ס דערהערט א אידישער דראשקארזש, וואס איז גע־שטאנען פון ווייטן מיט דער דראשקע זיינער. איז ער אראפ פון דראשקע און געגאנגען נאכן קול. ער גייט צו — ר׳ נחומ׳קע ליגט כמעט א טויטער. הויבט ער אים אויף, טראגט אים צו צו דער דראשקע, זעצט אים אריין און פירט אים אהיים.

אויפן וועג איז ר׳ נחומ׳קן בעסער געווארן. הייסט ער דעם דראש־קארזש זיך אפשטעלן. ער וויל אראפגיין.

— וואו וועט איר גיין, רבי — לאזט אים יענער ניט — כ׳וועל אייך אוועקפירן אהיים.

— ניין — זאגט ר׳ נחומ׳קע — כ׳מוז גיין קלייבן פאר מיינע ארי־מעלייט.

— איר זייט׳ך אבער קראנק, רבי — זאגט יענער — און ס׳איז שוין נאך האלבע נאכט.

— זאג מיר — פרעגט אים ר׳ נחומ׳קע — וואלטסטו איצט, אין מיטן נאכט, געפארן אין וואלד, ווען דיר מאכט זיך צו פארדינען?

— וואס זאל איך טאן? — זאגט דער דראשקארזש — ס׳איז מיין פרנסה — כ׳האב א ווייב מיט פינף קינדער.

— היינט פארשטייסטו — זאגט ר׳ נחומ׳קע — דו האסט מפרנס צו זיין בלויז זעקס נפשות און איך האב מפרנס צו זיין הונדערטער נפשות...



434

ר׳ נחומ׳קע איז אמאל געקומען צו אן אדוואקאט, בעטן א נדבה פאר זיינע ארימעלייט. דער אדוואקאט איז געווען א פאר׳גוי׳שטער איד, ווייט פון אידן און אידישקייט און דערצו נאך א שלעכטער מענטש — אן אביר־לב. פאלט ער אן אויף ר׳ נחומ׳קן מיט זלזולים:

## די וועלט דערציילט

— וואס זיינט איר פאר א קלייבער? ווער האט אייך געמאכט פאר א כלל־פארזארגער? שלעפט זיך ארום אן אלט אידל איבערן שטאט און באראבעוועט דעם עולם. כ׳גיב ניט א גראשן. גייט פון דאנען!

זעט ר׳ נחומ׳קע, אז ער וועט קיין נדבה ניט קריגן, ענטפערט ער א ווארט ניט און גייט אוועק.

אין א צייט ארום האט דער אדוואקאט געהאט אויף זיך א גרויסן משפט. ער האט זיך געלאזט קאסטן א מטמון, אנגעווענדט גרויס שתדלנות — ס׳האט ניט געהאלפן. ער איז פאר׳משפט געווארן אויף צוויי יאר שווערע תפיסה.

אז ר׳ נחומ׳קע איז דערפון געוואויר געווארן, איז ער תיכף אוועק צום אדוואקאטס ווייב. געפונען האט ער זי, פארשטייט זיך, פאר׳צער׳ט און פאר׳חושכ׳ט. האט זי פאר אים אויסגעגאסן איר שוועד־ביטער הארץ. זי איז איצט געבליבן ווי אויפן וואסער. דער משפט האט זיי אפגעקאסט דעם גאנצן פארמעגן און איצט איז דער מאן אויף צוויי יאר ווי אפגע־שטארבן און זי איז א לעבעדיקע אלמנה און די קינדער — לעבעדיקע יתומים. ר׳ נחומ׳קע האט זי געטרייסט מיט גוטע רייד. שמועסנדיק פרעגט ער זי, וויפל זי דארף א וואך אויף חיונה. זאגט זי אים:

— פינף־און־צוואנציק רובל א וואך.

האט איר ר׳ נחומ׳קע געגעבן פינף־און־צוואנציק רובל, בתורת גמילות־חסד, און זי אנגעזאגט, אז זי זאל ניט מקמץ זיין, זי זאל אנהאלטן די דירה מיט די מעבל און לעבן אזוי ווי זי איז געווען געוואוינט פאר׳ן מאן.

פון דעמאלט אן פלעגט ר׳ נחומ׳קע אלע וואך אריינטראגן צום אד־וואקאט אין שטוב פינף־און־צוואנציק רובל. אוועקלייגן שטילערהייט און ארויסגיין. אזוי די גאנצע צוויי יאר כסדר.

נאך די צוויי יאר, אז דער אדוואקאט איז געקומען אהיים, האט ער זיך גע׳חידוש׳ט צו געפינען אין שטוב אלץ ווי פאר אים: די רחבות׳דיקע דירה, די שיינע מעבל און די בני־בית זעען אויס גאנץ גוט, הפנים ס׳האט זיי קיין זאך ניט געפעלט. רעדט ער זיך פאנאנדער מיטן ווייב: ווי זי האט געלעבט די גאנצע צוויי יאר? פונוואנען האט זי גענומען אויף חיונה? דערציילט זי אים, אז ס׳אלט אידל, וואס גייט ארום איבערן שטאט קלייבן, טראגט איר אלע וואך אין שטוב אריין פינף־און־צוואנציק רובל און אז וועט ניט ער, ווייסט זי ניט, וואס זי וואלט געטאן. ס׳וואלט איר אויסגעקומען צו שטארבן מיט די קינדער פון הונגער.

ווי דער אדוואקאט האט׳ס דערהערט, איז ער תיכף אוועקגעלאפן צו ר׳ נחומ׳קן. מיט טרערן אין די אויגן האט ער אים מחילה געבעטן, וואס ער האט אים אמאל מבייש געווען, אים היים באדאנקט פאר דאס, וואס ער האט געטאן מיט די בני־בית זיינע און אים צוגעזאגט, אז פון ס׳ערשטע

געלט וועט ער אים אוועקגעבן דעם חוב נאך מיט אן עודף פאר אריי־מעליים.

פון דעמאלט אן איז דער אדוואקאט געווארן אן אנדער מענטש. ער איז געווארן נענטער צו אידן און געהאט אן אפענע האנט.



435

ר׳ נחומ׳קע האראדנער האט זיך נוהג געווען, אז וואו מ׳האט אים מכבד געווען מיט סנדק, פלעגט ער זיך נאכפרעגן אויפן בעל־ברית, ווי ער האלט אין מצב. און אויב ער איז ניט געווען קיין בעל־יכולת, פלעגט ר׳ נחומ׳קע פראווען דעם ברית און באזארגן דער יולדת מיט אלע הצטרכות׳ן.

איינמאל האט׳ן אים מכבד געווען מיט סנדק ביי א אידן א קרעמער. איז ר׳ נחומ׳קע געוואויר געווארן, אז יענער איז זייער געדריקט אין מצב. הגם לפנים, פאר לייטן, האלט ער אן דעם שטאט פון א בכבוד׳יגן בעל־הבית. פארשטייט דאך ר׳ נחומ׳קע, אז קיין געלט וועט ער ניט נעמען. איז ער אריין צו אים און פרעגט אים:

— זאגט מיר, ווען פארט איר קיין ווארשע?

— וואס דארפט איר, רבי, אין ווארשע? — פרעגט אים דער קרעמער.

— איינער א איד — ענטפערט ר׳ נחומ׳קע — מיינער א באקאנטער, ליגט דארטן אין שפיטאל, וויל איך אים שיקן דרייסיק רובל, קען איך אבער מיט פאטשט ניט שיקן, מחמת כ׳וויים ניט גענוי דעם אדרעס זיינעם. על כן וויל איך אייך בעטן, אז בעת איר׳ט זיין אין ווארשע נאך סחורה אזוי גוט זיין און אים איבערגעבן ס׳געלט.

— כ׳וויים אבער ניט — זאגט דער קרעמער מיט א האלבן מויל — ווען כ׳וועל פארן קיין ווארשע.

— ס׳איילט ניט — זאגט ר׳ נחומ׳קע — איר נעמט ביי מיר ס׳געלט און ווען איר וועט זיין אין ווארשע וועט איר׳ס איבערגעבן.

דער קרעמער האט גענומען די דרייסיק רובל און געפראוועט דעם קינפעט מיטן ברית.

אז ר׳ נחומ׳קע איז געקומען אויפן ברית, זאגט אים דער קרעמער:

— רבי, איר האט מיר ניט געזאגט ווי דער חולה אין ווארשע הייסט.

— כ׳האב פארגעסן — מאכט ר׳ נחומ׳קע — כ׳וועל ביי מיר איינקוקן.

אזוי זיינען אוועק א פאר חדשים און ר׳ נחומ׳קע האט אלץ פאר־געסן איינקוקן דעם נאמען פון יענעם חולה.

ביני לביני איז דער קרעמער געווארן בעסער אין מעמד און האט אפגעגעבן ר׳ נחומ׳קן די דרייסיק רובל בתשואות־חן.

236

ר׳ נחומ׳קע הארענדער איז אמאל געגאנגען ביי נאכט נעמען ביי אן אורח א נדבה פאר זיינע ארימעלייט. ער קומט צו צו דער אכסניא — ס׳טויער איז שוין פארמאכט. קלאפט ער אן — מ׳עפנט ניט. ווערט ר׳ נחומ׳קן איינג: וואס טוט מען? דער אורח פארט מארגן גאנץ פרי אוועק. וויל ר׳ נחומ׳קע אריבערקלעטערן איבערן טויער — איז׳ס צו הויך פאר אים און ניט פאר זיינע כחות. לייגט ער זיך אוועק אויף דר׳ערד און הויבט אן קריכן אויף אלע פיר.

ווי ער האט אריינגעשטעקט דעם קאפ איז אין הויף געווארן א געוואלד:

— א גנב! א גנב!

איז דער גאנצער הויף זיך צענויפגעלאפן. מ׳גיט א קוק — ס׳איז ר׳ נחומ׳קע!

— רבי! — חידוש׳ן זיי זיך — וואס טוט איר דא?

— כ׳בין געקומען — זאגט ר׳ נחומ׳קע — נעמען א נדבה.

מ׳האט אים תיכף אריינגענומען אין דער אכסניא און דער אורח האט אים געגעבן א שיינע נדבה.



437

דער מלבי״ם איז אמאל געקומען אין א שטאט. איז ער געגאנגען אין בית־מדרש אריין דאוונען. זעט ער, ווי דער עולם קושט די ספר־תורה מיט דער האנט און אז ס׳קומט אן ארימאן בעטן א נדבה, גיט׳ן אים ניט. מ׳קומט אפ מיט נדרים וואס מ׳זאגט צו.

— א פארקערטע וועלט ביי אייך — זאגט זיי דער מלבי״ם — איר קושט די ספר־תורה מיט דער האנט און גיט צדקה מיטן מויל. ליבערשט קושט די ספר־תורה מיטן מויל און גיט צדקה מיט דער האנט...



438

צו ר׳ יצחק ווארקער איז אמאל געקומען א חסיד זיינער, וואס איז געווען א גרויסער עושר און א גרויסער קמצן. ער האט זיך אליין ס׳לעבן ניט פארגונען, געלעבט בצמצום, פלעגט אפקומען מיט שווארצן ברויט מיט הערינג. האט ר׳ יצחק זיך שטארק געבייזערט אויף אים.

— אז השי״ת — זאגט ער אים — האט דיך געהאלפן, דארפסטו לעבן בהרחבה, עסן אלע טאג א גוטן אנבייסן, מיט פיש און עוף און טרינקען א גלעזל וויין.

די חסידים ארום חידוש׳ן זיך: וואס ארט׳ס דעם רבי׳ן, אז יענער עסט ניט אזוי גוט?

— מיך ארט ניט — זאגט זיי ר׳ יצחק — פאר אים. מיך ארט פאר דעם ארימאן. אז ער וועט אליין עסן פיש און פלייש און טרינקען א

גלעזל ווייז, וועט ער כאטש געבן דעם ארימאן אויף ברויט מיט הערינג. אז ער אליין עסט ברויט מיט הערינג, וואס קען שוין דער ארימאן פון אים האבן?...



439

ר׳ שלום קאמינקער איז אמאל געקומען צו א גביר א קמצן בעטן א נדבה פאר אן עני בן־טובים. דער גביר, ווי זיין טבע איז געווען, האט ניט געוואלט געבן.

— כ׳האב — זאגט ער — גענוג ארימע קרובים.

— פארוואס־זשע — מאכט ר׳ שלום — דערעדסטו ניט?

— וואס מיינט איר, רבי? — פרעגט דער גביר.

— פשוט — ענטפערט ר׳ שלום — דערייד ביזן סוף און זאג: און אז איך גיב מיינע קרובים ניט, וועל איך געבן א פרעמדן ארימאן?...



440

ר׳ זונדל סאלאנטער איז אמאל געשטאנען ביים טויער פון זיין הויז, געהאלטן א האמער מיט טשוועקעס און געקלאפט. דער עולם אין גאס האט זיך גע׳חידושט.

— רבי — פרעגט מ׳ן אים — וואס טוט איר?

— דער שלאס פונם טירל — ענטפערט ר׳ זונדל — איז קאליע געווארן און מאכט זיך אליין צו, קענען די ארימעלייט פון דרויסן ניט עפענען...



441

ר׳ אייזל חריף איז אמאל געקומען צו א גביר, וואס האט געהאט א שם פאר א קמצן, בעטן א נדבה.

— ווייסט איר ניט, רבי — פרעגט אים דער גביר אן בושה — אז איך בין א בן־נח?

— יא — ענטפערט אים ר׳ אייזל — נח האט דאך אבער געהאט דריי בנים, פארוואס האט איר אויסגעקליבן צו זיין דווקא דער צווייטער?...



442

אין ווילנע איז געווען א איד — שמעון קאפטן האט׳ן אים גערופן. ער איז געווען א פשוט׳ער, ערלאכער איד און האט תמיד עוסק געווען אין צדקה, ארומגעגאנגען קלייבן איבערן שטאט און אויסגעהאלטן אלע קלויזניקעס און ארים־בחורים. גאנץ ווילנע האט געקענט שמעון קאפטן און וואו ער איז געקומען איז ער מיט ליידיקן ניט אוועק.

איינמאל איז ער אריין צו א גביר בעטן א נדבה פאר זיינע קלויז־ניקעס. גראד איז דארט געזעסן איינער, א וואוילער יונג, האט זיך אים פארוואלט אביסל חוזק מאכן פון דעם פשוט׳ן, ערלאכן אידן.

— ר׳ שמעון — רופט ער זיך אָפּ — כ׳גיב אייך הונדערט רובל אַ נדבה, בתנאי איר זאָלט מיר פאַרקויפן אייער חלק לעולם הבא.

שמעון בלייבט שטיין אַ ווײַלע, טוט אַ קלער און ענטפערט:

— יאָ, כ׳פאַרקויף אייך.

— אָבער — דינגט זיך יענער — איר זאָלט מיר אונטערשרייבן.

— יאָ — זאָגט שמעון — כ׳וועל אייך געבן כתוב וחתום.

דער עולם איז געוואָרן טשיקאַווע. מ׳האָט געבראַכט טינט־און־פּען, מ׳האָט אָנגעשריבן אַ שטר־מכירה מיט אַלע פּרטים. שמעון האָט אונטערגעשריבן, עדות האָבן גע׳חתמ׳עט און יענער האָט אויסגעצאָלט די הונדערט רובל במזומן.

אַז די זאַך איז געוואָויר געוואָרן אין שטאָט, האָט גאַנץ ווילנע געקאַכט. אַ ייד זאָל פאַרקויפן זיין עולם הבא — דאָס פאַרלויפט זיך ניט אין דער האַלבער וועלט. איז׳ן דאַך פון אַלע זייטן צוגעשטאַנען צו שמעונ׳ען:

— סטייטש, ר׳ שמעון, איר זאָלט טאָן אַזאַ זאַך? פאַרקויפן עולם הבא?

— וואָס־זשע איז? — ענטפערט שמעון בתמימות — קען איך ניט קלייבן פאַר מיינע קלויזניקעס אַן עולם הבא?

✻

443

צו ר׳ יאָשע־בער׳ן, בעת ער איז געווען רב אין סלוצק, איז אַמאָל פאַר פּסח געקומען אַ ייד אַ בעל־עגלה און געוויינט מיט ביטערע טרערן:

— באַשערט אַן אומגליק, רבי. אַ גאַנצן ווינטער אָפּגעזעסן ליידיק, ניט פאַרדינט אַ גראָשן. איצטער, פאַר פּסח, אַז ס׳מאַכט זיך עפּעס צו פירן און מ׳קען פאַרדינען אויף יום־טוב, איז ס׳פערד אָוועקגעפאַלן.

— גיי אַריין צו מיר אין שטאַל — זאָגט אים ר׳ יאָשע־בער — נעם מיין בהמה, פיר אַרויס אויפן מאַרק און בייט אויף אַ פערד.

דעם בעל־עגלה איז ליכטיק געוואָרן אין די אויגן. ער האָט זיך ניט געלאָזן לאַנג בעטן, איז געגאַנגען אין שטאַל, גענומען דעם רב׳ס בהמה און אַוועק מיט איר.

אין אַ ווײַלע אַרום, די רבי׳צן גייט אַריין אין שטאַל, זען צו דער בהמה — ניטאָ די בהמה. לויפט זי אַריין אין שטוב מיט אַ געוואַלד:

— יאָשע־בער, מ׳האָט אַוועקגע׳גנב׳עט אונזער בהמה!

— מ׳האָט זי ניט גע׳גנב׳עט — ענטפערט ר׳ יאָשע־בער בנעימות — זי איז דאָ.

— וואו איז זי? — פרעגט זי.

— אויב דער איד האָט זי נאָך ניט אויסגעביטן, איז זי ביים אידן — ענטפערט ער איר קאַלט.

קוקט זי דאָך אים אָן:

— וואָסער איד? וואָס געביטן?

דערציילט איר שוין ר׳ יאָשע־בער די גאַנצע מעשה, אַז ער האָט אַוועקגעגעבן די בהמה אַן אָרימען אידן, ער זאָל פאַרדינען זיין ברויט.

ווערט זי דאָך אין כעס און הויבט אָן שרייען:

— — סטייטש, איין שטיקל בהמה, וואו וועט׳ן איצט נעמען אַ קאָפּ מילך?

— זע — ענטפערט איר ר׳ יאָשע־בער — דו האָסט ברויט, ווילסטו נאָך האָבן מילך אויך, און דער אָרימער איד, נעבאָך, זאָל קיין ברויט אויך ניט האָבן? זאָג אַליין, איז׳ס אַ יושר?...

444

אין בריסק, ווי אין כמה אידישע שטעט, איז געווען אַ חברה „תומכי תורה“, מחזיק זיין נויטבאַדערפטיקע תלמידי חכמים, בני־טובים.

האָט זיך ר׳ חיים דערוואוסט, אַז „תומכי תורה“ האָט ליגן געלט, וואָס איז ניט פאַרטאָן געוואָרן. שיקט ער רופן דעם גבאי און רעדט אים אויס מיטן האַרבן וואָרט.

— אין „תומכי תורה“ — זאָגט ר׳ חיים — טאָר קיין געלט ניט ליגן...

445

ר׳ אליה־חיים לאָדזשער איז אַמאָל געקומען צו אַ גביר אַ קמצן בעטן אַ נדבה פאַר אַ נויטיקע צדקה. ס׳איז געווען האַרבסט־צייט, נאַס און בלאָטיק. האָט ר׳ אליה־חיים געטראָגן קאַלאָשן.

דער גביר, ווי זיין טבע, האָט זיך ניט געקאָפּט געבן און איז אַריין מיט ר׳ אליה־חיים׳ען אין אַ שמועס מכח זייטיקע זאַכן.

שמועסנדיק גיט דער גביר אַ קוק אויף ר׳ אליה־חיים׳ס קאַלאָשן.

— איר ווייסט, רבי — מאַכט ער צו אים — אַמאָליקע רבנים האָבן פון קיין קאַלאָשן ניט געוואוסט...

— פאַרשטייט איר מיך — שמייכלט ר׳ אליה־חיים — אַמאָליקע רבנים זיינען אין אַזעלכע בלאָטעס ניט געקראָכן...

446

ר׳ חיים ווילער, פאַנעדעלער רב, איז געווען אַ גרויסער בעל־צדקה. איינמאָל איז געווען אַ שווערער יקרות, מענטשן האָבן ממש געהונגערט. האָט ר׳ חיים פאַרקויפט אַלץ פון שטוב, חפצים, ספרים, און אויסגעהאַלטן כמה משפחות. דער רבי׳צן איז געווען אַ שאָד די שבת׳דיקע לייכטער, האָט זי זיי פאַרבאַהאַלטן, דער רב זאָל זיי ניט פאַרקויפן.

אז דער יקרות איז אריבער, האט די רבי׳צן ערב־שבת ארויסגענומען די לייכטער און אוועקגעשטעלט אויפן טיש. ווי ר׳ חיים האט דערזען די לייכטער, האט ער אוועקגע׳חלש׳ט.

אז מ׳האט אים דערמינטערט, האט ער א קרעכץ געגעבן:

— וויפל נפשות האט׳ן מיט די לייכטער געקענט מציל זיין...



447

אין פאנעדעל איז געווען א בחור א תם, פלעגט ער ארומגיין בארוועס, ווי א משוגע׳נער. האט ר׳ חיים אים געקויפט א פאר שיך.

א פאר טעג שפעטער זעט ער דער בחור גייט ווייטער בארוועס.

— וואו זיינען די שיך? — פרעגט ער אים.

— קען ניט אנטאן — זאגט דער בחור תמ׳וואטע.

איז ר׳ חיים מיט אים אוועק און אים אנגעטאן די שיך.

אלע אינדערפרי פלעגט ר׳ חיים גיין אים אנטאן די שיך און ביינאכט אים אויסטאן.



448

באראן שמעון־נתנאל ראטשילד איז געווען א גרויסער בעל־צדקה און א ירא־שמים.

איינמאל האט אים אנגעטראפן אין גאס אן ארימאן, אן עני בן־טובים, און אים געבעטן א נדבה אויף הכנסת־כלה. דער באראן האט בעת מעשה קיין געלט ניט געהאט, האט ער אראפגענומען פון זיך די גאלדענע קייט און געגעבן דעם אידן:

— נא, פארקויפ׳ס וועסטו האבן אויף חתונה הוצאות.

וויל יענער ניט נעמען און הויבט אן:

— ארוני הבאראן, סהייסט? כ׳וועל קומען צו אייך, וועט איר מיר געבן.

— ניין, ניין — האלט זיך דער באראן ביי זיינס — נעמט די קייט. אצינד האב איך דעם רצון אייך געבן א שיינע נדבה און ס׳קען זיין, אז שפעטער, בעת איר׳ט קומען צו מיר, וועל כ׳שוין דעם רצון ניט האבן...

## אן אורח צום טיש

449

בעת ר׳ לוי־יצחק בארדיטשעווער איז נאך געווען א יונגערמאן און געגעסן קעסט ביי זיין שווער ר׳ ישראל פרץ אין לעווערטאוו, איז ער געווען א גרויסער מכנים־אורח. אז ס׳פלעגן קומען אורחים, פלעגט ער

אַליין אָוועקלויפן אין מאַרק, קויפן בינטלאַך שטרוי, ברענגען צוטראָגן אויף דער פּלייצע און אַליין אויסבעטן געלעגערס פאַר די אורחים.

— לוי־יצחק לעב — זאָגט אים אַמאָל דער שווער זיינער — אַז דו באַצאָלסט שוין דעם ערל פאַרן שטרוי, קענסטו דאָך אים געבן נאָך אַ פּאָר גראָשן ער זאָל ברענגען צוטראָגן.

— וואָס רעדט איר, שווער לעב — ענטפערט ר׳ לוי־יצחק — אַזאַ גרויסע מצוה זאָל איך אָוועקגעבן אַן ערל און אים נאָך צוצאָלן?...



*450*

ר׳ הערש וואַידיסלאַווער, ר׳ שמחה בונמ׳ס פאָטער, איז געווען אַ גרויסער מכניס אורח. זיין שטוב איז געווען אָפן פאַר אַלעמען. איז געקומען אַן אורח, האָט ער אים מאכיל ומשקה געווען, געגעבן נאַכט־לעגער און אַלץ בדרך כבוד און מיט גרויס שמחה.

איינמאָל, אין אַ ווינטערדיקער נאַכט, זיינען געקומען צו אים אַ חברה אורחים. ר׳ הערש, ווי זיין דרך, האָט זיי מקבל געווען מיט שמחה, געהייסן תיכף גרייטן דעם טיש און געשטעלט פאַר די אורחים פון שענסטן און בעסטן, וואָס ער האָט געהאַט. די אורחים האָבן גע־געסן, געטרונקען און זיך מחיה געווען.

ר׳ הערש האָט געזען, אַז זיי זיינען מאַט פון וועג, ווילן זיך אויס־רוען, דאַרפ׳ן פאַר זיי מאַכן געלעגערס. רופט ער צו דעם זון זיינעם און זאָגט אים:

— שמחה בונם לעב, זיי עפּעס מחדש אין הכנסת אורחים.

שמחה בונם גייט אַוועק, זאַמט זיך אַ היפּשע ווײַלע און קומט צוריק.

— האָסט עפּעס — פרעגט אים דער טאַטע — מחדש געווען?

— יאָ — ענטפערט ער.

מיינען די אורחים, אודאי וועט ער באַלד זאָגן אַ שטיקל תורה, זיינס אַ חידוש.

נאָכן עסן זאָגט ר׳ הערש צו די אורחים:

— לאָמיר גיין זען וואָס דער זון מיינער האָט מחדש געווען.

און ער פירט זיי אַריין אין אַ גרויסן חדר, וואו ס׳זיינען געבעט געלעגערס פאַר אַלע אורחים...



*451*

ר׳ ישעיה זשוכאָוויצער איז געווען אַ צדיק תמים און אַ גרויסער מכניס אורח.

איינמאָל האָט אַן אורח ביי אים נעהאַלטן שבת. אַוועקפאָרנדיק האָט ער פאַרגעסן זיין שבת׳דיקן קאַפּעלוש. ר׳ ישעיה וואַרט דער אורח זאָל

קומען אָפּנעמען זיין קאַפּעלוש. ער קומט אָבער ניט. האָט זיך ר׳ ישעיה אָנגעהויבן נאָכפרעגן אויפן אורח, אפשר ווייסט עמיצער ווער ער איז, וואו ער וואוינט. ער האָט אָבער נישט געקענט דערגיין.

איז געגאַנגען ר׳ ישעיה, פאַרקויפט דעם קאַפּעלוש פאַר צען גילדן און פאַרן געלט געדונגען אַ שטיקל ערד. ס׳שטיקל ערד האָט ער געלאָזט אָקערן, זייען און שניידן און די תבואה פאַרקויפט אויפן מאַרק. אַזוי האָט ער געטאָן יאָר־איין יאָר־אויס און ס׳געלט געקליבן.

מיט יאָרן שפּעטער איז דער אורח ווידער אַמאָל פאַרפאָרן צו ר׳ ישעיה׳ן אין קרעטשים. ר׳ ישעיה האָט אים תיכף דערקענט.

— האָט איר — פרעגט ער אים — אַמאָל עפּעס פאַרגעסן ביי מיר?

— יאָ — ענטפערט דער אורח — אַ קאַפּעלוש, אָבער ס׳איז שוין יאָרן אין דעם.

— וויפל, אַ שטייגער — פרעגט ר׳ ישעיה — איז ווערט געווען דער קאַפּעלוש?

— אַ צען גילדן, מסתמא — ענטפערט דער אורח.

גייט צו ר׳ ישעיה צום קאַסטן, נעמט אַרויס צוויי־הונדערט רובל און גיט דעם אורח:

— דאָס האָב איך פון אייער קאַפּעלוש. נעמט׳ס, ס׳אייערס.



452 ר׳ אליה־חיים לאַדזשער איז געווען אַ גרויסער מכניס־אורח. איז געקומען צו אים אַ תלמיד־חכם האָט ער אים ניט אָפּגעלאָזן פון הויז, ער האָט געמוזט ביי אים עסן און שלאָפן.

ער פלעגט אַליין משמש זיין זיינע אורחים, זיך ניט פאַרלאָזן אויף קיינעם. אַליין אויסבעטן דעם אורח זיין געלעגער, אַכטונג געבן ס׳זאָל אים זיין ווייך און וואַרים צו שלאָפן. און טאָמער האָט דער אורח זיך ניט געלאָזט משמש זיין, איז ער אויף אַן אמת אין כעס געוואָרן:

— סטייטש, אַזאַ מצוה, ווי הכנסת אורחים.

אין מיטן נאַכט, איידער ער איז געגאַנגען שלאָפן, פלעגט ער אַריינגיין שטילערהייט צום אורח, זען צי ער ליגט גוט, צי ער איז גוט צוגעדעקט, צי די קישן איז אויף אַן אָרט.

איינמאָל האָט ער געהאַט אַן אורח אַ גרויסן תלמיד חכם און אַ גרויסער אָרימאַן. האָט ר׳ אליה־חיים אַכטונג געגעבן, אַז די שטיוול ביים אורח זיינען צעריסן. ביינאַכט, אַז דער אורח איז געשלאָפן, איז ר׳ אליה־חיים אַריין צו אים שטילערהייט, צוגענומען די צעריסענע שטיוול, אַוועקגעשטעלט לעבן בעט זיינע אייגענע גאַנצע שטיוול, און איז שטילערהייט אַרויס.

453
ר׳ חיים אויערבאַך, לענשיצער רב, איז געווען אַ גרויסער מכניס־אורח. איז געקומען צו אים אַן אורח, האָט ער אים ניט אָפּגעלאָזן, מאכיל ומשקה געווען פון שענסטן און בעסטן און אים אַליין משמש געווען.

איינמאָל האָט ער געהאַט אַן אורח הגון, אַ גרויסן תלמיד־חכם, האָט ר׳ חיים זיך זייער שטאַרק מתעסק געווען. ביינאַכט האָט ער אַליין געבעט פאַרן אורח אַ געלעגער, אַכטונג געגעבן ס׳זאָל אים זיין ווייך און וואַרים.

דעם אורח איז׳ס געווען איבער דער טבע. מאַכט ער צו ר׳ חיימ׳ען:

— צו וואָס, רבי, זאָלט איר זיך אַזויפיל מטריח זיין און נאָך אַליין בעטן פאַר מיר?

— כ׳בעט ניט פאַר אייך — שמייכלט ר׳ חיים — כ׳בעט פאַר מיר...



454
אין לענשיץ, וואו ר׳ חיים אויערבאַך איז געווען רב, זיינען אַמאָל ערב שבת נאָך אַ האַלבן טאָג געקומען פרעמדע אָרימעלייט. און מחמת מ׳האָט זיך אויף זיי ניט געריכט, האָט איטלאַך בעל־הבית זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען אַן אורח אויף שבת.

זיינען די אָרימעלייט אַריין צו ר׳ חיימ׳ען און זיך געקלאָגט:

— רבי, קיינער נעמט אונז ניט אויף שבת.

האָט זיך ר׳ חיים אויפגעהויבן, אָנגעטאָן די שבת׳דיקע זשופּיצע מיטן שטריימל און געזאָגט צו די אורחים:

— קומט, לאָמיר גיין קיין אַזערקאָוו, אַ דערבייאיק שטעטל, און דאָרטן האַלטן שבת.

אַז דער עולם אין מאַרק האָט געזען דעם רב גיין מיט די אָרימעלייט, איז געוואָרן אַ רעש אין שטעטל פון אַלע זייטן:

— רבי, וואוהין גייט איר?

— כ׳גיי קיין אַזערקאָוו — ענטפערט ר׳ חיים — אין אַ שטעטל, וואו מ׳וויל קיין אורח ניט נעמען, וויל איך קיין רב ניט זיין...

דער עולם האָט זיך פאַרשעמט און די אורחים זיינען תיכף צע־כאַפּט געוואָרן.



455
ר׳ איסר־זלמן מעלצער, דער סלוצקער רב, איז געווען אַ גרויסער מכניס אורח. זיין שטוב איז געווען אָפן פאַר אַלעמען. איז געקומען אין סלוצק אַז אורח: אַ רב, אַ מגיד, אַ משולח, האָט ער געמוזט ביי אים איינשטיין.

בעת די באָלשעוויקעס האָבן איבערגענומען די ממשלה, האָבן זיי פאַרמאַכט די סלוצקער ישיבה. ר׳ איסר־זלמן האָט אָבער ניט געהערט און מרביץ תורה געווען בשתיקה. האָט מען אים גע׳מוסר׳ט.

איינמאָל, אַן ערב שבת, זיינען געקומען צוויי רויטע סאָלדאַטן און גענומען תפוס ר׳ איסר־זלמנ׳ען.

ווי זיי פירן אים איבערן מאַרק, זעט ער פון וויטן דעם נעסוויזשער מגיד. בעט ער די סאָלדאַטן זיך אָפּשטעלן אַ ווײַלע און צורופן יענעם אַלטן אידן, ער וויל אים עפּעס זאָגן. די סאָלדאַטן האָבן זיין בקשה ממלא געווען.

אַז דער נעסוויזשער מגיד איז צוגעקומען, זאָגט אים ר׳ איסר־זלמן:

— ר׳ אברהם־יצחק, כ׳בעט אייך, טוט מיר אַ טובה, און האַלט ביי מיר שבת...

## ענייוות און סבלנות

456

ר׳ רפאל בערשאַדער איז געווען אַ גרויסער עניו, האָט פון זיך ניט געהאַלטן, ניט געהאַט אפילו דעם שמינית־שבשמינית פון אַ תלמיד־חכם.

ער פלעגט זאָגן:

— אַ דאַנק און אַ לויב השם־יתברך, וואָס גיאות איז אַן עבירה. ווען גיאות וואָלט, חלילה, געווען אַ מצוה, ווי וואָלט איך געקענט מקיים זיין דעם רצון הבורא? ווי קען איך האָבן אַ ברעקל גאוה, אַז איך בין עפר ואפר?...



457

צו ר׳ עקיבא אייגער איז אַמאָל געקומען אַ מחבר, ר׳ וואָלף האָראָדנער, ער זאָל אים געבן אַ הסכמה אויף זיין חיבור. האָט ר׳ עקיבא אייגער אים אָנגעשריבן אַ הסכמה. אַז ער איז פאַרטיק געוואָרן מיטן שרייבן, האָט ער זיך אָנגעבויגן צו דר׳ערד און גענומען אַביסל זאַמד צו באַשיטן דעם כתב אויף אָפּצוטריקענען.

— מילא — זאָגט אים דער מחבר — וואָס איר האָט מיך ניט געוואָלט מטריח זיין, חידוש׳ט מיך שוין ניט אַזוי. איר האָט דאָך אָבער, רבי, אַ שמש, פאַרוואָס האָט איר אים ניט געהייסן?

— אויף אַזאַ׳ן עבודת פּרך — ענטפערט אים ר׳ עקיבא איינער — איר זאָלט מיך האַלטן פאַר אַ גדול בישראל און בעטן פון מיר אַ הסכמה — אויף דעם האָב איך קיין שמש ניט גענומען.

458

ר׳ יצחק ווארקער איז אמאל אין דער יוגנט געפארן מיט א בעל־עגלה צוזאמען מיט א חבר. אויפן וועג האבן זיי געהאט אויסצושטיין א שיין ביסל פון בעל־עגלה, ווי אמאליקע יארן. דא האט ער זיי געהייסן אראפקריכן פון וואגן און גיין צופוס, דא איז ער אינגאנצן געבליבן שטיין. האבן זיי זיך געשטעלט דאוונען — האט ער ניט געוואלטווארטן. דער חבר ר׳ יצחק׳ס האט זיך געהאלטן אין איין קריגן מיטן בעל־עגלה. ר׳ יצחק האט געשוויגן און א ווארט ניט גערעדט. איז׳ס דעם חבר זיינעם געווען א גרויסער חידוש.

— ווי — פרעגט אים דער חבר — ביזטו דאס אזא סבלן?

— פארשטייסטו מיך — ענטפערט אים ר׳ יצחק — דו ביזט, משמעות, נאך קיינמאל ניט געפארן מיט קיין בעל־עגלה, האסטו זיך ניט געריכט אויף די אלע ענויים, איז׳ס דיר שווער צו ליידן. איך פאר שוין ניט ס׳ערשטע מאל, כ׳קען שוין די בעלי־עגלות, ווי זיי באגייען זיך מיט די פארשווינען זייערע. איז איידער איך פאר ארויס, ריכט איך מיר צו האבן נאך גרעסערע ענויים. איז וואס דער בעל־עגלה טוט מיט מיר, קומט נאך אים ארויס...



459

צום ווארשעווער רב, ר׳ זלמן פויזנער, דעם „חמדת שלמה“, איז אמאל געקומען א איד, א בעל־הבית, און האט זיך געקלאגט פאר אים, אז ער איז זייער געדריקט אין מצב און היות ער האט א רייכן קרוב אין קוטנע, לכן זאל דער רב אים געבן א בריוו צום קרוב, אז יענער זאל מיט אים מיטיב זיין.

ר׳ זלמן האט אים געגעבן א בריוו און דער איד איז אוועקגעפארן קיין קוטנע. דער קוטנער גביר, אז ער האט דערזען א בריף פונם ווארשעווער רב, איז׳ס ביי אים געווען א גרויס חשיבות און ער האט דעם קרוב זיינעם זייער שטארק מקרב געווען. אז ער האט אבער איבערגעלייענט דעם בריוו, איז ער נבהל ומשתומם געווארן. ר׳ זלמן האט געשריבן אויף זיין קרוב, דעם פשוט׳ן אידן, אזעלכע שבחים און טיטולן, ווי אויף א גדול הדור. איז ער אריין צום קוטנער רב, ר׳ משה־אהרן, און אים געוויזן דעם בריוו. דעם קוטנער רב איז׳ס אויך געווען א גרויסער חידוש.

— ווייסט איר וואס — זאגט ער צום גביר — אז איר וועט זיין אין ווארשע, גייט אריין צו ר׳ זלמנ׳ען און שמועסט זיך דורך מיט אים.

דער גביר איז געקומען קיין ווארשע, איז ער אריין צום רב, צו ר׳ זלמנ׳ען, אים דערציילט, אז ער איז׳ס דער קוטנער קרוב פון יענעם יורד, וועמען דער רב האט געגעבן א בריוו און אז ער האט געטאן דעם

רבים רצון און מיטיב געווען מיטן אָרימען קרוב זיינעם. שמועסנדיק איז ער אַרויפגעקומען אויפן בריוו און זאָגט צום רב:

— האָט קיין פאַריבל ניט, רבי, וואָס כ׳וועל אייך פרעגן: ווי קומט׳ס איר זאָלט אים געבן אַזאַ בריוו?

— דהיינו? — פרעגט ר׳ זלמן.

— ס׳הייסט? — זאָגט דער גביר — איר האָט געשריבן אויף אים: הרב הגאון הצדיק און נאָך אַזעלכע שבחים.

— אויף מיר — ענטפערט ר׳ זלמן אין פשטות — שרייבט׳ן אויך אַזוי. — און הויבט זיך אויף, גייט צו צום קאַמאָד, נעמט אַרויס עטלאַכע בריוו און ווייזט דעם גביר — נאָט, זעט.

דער גביר איז נתפעל געוואָרן: אַזאַ עניוות, אַזאַ תמימות.

קומענדיק אַהיים, קיין קוטנע, איז ער אַריין צום רב, ר׳ משה־אַהרנ׳ען, און אים דערציילט די מעשה. האָט ר׳ משה־אַהרן ניט געוואָלט גלויבן: עפּעס שיקט זיך ניט אַ מענטש זאָל אַזוי ניט האַלטן פון זיך.

— כ׳וועל אַליין — זאָגט ער — צופאָרן קיין וואַרשע און זען, צי ר׳ זלמן איז טאַקע אַזאַ תמים און אַזאַ עניו.

אַז ר׳ משה־אַהרן איז אַריין צו ר׳ זלמנ׳ען, האָט אים ר׳ זלמן מקבל געווען בסבר פּנים יפות און געהייסן דערלאַנגען כיבוד. וויל ר׳ משה אַהרן ניט טועם זיין און זאָגט צו ר׳ זלמנ׳ען אויף קאַטאַוועס:

— וואָס טויגן מיר די נאַרישקייטן. זייט מיר ליבערשט מכבד מיט אַ גוטן פּלפּול.

פּאָלגט ר׳ זלמן דעם אורח און זאָגט אַ שאַרף שטיקל תורה.

אַז ער איז פאַרטיק געוואָרן, זאָגט אים ר׳ משה־אַהרן:

— איר פירט זיך, הפּנים, מעשה סוחר. איר ווייזט קודם די ערגערע סחורה. אַצינד זאָגט עפּעס אַ גוט שטיקל תורה.

זאָגט ר׳ זלמן נאָך אַ שטאַרקערן חידוש.

דער קוטנער רב הערט אויס און זאָגט:

— דאָס הייסט שוין ביי אייך גוט? ס׳איז נאָך ערגער ווי ס׳ערשטע. זאָגט עפּעס אַ רעכט שטיקל תורה.

— גלויבט מיר — זאָגט אים ר׳ זלמן מיט גרויס הכנעה — אַז בעסער קען איך ניט...

דער קוטנער רב איז אַרויס פון די כלים. ער האָט ר׳ זלמנ׳ען מחילה געבעטן און אים אויסגעזאָגט, אַז דאָס האָט ער בלויז געשפּאַסט, כדי אים צו שטעלן פאַר אַ נסיון.

460
ר׳ זונדל סאַלאַנטער איז אַמאָל אַרוים אויפֿן פערדמאַרק. און היות ער איז געגאַנגען אַנגעטאָן זייער פּראָסט, ווי אַ מאַרק מענטש, האָבן אים די פערד־סוחרים אַנגענומען פאַר אַ זייעריקן, אויך אַ פערד־סוחר.

ווי ער איז אַזוי געשטאַנען, איז צוגעקומען צו אים איינער מיט אַ פערד און געפרעגט זיין מבינות. ר׳ זונדל האָט, מעשה מבין, אַ קוק געטאָן דעם פערד אין די ציין, אים באַטאַפּט פון קאָפּ ביז די פיס און אים אָפּגעשאַצט אין פינף־און־דרייסיק רובל...



461
בעת ר׳ ישראל סאַלאַנטער איז געלעגן קראַנק אין קיניגסבערג, פלעגן די נכבדים פון שטאָט אים קומען געוואויר ווערן, אים באַזאָרגן מיט אַלע הצטרכות׳ן און ניט אָפּטרעטן פון בעט.

איינמאָל, אַז ר׳ ישראל איז שוין געווען שלאָף, האָבן זיי אַכטונג געגעבן, אַז דער וואַנטזייגער קלאַפּט צו שטאַרק פאַרן חולה. האָבן זיי איבערגערעדט צווישן זיך, אַז מ׳דאַרף איבערטראָגן דעם זייגער אין אַן אַנדער חדר.

אַז ר׳ ישראל האָט׳ס דערהערט, האָט ער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— אַי אידן, אַז אַלטער אָרימאַן ליגט קראַנק, זיינט איר מרעיש עולם. אפשר וועט איר נאָך הייסן אויסשפּרייטן די גאַס מיט שטרוי?...



462
צו ר׳ יאָשע־בער׳ן איז אַמאָל געקומען אַ מגושמ׳דיקער איד, אַן עם־הארץ, מיט אַ אינגעלע און געזאָגט:

— רבי, מיין קדיש לערנט שוין חומש. כ׳וויל איר זאָלט אים פאַר־הערן.

דער עולם אַרום האָט געקוועטשט מיט די פּלייצעס אויף דער העזה פונם פּראָסטן אידן. ניט געפונען וועד ס׳זאָל פאַרהערן זיין חומש־אינגל, נאָר דער גדול הדור. ר׳ יאָשע־בער איז דאָך אָבער געווען בטבע אַ גוטער, האָט ער עפּעס געפרעגט דעם אינגל און געזאָגט צום אידן:

— הלואי זאָל׳ן זאָגן אויף מיינע קינדער, וואָס מ׳קען זאָגן אויף אייער קינד.

דער איד איז אַוועק אַ געפּרעגלטער אין נחת.

אַז ער איז אַרויסגעגאַנגען, פרעגט איינער פון עולם ר׳ יאָשע־בער׳ן:

— רבי, וואָס האָט איר אַזוינס געזען אויפֿן אינגל, אַז איר האָט זיך געוואונטשן, מ׳זאָל׳ס זאָגן אויף אייערע קינדער?

— פּשוט — ענטפערט ר׳ יאָשע־בער — הלואי זאָל׳ן זאָגן אויף מיינע קינדער, אַז זיי קענען מער פאַרן טאַטן...

463

ר׳ שמואל סאַלאַנט, ירושלים׳ער רב, איז געווען מפורסם פאַר א חכם, א פקח אין מילי דעלמא.

איינמאָל האָט ער געהאַט עפּעס אַן ענין מיט אַ גבר אַלים. איז יענער אַרויס פון דער העזה און זאָגט צו ר׳ שמואל׳ן:

— רבי, כ׳וועל אייך די שויבן אויסהאַקן!

— און דו — מאַכט ר׳ שמואל אַן ערנסט פּנים — מיינסט איך וועל שווייגן?

— וואָס, אַ שטיינער — כאַפּט זיך יענער — וועט איר טאָן?

— ס׳הייסט וואָס? — שמייכלט ר׳ שמואל — כ׳וועל שיקן רופן אַ גלע־זער, ער זאָל אַריינשטעלן...

❦

464

ר׳ חיים־יעקב ווידרעוויץ, מאָסקווער רב, איז בטבע געווען אַ שטאַמ־לער.

איינמאָל האָט ער געהאַט עפּעס אַן ענין מיט אַ שווערן בעל־דבר. איז יענער אַרויס פון דער העזה און אָנגעהויבן זידלען ר׳ חיים־יעקב׳ן מיט כל׳ערליי זלזולים:

— איר זיינט אַ שקרן, אַ רמאי, אַן עזות־פּנים וכדומה.

— אָר־אָר־ן ד־דו — שטאַמלט אַרויס ר׳ חיים־יעקב — בי־בי־זט אַ ש־ש־שטאַ־אַמלער.

— א י ך בין אַ שטאַמלער — צעלאַכט זיך יענער.

— פאַרשטייסטו מיך — מאַכט ר׳ חיים יעקב — אַז דו זאָגסט אויף מיר וואָס ד ו ביזט, זאָג איך אויף דיר וואָס א י ך בין...

❦

465

בעת ר׳ חיים בריסקער איז געווען אויף דער אסיפת־הרבנים אין פּעטערבורג, האָבן די קאָרעספּאָנדענטן פון די אידישע צייטונגען זייער פיל געשריבן וועגן אים. כדרך הטבע האָבן זיי דערציילט אַ סך גוזמות, וואָס זיינען געווען ניט־געשטויגן ניט־געפלויגן. מער פון אַלע האָט זיך געפליסט דער קאָרעספּאָנדענט פון „היינט" צו באַשרייבן ר׳ חיים׳ען און איבערגעבן אין זיין נאָמען זאַכן, וואָס ער האָט קיינמאָל ניט געזאָגט. ר׳ חיים׳ען איז דאָס זייער ניט ניחא געווען.

איינמאָל איז דער קאָרעספּאָנדענט פון „היינט" געקומען צו ר׳ חיים׳ען האָבן מיט אים אַ שמועס.

— כ׳האָב נאָך — שמייכלט ר׳ חיים — דעם „היינט" ניט געלייענט, ווייס איך ניט וואָס צו זאָגן וועגן מיר...

466

ר׳ חיים בריסקער איז אמאל, ערב שבת, געווען אין מרחץ. זיצן ארום אים א פאר אידן און מ׳שמועסט.

— א קארגער מענטש דער בעדער — רופט זיך אפ איינער — ניט צעלעכערטע שעפעלאך.

— אדרבה — שמייכלט ר׳ חיים — א צעלעכערט שעפעלע האט גאלע מעלות: ס׳גייט אריין מער, ס׳אי ניט שווער צו טראגן און מ׳דארף ניט איבערקערן ביים אויסגיסן...

## פון גרויס תמימות

467

ר׳ זלמ׳עלע, ר׳ חיים וואלאזשינערס ברודער, איז געווען א גאון עולם און א צדיק תמים.

איינמאל, ערב שבת אין מרחץ, האט׳ן ביי אים ס׳העמד אוועקגע־גנב׳עט. ר׳ זלמ׳עלע האט א ווארט ניט גערעדט און איז אוועק אהיים.

— וואו — פרעגט אים ס׳ווייב — איז ס׳העמד?

— איינער — ענטפערט ר׳ זלמ׳עלע — האט זיך מיט מיר פארביטן...

— טא — פרעגט אים ס׳ווייב — וואו איז יענעמס?

— יענער — מאכט ר׳ זלמ׳עלע בתמימות — האט משמעות פארגעסן זיינס איבערצולאזן...



468

ר׳ אברהם אבוש, פראנקפורטער רב, איז געווען א גאון, א צדיק און א גרויסער תמים אין הויות העולם.

אז ער איז אנגעקומען פון פוילן אויף פראנקפורטער רבנות זיינען די גרעסטע נכבדים פון שטאט געקומען אים מקבל־פנים זיין און אים צוגעטיילט גרויס כבוד.

געווען איז׳ס ווינטער־צייט. ארום אדר, האט איינער, אן עושר, אים געבראכט א מתנה שפעקטאווע פלוימען, וואס וואקסן ווינטער אין גלע־זערנע שפעקטן און קאסטן זייער טייער.

— איר ווייסט, רבי — זאגט דער עושר צום רב — די פלוימען זיינען זייער טייער. ס׳קאסט א רענדל א פלוים.

— אזוי — חידוש׳ט זיך ר׳ אברהם־אבוש — און ביי אונז אין פוילן קריגט׳ן עטלאכע קווארט פאר א גראשן...

469

ר׳ מאיר־מיכל שאָטער איז בטבע געווען אַ שתקן. אין שטוב מיט די בני־בית האָט ער קנאַפּ־וואָס גערעדט. בכלל האָט ער זיך אין שטוב־ענינים ניט געמישט, איז תמיד געזעסן על התורה ועל העבודה.

איינמאָל, סוכות־צייט, בעת זיינער אַ זון האָט געדאַרפֿט שטיין צום פּריזיוו, האָט די רבי׳צן אין אַן אָוונט אָנגעהויבן איינצוּ־טענה׳ן מיט אים:

— מאיר־מיכל, וואָס וועט זיין? מ׳דאַרף זען עפּעס טאָן, ראַטעווען דעם זון אונזערן פון גוי׳שע הענט.

ר׳ מאיר־מיכל שווייגט. די רבי׳צן רעדט ווייטער, רעדט מיט האַרץ, ווי אַ מאַמע — ר׳ מאיר־מיכל ענטפֿערט ניט אַ וואָרט.

מיט אַמאָל הויבט ער זיך אויף, גייט צו צום פענסטער און שטעלט זיך קוקן אין דרויסן. די רבי׳צן שווייגט און וואַרט. זי טראַכט: אודאי קלערט ער עפּעס אַן עצה ווי צו ראַטעווען דעם זון. אַזוי איז אַוועק אַ היפּשע ווײַלע.

— נו, מאיר־מיכל — פרעגט זי אים — וואָס האָסטו אויסגעקלערט?

ר׳ מאיר־מיכל קוקט אין פענסטער און רעדט ווי צו זיך אַליין:

— שוין די לעצטע נאַכט פון זמן קידוש־לבנה, און די לבנה זעט זיך ניט...



470

ר׳ רפאל וואָלאָזשינער, ר׳ הערש־לייב׳ס איידים, איז געווען אַ יושב־אוהל, איז תמיד געזעסן און געלערנט און האָט זיך ניט געמישט אפילו אין די משפחה־ענינים. זיין ווייב, די רבי׳צן, איז געווען די עקרת הבית. זי האָט געפירט די שטוב, חתונה געמאַכט קינדער, געגעבן נדן און קעסט. ר׳ רפאל האָט פון קיין זאַך ניט געוואוסט. האָט׳ן אויס־געגעבן אַ קינד, פלעגט׳ן אַ שעה פאַר דער חופה אים קומען רופן. פלעגט ר׳ רפאל פאַרמאַכן די גמרא, אָנטאָן די שבת׳דיקע קאַפּאָטע און גיין צו דער חופה.

איינמאָל איז׳ן אים געקומען רופן צו דער חופה פון זיינס אַ קינד. ביים אָנטאָן די שבת׳דיקע קאַפּאָטע האָט זיך ס׳אַרבל פאַרהאַלטן.

— אי — קרעכצט ר׳ רפאל — צער גידול בנים...



471

ר׳ רפאל וואָלאָזשינער איז געווען אַ גרויסער מתמיד, איז תמיד געזעסן און עוסק געווען בתורה און כמעט ניט אַרויס מפתח ביתו. אין וועלטלאַכע זאַכן איז ער געווען אַ קנאַפּער ידען.

איינמאל האט׳ן געוואלט פועל׳ן ביי אים ער זאל ארויסגיין אביסל שפאצירן. האט׳ן אנגעהויבן מיט אים איינ׳טענה׳ן, אז שפאצירן איז געזונט.

— יא — מאכט ר׳ רפאל — אבער וואסי די פעולה? — סאי־ווי קומט מען צוריק...



*472*

איינמאל איז ר׳ רפאל געזעסן און געגעסן. אויפן טיש איז גע־שטאנען א פול טעלערל מיט געפרעגלטע קארשן. ר׳ רפאל האט זיך פארטראכט, אויסגעליידיקט ס׳טעלערל און זיך מחיה געווען:

— ס׳ארא געשמאקע באב...



*473*

ר׳ רפאל איז בטבע געווען א שתקן, פלעגט כמעט ס׳מויל ניט עפענען צווישן מענטשן.

פלעגט׳ן אויף אים זאגן:

— ר׳ רפאל שווייגט אזוי לאנג ביז ער ווערט מאט, רוט ער זיך אפ אביסל און... שווייגט ווייטער.



*474*

ר׳ הירש מיכל איז געווען ידוע אין ירושלים פאר א צדיק תמים. ר׳ יהושע לייב פלעגט שיקן צו אים ער זאל מתפלל זיין.

כל ימיו האט ר׳ הירש מיכל עוסק געווען אין תורה און אין עבודה. אלע נאכט פלעגט ער אפריכטן „חצות” ביים כותל מערבי. געוואוינט האט ער אין דער אלטער שטאט און דרייסיק יאר ניט ארויס מחוץ לחומה, ניט געגאנגען אפילו צו א שמחה של מצוה.

בעת דער טייטשישער קיסר, ווילהעלם, האט געהאלטן ביים קומען קיין ירושלים, און אלע האבן זיך געגרייט גיין זען דעם קיסר, איז ביי ר׳ הירש מיכלען געווארן א ספק, צי איז ער מחויב ארויסגיין מחוץ לחומה מאכן די ברכה „שחלק מכבודו”. האט ער געקלערט, געזוכט אין ספרים — און זיך קיין עצה ניט געקענט געבן.

מאכט זיך גראד דעמאלט, אז גייענדיק צום כותל מערבי איז ער געפאלן און צעבראכן א פוס.

— געלויבט השי״ת — האט ר׳ הירש מיכל זיך געפרייט — איצט בין איך ארויס פון ספק...

475

ר׳ יצחק־יעקב ריינעס, לידער רב, איז, כידוע, געווען א גרויסער עסקן אין ציוניזם. ער פלעגט פארן אויף ציוניסטישע אסיפות און קאנגרעסן און אומעטום פארנומען א בכבוד׳יקן ארט.

אויף איין ציוניסטישן קאנגרעס, וואו ר׳ יצחק־יעקב איז געזעסן אויבנאן, איז געווען א שארפער וכוח מכח׳ן „נאציאנאלפאנד". דער עולם דעלעגאטן האט זיך לאנג מתוכח געווען. אז דער וכוח איז שוין געווען צו׳ן ענד און מ׳האט שוין געהאלטן ביים אפשטימען, שטעלט זיך אויף ר׳ יצחק־יעקב און פארלאנגט ס׳ווארט.

— ס׳טוט מיר זייער לייד, — זאגט אים דער פארזיצער, דוד וואלפסאן — די דעבאטע איז געשלאסן. זי קענען דאס ווארט האבען בלאז צור „געשעפטסארדנונג" *.

— יא — זאגט ר׳ יצחק־יעקב — כ׳וויל ריידן צו געשעפטס־ארדנונג.

און ער הויבט אן א דרשה אויפן רבנייִשן שטייגער.

ס׳גייט אוועק א היפשע ווײַלע און ר׳ יצחק־יעקב צעפירט ערשט די דרשה זיינע.

— ענטשולדיגען זי, הער ראבינער — קען זיך שוין דער פארזיצער ניט איינהאלטן — דאס איזט דאך ניכט צור „געשעפטסארדנונג".

— איז ניט צו „געשעפטסארדנונג" — מאכט ר׳ יצחק־יעקב מיט דער האנט און האלט ווייטער זיין דרשה...

## אָרים און רייך

476

דער גרויסער פילוסוף און משורר ר׳ אברהם אבן־עזרא איז געווען אן ארימאן אן אביון. ער האט צו קיין זאך קיין הצלחה ניט געהאט. צו וואס ער האט זיך גענומען איז אים געגאנגען מיט די פוטער אראפ.

האט ער אויף זיך אליין געזאגט א ווערטל:

— וואלט איך געהאנדלט מיט ליכט — וואלט די זון קיינמאל ניט אונטערגעגאנגען; וואלט איך געהאנדלט מיט תכריכים — וואלט קיין מענטש קיינמאל ניט געשטארבן...

* סדר־היום.

477

דער אידישער פילוסוף משה מענדעלסאָן איז, כידוע, כל ימיו געווען א בוכהאַלטער ביי א רייכן סוחר אין בערלין. ווי ס׳טרעפט, איז דער סוחר אַליין געווען א פּראָסטער מענטש, א גרויסער עם־הארץ, האָט אָבער געפירט גרויסע געשעפטן און געהאַלטן א סך משרתים מיט מענטשן.

— זע — זאָגט אַמאָל צו מענדעלסאָנ׳ען איינער פון זיינע ידידים — ווי ניט ריכטיק גאָט פירט די וועלט. דו, וואָס דו ביזט אַזוי געלערנט, ביזטו א מענטש ביי יענעם, און דיין בעל־הבית, א פּראָסטאַק, פירט גרויסע געשעפטן און איז א גביר אדיר.

— אדרבה — ענטפערט אים מענדעלסאָן — זע ווי ריכטיק גאָט פירט די וועלט. איך, וואָס האָב געלערנט, קען זיין א בוכהאַלטער און האָבן חיונה. וואָס וואָלט אָבער מיין בעל־הבית, נעבאַך, געטאָן, ווען ער וואָלט קיין גביר ניט געווען?...



478

דעם „חתם סופר׳ס" שמש האָט געהאַט א פעטער א גרויסן באַנ־קיר. האָט זיך דער שמש זייער איבערגענומען, אי מיט דעם וואָס ער איז א שמש ביים „חתם סופר", אי מיט דעם וואָס זיינער א פעטער איז א גרויסער באַנקיר.

— וואָס גדול׳סטו זיך אַזוי? — פרעגט אים אַמאָל דער „חתם סופר" — בשלמא ווען דו וואָלסט געקענט לערנען וויפל איך און געהאַט געלט וויפל דיין פעטער — וואָלסטו געהאַט מיט וואָס זיך איבערצונעמען. אַז לערנען קענסטו וויפל דיין פעטער און געלט האָסטו וויפל איך — הייִנט וואָס איז מיט דיר דער יחוס?...



479

צו ר׳ דוד׳ל טאַלנער איז אַמאָל געקומען א חסיד א גביר. איז דער רבי מיט אים אַפּגעזעסן א פּאָר שעה ביי זיך אין חדר. אַז דער גביר איז אַרויס, איז אַריין א חסיד אַן אָרימאַן. האָט דער רבי אים אָפּגע׳פּטור׳ט מיט א פּאָר ווערטער. האָט׳ס דעם חסיד פאַרדראָסן.

— סטייטש, רבי, — זאָגט ער — משוא־פנים, חלילה?

— שוטה איינער — ענטפערט אים ר׳ דוד׳ל — דו, ווי דו קומסט אַריין צו מיר, ווייס איך, אַז דו ביזט אַן אָרימאַן. מיט יענעם האָב איך געדאַרפט אַפּזיצן שעה׳ן־לאַנג, ביז וואַנען כ׳בין דערגאַנגען, אַז ער איז אַן אָרימאַן, אַן אביון ווי דו...

480

ר׳ ברוך־מרדכי שעדליצער האָט געהאַט אַ ווערטל:

— סאַראַ פאַרקערטע וועלט ס׳איז: דעם גביר, וואָס האָט געלט, באַרגן אַלע, דעם אָרימאַן, וואָס האָט קיין געלט ניט, באָרגט קיינער ניט. אין דער אמת׳ען האָט געדאַרפט זיין פאַרקערט: דעם גביר, וואָס קען קויפן פאַר מזומן, דאַרף קיינער ניט באָרגן; דעם אָרימאַן, וואָס האָט ניט קיין מזומן, דאַרפן אַלע באָרגן. אַי וואָס, דער וואָס וועט באָרגן אַן אָרימאַן, וועט דאָך אָנווערן זיין געלט? נו, איז וואָס? וועט ער ווערן אַן אָרימאַן, וועט׳ן אים אויך באָרגן...



481

אין ווילנע איז געווען אַ פּאָדריאַטשיק, ר׳ שלמה פּאָמעראַנץ. ער האָט געפירט גרויסע עסקים און געווען אַ גביר אדיר. כמה משפּחות האָבן פון אים געלעבט און געהאַט טובות.

האָט זיך אָבער ס׳רעדל אַ דריי געטאָן און ר׳ שלמה איז געוואָרן אַן אָרימאַן, אַן אביון. אין איין פּאָדריאַד האָט ער אָנגעוואוירן זיין גאַנץ פאַרמעגן. ווי דער שטייגער, האָבן זיך גוטע פריינט פון אים מרחק געווען און ניט געוואָלט וויסן פון אים.

אין גיכן האָט זיך ס׳רעדל צוריק איבערגעדרייט און ר׳ שלמה איז ווייטער געוואָרן תקיף אין מעמד. האָבן די גוטע פריינט אָנגעהויבן ווידער זיך צו שאַרן אַרום אים.

יום־טוב, שבועות איז׳ס געווען, זיינען זיי אַלע געקומען אים גוט־יום־טוב ביטן. אַז ר׳ שלמה האָט זיי געזען דורכן פענסטער, האָט ער געהייסן אַרויפשטעלן אויפן טיש זיין קאַסע געלט. דער עולם קומט אַריין, זעט די קאַסע אויפן טיש, חידוש׳ן זיי זיך:

— ר׳ שלמה, וואָס איז דאָס?

— דאָס איז מיין געלט — שמייכלט ר׳ שלמה — איר זיינט דאָך געקומען מיין געלט גוט־יום־טוב ביטן, ניט מיר...



482

ר׳ אליה־חיים לאָדזשער איז געווען אַ גרויסער עסקן אין צרכי צבור, אין כלל־ענינים. ווען ס׳איז געווען אַ נויט אין שטאָט, פלעגט ער אַרויסגיין צו די גבירים און שאַפן וויפל מ׳האָט באַדאַרפט.

איינמאָל איז אין לאָדזש געווען אַ שווערער ווינטער, גרויסע פרעסט, שנייען. האָלץ איז געוואָרן טייער, די פּרנסה געשלאָגן — האָט דער אָרימער עולם, נעבאָך, געפרוירן. איז ר׳ אליה־חיים אַרום איבער׳ן שטאָט מאַכן אויף האָלץ פאַר אָרימעלייט.

כדרך הטבע איז ער תחילת אריין צום גביר פון שטאָט, צו פּאָזנאַנ־סקי׳ן. ווי ער איז אריין אין פירהויז, האָט דער שווייצער ביים טיר תיכּף געמאָלדן דעם גביר, אַז דער רב איז דאָ. איז פּאָזנאַנסקי ארויס־געלאָפן:

— אַ, רבי, וואָס מאַכט איר? קומט אריין.

און פאַרבעט דעם רב אין שיינעם זאַל, וואו ס׳איז ליכטיק און וואַרים, ווי ביי אַזאַ גביר.

ר׳ אליה־חיים איילט זיך ניט, בלייבט שטיין אין קאַלטן פירהויז און הויבט אָן פאַרפירן אַ שמועס מכּח וועלטלאַכע זאַכן, כּלל ענינים. פּאָז־נאַנסקי שטייט, ווי ער האָט זיך ארויסגעכאַפּט אין שטוביקן מלבוש און ס׳טרייסלט אים אַ צאָן אין אַ צאָן. ער שווייגט אָבער. דרך־ארץ פאַר ר׳ אליה־חיים׳ען. ר׳ אליה־חיים שמועסט זיך ווייטער, גייט איבער פון איין ענין צום צווייטן — און אַלץ בנעימות, ווי ער וואָלט געזעסן אין דער ליכטיק און אין דער וואַרים. אַז די קעלט האָט שוין פּאָזנאַנסקי׳ן דורכגענומען, מאַכט ער צו ר׳ אליה־חיים׳ען:

— רבי, האָט רחמנות, קומט אריין אין זאַל, כ׳וועל געפרוירן.

— אַצינד — זאָגט ר׳ אליה־חיים — וועל איך אייך זאָגן נאָך וואָס כ׳בין צו אייך געקומען. ס׳אַ שווערער ווינטער, דער יקרות איז גרויס, פּרנסה איז געשלאָגן, אָרימעלייט וועלן געפרוירן. וויל איך, איר זאָלט געבן האָלץ.

פּאָזנאַנסקי האָט זיך ניט געלאָזט בעטן און געגעבן מיט אַ ברייטער האַנט.

ערשט איז ר׳ אליה־חיים מיט אים אריין אין זאַל.

שמועסנדיק פרעגט אים פּאָזנאַנסקי:

— זאָגט מיר, רבי, למאי זיינט איר אַזוי לאַנג געשטאַנען אין פיר־הויז? איר האָט דאָך געקענט אריינגיין אין זאַל, ווי תמיד, און מיר זאָגן נאָך וואָס איר זיינט געקומען.

— פאַרשטייט איר מיך — ענטפערט אים ר׳ אליה־חיים — די וועלט זאָגט: „דער זאַטער גלויבט ניט דעם הונגעריקן”. איך בין געקומען בעטן ביי אייך האָלץ פאַר אָרימעלייט, וואָס וועלן, נעבאָך, געפרוירן אין קעלט. קענט איר דאָ אין זאַל, אין אַזאַ ליבע וואַרימקייט, וויסן וואָס הייסט קעלט? אַז איר זיינט געשטאַנען אַ ווײַלע אין קאַלטן פירהויז, האָט איר דערשפּירט כאָטש אַ מקצת מן המקצת וואָס קעלט איז, האָב איך אייך געקענט זאָגן, מכּח וואָס איך בין געקומען...

483

ר׳ אליה־ברוך, איידער ער איז אַנגעקומען אין דער מיר, איז ער געווען אַ רב אין אַ קליין שטעטל. שכירות איז געווען קליינע, די פּרנסה אויך ניט קיין גרויסע. האָט ער געלעבט זייער בדוחק. כדרך הטבע איז די רבי׳צן געווען תמיד פאַר׳דאגה׳ט און פאַרזאָרגט. די הוצאה איז געוואַקסן, קליינע קינדער האָבן געדאַרפט זייערס — און ס׳איז ניט געווען פונוואַנען. ר׳ אליה־ברוך, אַ פריילאַכער פון דער נאַטור, פלעגט זיך ניט נעמען צום האַרצן, פלעגט אָפּקומען מיט אַ וויץ, מיט אַ גלייכוואָרטל. די איבעריקע צייט איז ער געזעסן און געלערנט.

— אליה־ברוך — מאַכט צו אים אַמאָל די רבי׳צן — ווי קענסטו פועל׳ן ביי זיך צו זיין אַזוי? אַרט דיך גאָרניט פאַרן הויז, פאַר די קינדער? מיר גייט ס׳לעבן ניט איין פאַר זאָרג און דו — גאָרניט, ווי אַ פרעמדער.

— כ׳וועל דיר זאָגן — ענטפערט איר ר׳ אליה־ברוך — ווייסט דאָך, מ׳זאָגט אויף מיר, אַז איך האָב אַ וואוילן קאָפּ. וואָס איז דער חילוק פון אַ גוטן קאָפּ ביז אַ פּראָסטן קאָפּ? וואָס אַ פּראָסטער קאָפּ פאַרנעמט אין אַ וואָך פאַרנעמט עס אַ גוטער קאָפּ אין אַ שעה, אין אַ רגע. היינט פאַרשטייסטו, אַז איך האָב אַ וואוילן קאָפּ, איז וואָס דו זאָרגסט אָפּ אין אַ גאַנצע וואָך, זאָרג איך אָפּ אין איין רגע — און פטור...



484

ר׳ ישראל־מאיר, דער „חפץ חיים“, איז אין די אינגערע יאָרן, איידער ער האָט נאָך מחבר געווען דעם ערשטן ספר זיינעם, געווען זייער געדריקט. ער פלעגט זיצן אין ווייבער־שול, לערנען יום־ולילה און אָפּקומען ממש מיט ברויט און וואַסער. אין שטעטל האָט׳ן געוואוסט פון זיין דחקות, אים געוואָלט באַהילפיק זיין אויף כל׳ערליי אופנים, ער האָט אָבער ניט געוואָלט זען און הערן. ער וויל צו קיינעם ניט אָנקומען.

איינמאָל זיצט די מאַמע זיינע און טענה׳ט מיט אים איין:

— ישראל־מאיר, דו זעסט דאָך ווי מיר לעבן. ס׳פעלט ס׳שטיקל ברויט. מענטשן ווילן באַהילפיק זיין. פאַרוואָס זאָלסטו זיין אַזוי?

— פאַרשטייסטו, מאַמע — ענטפערט איר ר׳ ישראל־מאיר — מ׳וויל מיר געבן, כל־זמן כ׳וויל ניט נעמען; אַז כ׳וועל אָנהויבן נעמען, וועט׳ן מיר אויפהערן צו געבן...



485

ביי ר׳ ישראל־מאיר, דעם „חפץ חיים“, איז געווען איינגעפירט, אַז שבת ביים טיש פלעגט׳ן שמועסן אחוץ תורה אויך וועלטלאַכע זאַכן. קיין בלאָט איז אין שטוב ניט געגאַנגען. נאָר פאַר דער וואָך פלעגט ר׳ ישראל־מאיר אַליין זיין אין וואַרשע, אָדער דער איידים, ר׳ אהרן,

פלעגט קומען פון אַ נסיעה, פלעגט׳ן ביים טיש דערציילן נייעס און אַרומ־שמועסן די וועלט.

איינמאָל דערציילט ר׳ אהרן ביים טיש אַ נייעס:

דער רייכער פּאָזנאַנסקי פון לאָדזש האָט חתונה געמאַכט אַ טאָכ־טער. צו דער חופּה האָט די כלה געטראָגן אַ מאַנטל מיט צוועלף דימענ־טענע קנעפּ, וואָס איטלאַך קנאָפּ קאָסט טויזנט רובל.

— שוטים — קוועטשט ר׳ ישראל־מאיר מיט די פּלייצעס — וואָסער הנאה האָבן זיי, די גבירים, פון זייער עשירות? איך, אַז איך טו אָן אַ בגד — האָב איך אים ניט אין זינען, איך דאַרף ניט פילנעווען די קנעפּ־לאַך. וואָרים טאָמער פאַרליר איך אַ קנעפּל — איז׳ס אַ האַלבער גראָשן. טראָג איך דעם בגד און האָב פון אים הנאה. אָבער אַז מ׳טוט אָן אַ בגד, וואָס איין קנעפּל קאָסט טויזנט רובל, ווערט׳ן דאָך אַ משועבד צום בגד, מ׳איז ניט מסיח־דעת אויף אַ רגע, מ׳האַלט אין איין פילנעווען די קנעפּלאַך. וואָרים, טאָמער פאַרלירט׳ן אַ קנעפּל, איז׳ס אַ היזק פון טויזנט רובל. היינט וואָסער הנאה קען מען האָבן פון אַזאַ בגד?...



486

ר׳ משה־אהרן, קוטנער רב, איז געווען אַן עסקן אין צדקה. ער פלעגט תמיד אַרומגיין איבער דער שטאָט קלייבן פאַר נויטבאַדערפטיקע. כדרך הטבע האָט ער פון די גבירים קיין נחת ניט געהאַט. אָרימעלייט פלעגן זיך אָפּרופן בעסער און האַרציקער ווי די גבירים.

האָט ער געהאַט אַ ווערטל:

— אַז כ׳קום צו אַן אָרימאַן, שפּיי איך אויף דער פּאָדלאָגע. אַז כ׳קום אָבער צו אַן עושר, איז די גאַנצע פּאָדלאָגע אויסגעלייגט מיט קאַוויאַרן, קומט מיר אויס שפּייען אים אין פּנים...



487

אַ אידישער שרייבער אין אַדעס האָט אַמאָל פאַרבעטן מענדעלע מוכר ספרים צו זיך אויף אַ שמחה. כדרך הטבע איז דער שרייבער ניט געווען קיין גרויסער עושר און האָט געוואוינט גאַנץ הויך, אויפן פערטן שטאָק.

אַז מענדעלע איז מיט כחות אַרויף די פיר שטאָק, האָט ער אָפּגע־כאַפּט דעם אָטעם און אַ שמייכל געטאָן:

— אַז דער וואָס אין הימל דערהויבט אַ מענטשן, קען מען גאָר צו אים ניט צוקומען...

# מאַן און ווייב

488
בעת ביים רמ״א איז געשטאָרבן ס׳ערשטע ווייב זיינס, האָט ער אויף איר געמאַכט אַ גרויסן הספד, וואו ער האָט אַרויסגעוויזן גרויס חריפות און בקיאות, אַז דער עולם איז נתפעל געוואָרן.

זיין שווער, ר׳ שכנא, האָט געהאַט נאָך אַ טאָכטער, האָט זיך דער רמ״א צו איר געשׁדכנ׳ט. האָט אים ר׳ שכנא אָפּגעזאָגט.

— קענסט מער — זאָגט ער — מיין איידים ניט זיין. אַז דו ביזט געווען ביכולת צו זאָגן אַזאַ הפלאה׳דיקן הספד אויף אַן אייגענעם ווייב, איז אַ סימן, אַז דו האָסט מיין טאָכטער ניט ליב געהאַט...



489
בעת ר׳ ר׳ העשל איז אַן אַלמן געוואָרן, האָט זיך צו אים געשׁדכנ׳ט איינע, אַ נגידה. איז זי געקומען צו אים כלומר׳שט ווי אַ שדכנ׳טע און געזאָגט:

— רבי, כ׳האָב פאַר אייך אַ גוטן שידוך. די מדוברת איז אַן אשה צנועה, אַן אשת חיל און אויך אַ נגידה. פון יענעם צד איז קיין מניעה ניט. עס ווענדט זיך בלויז אָן אייך.

ר׳ ר׳ העשל האָט פאַרשטאַנען, אַז זי מיינט זיך אַליין. זי איז אים אָבער ניט געפעלן געווען. האָט ער זי אָפּגעזאָגט.

הויבט זי אָן ווייטער פאַרלויבן די מדוברת, ווי גוט און פרום זי איז און ס׳אַראַ גליק אַזאַ שידוך איז פאַרן רב.

ר׳ ר׳ העשל וויל אָבער ניט הערן.

— וואָסי, רבי — פרעגט זי אים — דער שידוך געפעלט אייך ניט?

— ניין — ענטפערט ר׳ ר׳ העשל — די שדכנ׳טע געפעלט מיר ניט...



490
בעת ר׳ חיים צאַנזער איז געווען אַ יונגערמאַן, ניט לאַנג נאָך דער חתונה, איז אַמאָל געקומען צו אים איינער אַ חשוך־בנים, לא עלינו, אים געגעבן אַ קוויטל, ער זאָל נפקד ווערן מיט זרע של קיימא. מכח אַ קוויטל — זאָל זיך דער רבי אויסבעטן ביי אים וויפל ער וויל. גראָד איז בעת מעשה געזעסן ר׳ חיימ׳ס ווייב, די יונגע רבי׳צן. האָט ר׳ חיים זיך געהייסן געבן הונדערט רייניש. דער איד איז תיכף אַוועקגעלאָפן אַהיים און געבראַכט ס׳געלט. האָט ר׳ חיים ניט געוואָלט נעמען.

— סטייטש, רבי, פאַרוואָס? — פרעגט יענער — דער רבי האָט׳ך געזאָגט הונדערט רייניש?

— כ׳וועל דיר — זאָגט ר׳ חיים — דערציילן אַ מעשה:

שלמה המלך האָט, כידוע, געקענט די לשונות פון אַלע בעלי־חיים, פון בהמות, חיות און עופות. ויהי היום איז ער אַמאָל געשטאַנען אויפן דאַך פון זיין קיניגלאַכן פּאַלאַץ, הערט ער ווי צוויי פויגעלאַך שמועסן צווישן זיך. זאָגט איין פויגעלע צום צווייטן:

— זעסט אָט דעם גרויסן פּאַלאַץ, וואָס שלמה המלך האָט געבויט? אַז כ׳וויל קער איך מיט איין פיסל איבער ס׳גאַנצע פּאַלאַץ.

שלמה המלך הערט און שמייכלט. רופט ער צו ס׳פויגעלע און פרעגט׳ן:

— ווי פאַלסטו אויס צו זאָגן אַזאַ זאַך?

— אדוני המלך — קניט ס׳פויגעלע — ס׳אַנדערע פויגעלע איז מיין פּאַר, האָב איך מיך געוואָלט אויספּיינען פאַר איר.

— פּאַרשטייסט — פירט אויס ר׳ חיים — כ׳האָב דיך געבעטן הונ־דערט ריינישׂ, מחמת זוגתי איז דערביי געזעסן, האָב איך איר געוואָלט וויַיזן, אַז כ׳קען אין אַ רגע פאַרדינען הונדערט ריינישׂ. ס׳גלעט וויל איך אָבער ביי דיר ניט נעמען.



491

ר׳ חיים צאַנזער איז אויף דער עלטער אַן אַלמן געוואָרן פונם דריטן ווייב. האָט ער זיך געלאָזט ריידן שידוכים. דעם זון זיינעם איז׳ס ניט געווען לרצון.

זיצנדיק איינמאָל מיטן טאַטן, דערציילט ער, כלומר׳שט לפי תומו, אַז ר׳ אייזיקל זידיטשעווער האָט נאָכן ווייבס טויט ניט געוואָלט מער חתונה האָבן. ער האָט חתונה געהאַט, זאָגט ער, מיט דער תורה.

— איז וואָס־זשע ווילסטו — שמייכלט ר׳ חיים — איך זאָל אויך חתונה האָבן מיט דער תורה? זי איז דאָך שוין אַן אשת־איש...



492

אין סלוצק זיינען געווען צוויי שוחטים, אַ טאַטע מיט אַ זון. ר׳ הירש, דער טאַטע, און ר׳ נאַחע, דער זון, האָבן ביידע אויסגעזען כמעט אין איין עלטער.

אַז ר׳ יאָשע־בער איז געפאָרן קיין סלוצק חתונה האָבן מיטן צווייטן ווייב, האָט ער מיט זיך מיטגענומען זיין שוחט, ר׳ נאַחען. קומענדיק צוריק קיין סלוצק, איז ר׳ הירש שוחט געקומען אים אָפּגעבן מזל־טוב. זאָגט די נייע רבי׳צן צו ר׳ יאָשע־בערן:

— דאַכט זיך ר׳ נאַחע איז דאָ געווען.

— ניין — ענטפערט איר ר׳ יאָשע־בער — דאָס איז ר׳ נאַחע׳ס טאַטע.

— דער טאטע — חידושׂ'ט זי זיך — זעט אוים אין איינע יארן מיטן זון.

— פארשטייסטו — זאגט איר ר' יאשע־בער — ר' הירש שוחט האט ס'צווייטע ווייב און א צווייט ווייב נעמט אוועק א העלפט יארן...



493

ר' יאשע־בער האט חתונה געמאכט זיינעם א זון מיט אן עושר'ס א טאכטער. כדרך הטבע האט דער עושר געגעבן א גרויסן נדן מיט רייכע מתנות. א קלייניקייט אזא יחוס: ר' יאשע־בער'ס א זון. האט זיך דער חתן איבערגענומען און געווען אביסל האפערדיק.

— שוטה איינער — מאכט צו אים ר' יאשע־בער — וואס נעמסטו זיך אזוי איבער? מיינסט טאקע, אז דעם נדן האט'ן צוליב דיר געגעבן? האסט א טעות. דעם נדן האט'ן צוליב מ י ר געגעבן. אי פאר וואס האט'ן ניט געגעבן מער? דאס ה א ס ט ו קאליע געמאכט...



494

ר' חיים־יעקב ווידרעוויץ, מאסקווער רב, איז געווען א פקח און א גרויסער וויצלינג. א רבי'צן האט ער געהאט ניט קיין יפת־תואר.

איינמאל איז געקומען א פרעמדער רב אים געוואויר ווערן. בעת זיי זיינען געזעסן און געשמועסט האט די רבי'צן אריינגעטראגן טיי, כיבוד פאר'ן אורח.

אז זי איז ארויסגעגאנגען פרעגט דער רב ר' חיים יעקב'ן:

— איר האלט א דינסט אויך?

— טפו — שפייט אוים ר' חיים־יעקב — אזא מכוערת וועל איך האלטן פאר א דינסט? דאס איז מיין ווייב!...



495

בעת ר' מאטעלע פראסקוראווער איז, לא עלינו, אן אלמן געווארן פונם ערשטן ווייב, האט ער גענומען אירם א שוועסטער. ס'ערשטע ווייב איז געווען אן אשה כשרה, א גוטע, א שטילע און אים געהאלטן זייער בכבוד. געהייסן האט זי חיה. ס'אנדערע ווייב איז געווען אן ארורה, א שלעכטס און האט אים פארביטערט ס'לעבן. זי האט געהייסן ברכה.

— זע — זאגט אמאל ר' מאטעלע צו איר — די שוועסטער דיינע, עליה השלום, האט געהייסן ח י ה, איז זי געווען א ב ר כ ה; דו הייסט ב ר כ ה און ביזט א ח י ה...

# קליין און גרויס

496

ר׳ אברהם־אבוש, פראנקפורטער רב, האט שוין אינגלווייז ארויסגע־וויזן גרויס חריפות.

איינמאל איז ער געזעסן אין חדר און איינגע׳חזר׳ט מיט די חברים די ברכות: אויף דעם און דעם מין מאכט מען „אדמה“, אויף און דעם מין — „העץ“, אויף דעם — שהכל, אויף דעם — „מזונות“.

איז גראד פארבייגעגאנגען דער סטראזשניק פון שטעטל, וואס איז געווען א משומד. שטעלט ער זיך ביים פענסטער און הערט זיך צו, ווי ס׳אינגל חזר׳ט מיט די חברים זיינע די ברכות.

— זאג־זשע מיר, אינגעלע — פרעגט ער אים — וואסער ברכה מאכט׳ן אויף א סטראזשניק?

— א ד מ ה *... — ענטפערט דער קליינער אבוש׳ל ניט געטראכט.

497

רבי יונתן פרעגער, וואס האט גע׳שמ׳ט פאר א וועלט־חכם, האט שוין קינדווייז ארויסגעוויזן גרויס חכמה און גרויסע מענטשן פלעגן ליב האבן מיט אים צו שמועסן.

בעת ר׳ יונתן איז געווען א אינגל פון א יאר פינף, איז צו זיין טאטן אמאל פארפארן א גרויסער רב, פון די גדולי הדור. דער קליינער יונתן האט ביים רב שטארק נושא חן געווען און ער פלעגט אפט מיט אים שמועסן.

איינמאל פרעגט ער אים:

— זאג מיר, יונתן, וואס האסטו היינט געגעסן?

— ברויט מיט...

אין מיטן האט׳ן דעם רב אוועקגערופן.

מיט יארן שפעטער האט דער רב זיך געטראפן מיט ר׳ יונתן, גיט ער אים שלום און פרעגט אים תיכף:

— מיט וואס?

—מיט פוטער... — ענטפערט ר׳ יונתן ניט געקלערט.

498

בעת ר׳ בער, דער מעזעריטשער מגיד, איז געווען א אינגל פון אכט יאר, איז אין שטעטל געווען א שרפה און זייער שטוב איז אוועק מיטן פייער. האט די מאמע זיינע זייער געוויינט.

* ערד — אין דר׳ערד אריין...

— וואס ווייסטו, מאמע? — פרעגט ער זי — אז ס׳ווערט פארברענט א שטוב דארפ׳ן אזוי וויינען?

— ניין, מיין קינד — זאגט די מאמע זיינע — כ׳וויין ניט אויף דער שטוב. כ׳וויין אויף אונזער יחוס־בריוו, וואס איז פארברענט געווארן. אונזער יחוס ציט זיך ביז ר׳ יוחנן הסנדלר.

— וועט זיך — ענטפערט ס׳אינגל — דער יחוס אנהויבן פון מיר...



499

ר׳ ר׳ העשל האט שוין אינגלווייז ארויסגעוויזן גרויס פקחות. געווען א שטיפער — א מזיק.

אז ער האט אנגעהויבן גיין אין חדר האט ער קיין גרויס חשק ניט געהאט. אליין איז ער קיינמאל ניט געגאנגען. דער בעלפער האט אלע טאג געמוזט קומען אים רופן, ס׳רוב נעמען אים מיט געוואלד.

האט אים דער טאטע זיינער אמאל אנגעהויבן מוסר׳ן:

— פע, העשעלע, ניט שיין, א אינגל ווי דו דארף לויפן אין חדר, באגערן צו לערנען.

— יא, טאטע — זאגט דער קליינער העשל — כ׳טו באגערן צו לערנען. כ׳וויל אבער ניט גיין אין חדר, מחמת דער בעלפער רופט מיך ניט ווי געהעריק.

— ווי ווילסטו — פרעגט אים דער טאטע — דער בעלפער זאל דיך רופן?

— עליי — זאגט העשל — מ׳רופט דיך צו א ברית. קומט אריין דער שמש, שטעלט זיך ביי דער טיר און זאגט: ,יענער און יענער האט אייך געלאזט בעטן, איר זאלט אזוי גוט זיין, אים אנטאן דעם כבוד און קומען צו אים אויפן ברית׳. ווילסטו גיין — גייסטו. ווילסטו ניט גיין — זאגסטו: ,אזוי גוט ווי געווען׳. אבער דער בעלפער קומט אריין מיט א געשריי: ,העשל, קום אין חדר!׳ און שלעפט נאך מיר פאר דער האנט — וויל איך ניט גיין.

אויף מארגן קומט דער בעלפער, שטעלט זיך ביי דער טיר און זאגט:

— ר׳ העשל, דער רבי האט אייך געלאזט בעטן, איר זאלט אזוי גוט זיין, אים אנטאן דעם כבוד און קומען אין חדר.

העשל הערט אויס דעם בעלפער און ענטפערט וואזשנע:

— אזוי גוט ווי געווען...



500

איינמאל, צום איבערבייס, האט זיך העשל׳ען פארוואלט הערינג, אבער דווקא א גאנצן.

האָט די מאַמע זיינע גענומען אַ קאָפּ און אַן עק פון אַ הערינג, אַוועקגעלייגט אויפן טיש און געזאָגט:

— אָט דאָ, העשעלע, האָסטו אַ גאַנצן הערינג. אָבער דאָוון קודם אָפּ, וועסטו עסן איבערבייס.

איז העשעלע אַריין אין אַ צווייטן חדר, זיך געזאַמט אַ מינוט און אַרויס צוריק.

— מאַמע — זאָגט ער — כ׳האָב שוין אָפּגעדאַוונט.

— אַזוי גיך? — חידוש׳ט זיך די מאַמע זיינע.

— יאָ — מאַכט העשעלע — אַז אַ קאָפּ און אַן עק איז אַ גאַנצער הערינג, איז „מה טובו" און „עלינו" אַ גאַנצער דאַוונען...

❦

501

איינמאָל איז העשל אַריין אין קיך, זעט ער אַ געבראָטענע הון. האָט זיך אים פאַרשמעקט. קלערט ער ניט קיין סך, נעמט אַ פיסל און עסט אויף.

ביים טיש דערלאַנגט׳ן די הון מיט איין פיסל. פאַרשטייען אַלע וועמעס אַרבעט ס׳איז.

— העשעלע — פרעגט דער טאַטע זיינער — וואו איז ס׳צווייטע פיסל?

— די הון — ענטפערט העשל — האָט מער ניט געהאַט ווי איין פיסל.

אַ פּאָר טעג שפּעטער גייט העשל מיטן טאַטן אין בית־מדרש. זעט ער ווי אַ הון שטייט אויף איין פיסל און ס׳אַנדערע האַלט זי אונטער די פעדערן.

— זע, טאַטע — זאָגט העשל — אָט איז נאָך אַ הון, וואָס האָט מער ניט ווי איין פיסל.

— קיש! — גיט דער טאַטע זיינער אַ טרייב די הון, שטעלט זי אַרויס ס׳צווייטע פיסל און אַנטלויפט.

— זעסט — זאָגט ער צו העשל׳ען — די הון האָט אויך צוויי פיס.

— האָסטו — מאַכט העשל — יענע הון אויך געזאָלט אַ טרייב טאָן, וואָלט זי אַרויסגעשטעלט ס׳אַנדערע פיסל...

❦

502

אַז העשל איז אַלט געוואָרן אַ יאָר צען האָט׳ן אים אָנגעהויבן ריידן שידוכים. אויף אַזאַ כלי האָבן זיך, כדרך הטבע, געפונען אַ סך בעלנים. איין שידוך איז געוואָרן. זיינען געקומען די מחותנים אים פאַרהערן.

— העשל — פרעגט׳ן אים — זאָג, ווער איז דער כלה׳ס טאַטע?

— אָט דער! — ווייזט ער אָן אויף איינעם.

— פונוואַנען ווייסטו? — פרעגט׳ן אים.

— מחמת — זאָגט העשל — כ׳האָב אים שוין פיינט...

503
אז ר׳ העשל איז נאך געווען א אינגל איז א שדכן אמאל געקומען אים ריידן א שידוך און אים פארהערן.

— כ׳האב געהערט אויף דיר — זאגט אים דער שדכן — אז וואסער ספר מ׳עפנט דיר, זאגסטו.

— יא — ענטפערט העשל.

עפנט דער שדכן א ספר אויפן ליידיקן שער־בלאט און גיט אים:

— זאג דא.

— הויבט זיך אן העשל צו שאקלען, זינגט אונטער מיט א ניגון, אבער אן אייןווארט.

— כ׳הער גארניט — זאגט דער שדכן.

— אז איך — זאגט העשל — זע גארניט...

504
בעת ר׳ עקיבא אייגער איז אלט געווען פופצען יאר האט ער שוין גע׳שמ׳ט פאר אן עילוי. האט אים דער טאטע, ר׳ משה גינז, געשיקט לערנען אין דער ברעסלער ישיבה, וואו זיין שוואגער, ר׳ זאוול, איז געווען ראש־ישיבה. דארט האט׳ן אים אנגעהויבן ריידן שידוכים.

פון אלע שידוכים איז געפעלן געווארן דער שידוך פון ליסא, מיט ר׳ יצחק מרגלית, וואס איז געווען א גביר און א למדן און האט געהאט א בת־יחידה, א מושלמת און א צנועה. דער מדובר איז געווען, אז די מחותנים זאלן זיך צוזאמענפארן אין א שטעטל לעבן ברעסלע.

דער ליסער גביר איז געקומען און מיטגעבראכט מיט זיך צוויי לומדים זיי זאלן, ווי דער שטייגער איז, פארהערן דעם חתן. די לומדים האבן אנגעהויבן צו שמועסן מיטן חתן אין תורה, געפרעגט קשיות, פאר־ענטפערט, געוויזן חריפות — ר׳ עקיבא איז געזעסן און זיך ניט אפגערופן מיט קיין ווארט, ווי א בחור אן עם־הארץ. איז׳ס ביי אלעמען געווען א גרויסער חידוש און ס׳האט שוין געהאלטן, אז פון שידוך זאל גארניט ווערן.

האט דער טאטע אים ארייננגערופן אין א זייטיקן חדר און אים געפרעגט:

— וואסי מיט דיר געשען, עקיבא? האסטו ניט פארשטאנען די תורה, וואס זיי האבן געזאגט?

— דיר, טאטע, וועל איך זאגן דעם אמת — האט אים ר׳ עקיבא גע־ענטפערט — איינער האט געפרעגט א קשיא און האט פארזען, אז תוספות פרעגט׳ס. דער אנדערער האט פשוט ניט פארשטאנען דעם פשט פון דער גמרא. האב איך זיי ניט געוואלט פארשעמען און אויפווייזן זייער טעות. זאל ליבערשט דער שידוך ניט ווערן, איידער כ׳זאל מבייש זיין אן עלטערן אידן.

505

ר׳ נפתלי ראָפּשיצער איז אינגלווייז געווען אַ גרויסער שטיפער, אַ מזיק. ער פלעגט לויפן, שפּרינגען, זיך שלאָגן — איבערקערן די וועלט.

איינמאָל האָט דער טאַטע זיינער אים אויסגע׳מוסר׳ט:

— שוין צייט, נפתלי, זאָלסט ווערן אַ מענטש, אַוועקוואַרפן די קינדערשע נאַרישקייטן, זיך נעמען צום לערנען.

— וואָס זאָל איך טאָן — פאַרענטפערט זיך ס׳אינגל — אַז כ׳האָב אַ יצר־הרע, וואָס רעדט מיך אָן צו שלעכטע מעשים. איך בין ניט שולדיק. דער יצר־הרע איז שולדיק.

— אדרבה — מוסר׳ט אים דער טאַטע — פון יצר־הרע גופא קענסטו זיך אָראָפּנעמען אַ מוסר. פאַרוואָס רעדט ער דיך אָן צו שלעכטע מעשים? וואָס האָט ער דערפון? איז דער תירוץ: ער פאָלגט דעם רבונו־של־עולם, וואָס האָט אים באַשאַפן אויף אָנצורייזן מענטשן צו טאָן עבירות. לערן־זשע זיך פון אים און פאָלג אויך דעם רבונו־של־עולם, צו גיין בדרך־הישר און באַגערן צו לערנען.

— יאָ — ענטפערט דער קליינער נפתלי — דער יצר־הרע האָט ניט קיין יצר־הרע, וואָס זאָל אים אָנריידן ניט צו פאָלגן דעם רבונו־של־עולם, אָבער איך האָב יאָ אַ יצר־הרע...

❦

506

ר׳ אַברהמ׳עלע סאָכאַטשעווער האָט אינגלווייז שוין גע׳שמ׳ט פאַר אַן עילוי. אַז ער איז אַלט געווען עלף יאָר האָט׳ן אים גערעדט אַ שידוך מיט ר׳ חיים צאַנזערס אַ טאָכטער. איז זיין טאַטע, ר׳ זאב־נחום, דער ביאַלער רב, געפאָרן מיט אים קיין צאַנז. ר׳ חיים האָט׳ן פאַרהערט — אַ כלי נפלא. איז געבליבן מ׳זאָל שרייבן תנאים.

פאַר תנאים־שרייבן האָט ר׳ חיים אים נאָך אַמאָל געוואָלט פאַרהערן. האָט זיך ס׳אינגל ניט געלאָזן.

— אויב אַזוי — זאָגט ער צו ר׳ חיימ׳ען — דאַרפ׳ן איך אויך פאַרהערן.

— אַברהמ׳ל — בייזערט זיך אויף אים דער טאַטע — וואָס רעדסטו?

— גאָר פּשוט — מאַכט ס׳אינגל בנעימות — אין פלוג איז דאָך אַ קשיא: פאַרוואָס פאַרהערט דער מחותן דעם חתן, כדי ער זאָל וויסן, צי גיט ער ניט אוים זיין טאָכטער פאַר אַן עם־הארץ, דאַרף דאָך דער חתן אויך פאַרהערן דעם מחותן, צי נעמט ער ניט די טאָכטער פון אַן עם־הארץ? אלא איז דער תירוץ: דעם מחותן האָט׳ן שוין איינמאָל פאַרהערט, בעת ער איז אַליין געווען אַ חתן. אָבער אַז דער מחותן באַנוגנט זיך ניט מיט איין מאָל פאַרהערן און וויל מיך פאַרהערן נאָך אַמאָל, דאַרפ׳ן דאָך אים אויך פאַרהערן...

507

בעת ר׳ יצחק־אלחנן איז געווען א אינגל פון צוועלף יאר, האט׳ן אים אנגעהויבן ריידן שידוכים. ער האט שוין דעמאלט גע׳שמ׳ט פאר אן עילוי.

איין שידוך האט׳ן אים גערעדט פון וואלקאוויסק. האט׳ן אראפגע־בראכט דעם חתן, אים פארהערן. ווי דער שטייגער, האט דער מחותן פארבעטן צו זיך די לומדים פון שטאט, געשטעלט שיינעם כיבוד: משקאות, איינגעמאכצן. דער צוועלף־יעריקער חתן האט זיך ארייננגע־לאזן אין א שארפן פלפול מיט זיינע פארהערער און בעת מעשה אויפ־געגעסן ס׳גאנצע איינגעמאכץ פון טיש.

דער כלה מיט דער מחותנת׳טע איז אזא דרך־ארץ ניט אנגעשטאנען און דער שידוך איז ניט געווארן.

⁂

508

ר׳ חיים בריסקער און ר׳ זלמן־סענדער זיינען געווען חברים, האבן אין דער יוגנט ביידע געלערנט ביי ר׳ יאשע־בער׳ן.

האט אמאל ר׳ יאשע־בער געפרעגט זיין זון:

— זאג מיר, חיימ׳קע, ווער פון אייך ביידע קען בעסער לערנען: דו, צי זלמן־סענדער?

— כ׳קען דיר, טאטע — זאגט ר׳ חיים — אויף דעם ניט ענטפערן. זאל כ׳דיר זאגן, אז א י ך קען בעסער — וועל איך זיין א בעל־גאוה; זאל כ׳דיר זאגן, אז זלמן־סענדער קען בעסער — וועל איך זיין א שקרן...

ר׳ זלמן־סענדער האט׳ס געהערט. זאגט ער צו ר׳ חיימ׳ען:

— און איך זאג דיר, אז דו ביזט אי א שקרן, אי א בעל־גאוה...

⁂

509

ר׳ יוסף ראזען, דער דווינסקער רב, האט נאך אינגלווייז גע׳שמ׳ט פאר אן עילוי. דער נאמען „ראטשאווער עלוי" האט געקלונגען אין גאנצן געגנט. כדרך הטבע איז אזא אינגל געווען ביי זיך האפערדיק און פאר קיינעם קיין דרך־ארץ ניט געהאט.

אז ער איז אלט געווען צוועלף יאר האט אים זיין טאטע, א ליבא־וויטשער חסיד, געבראכט קיין סלוצק, צו ר׳ יאשע־בער׳ן, וואס איז געווען דער גדול־הדור. ס׳אינגל איז געשטאנען פאר ר׳ יאשע־בער׳ן אן א ברעקל מורא, ווי פאר זיין גלייכן.

— אין וועלכע מסכתות — פרעגט אים ר׳ יאשע־בער — ביזטו בא־הבנ׳ט?

— כ׳בין בקי — ענטפערט דער ראטשאווער — אין האלב ש״ס.

— וועלכע האלב? — פרעגט ר׳ יאשע־בער.

— וועלכע — ענטפערט דער ראטשאווער — איר וועט אנכאפן...

# דער ליבער שבת־קודש

**510**

ר׳ יצחק דראָהביטשער׳ס דרך איז געווען פאַסטן הפסקות מערב שבת לערב שבת. אַ גאַנצע וואָך האָט ער ניט טועם־טעם געווען. פרײַטאָג־צו־נאַכטס, צום טיש, פלעגט ער אָפּפאַסטן. שבת פלעגט ער עסן אַ סך. אי לכבוד שבת, אי ער זאָל האָבן כח אַ גאַנצע וואָך צו פאַסטן.

איז ער אַמאָל געקומען קיין מעזשיבוזש. האָט אים ר׳ ישראל בעל־שם־טוב פאַרבעטן צו זיך אויף שבת. האָט ר׳ יצחק זיך געלאָזט בעטן.

— מײַן טבע איז — זאָגט ער — שבת אַביסל מער צו עסן.

— כ׳וועל, אי״ה — ענטפערט ר׳ ישראל — אָנגרייטן גענוג.

האָט ר׳ ישראל געהייסן די בני־בית מאַכן אַ ברייטן שבת, אָנגרייטן פון אַלץ און מיט דער פולער האַנט.

פרײַטאָג־צונאַכטס, מ׳זעצט זיך צום טיש, מ׳מאַכט קידוש, מ׳דערלאַנגט די שבת׳דיקע מאכלים. גיט׳ן די גרעסטע חלקים ר׳ יצחק׳ן. ר׳ יצחק עסט און הייסט זיך געבן נאָך. און וואָס מ׳שטעלט אַוועק אויפן טיש ווערט פאַרברענט. בקיצור, מ׳האָט אים אַוועקגעגעבן אַלץ וואָס מ׳האָט אָנגעגרייט אויף אַ גאַנץ שבת און ר׳ יצחק איז געבליבן הונגעריק.

— סטייטש — זאָגט ער צו ר׳ ישראל׳ן — כבודו האָט דאָך מיר צו־געזאָגט אָנגרייטן גענוג.

— כ׳וועל אײַך זאָגן — ענטפערט ר׳ ישראל — אויף מ ל א כ י ם האָב איך מיך געריכט, אויף ש ר פ י ם האָב איך מיך ניט געריכט...

**511**

ר׳ שמעלקי ניקלשבורגער האָט אין דער יוגנט געהאַט אַ חבר, אַ גדול בתורה, אַן עלוי. איז ער געוואָרן רב אין יאַנעווע. האָט מיט אים פּאַסירט אַזאַ מעשה:

ער איז אַמאָל געפאָרן מיט נאָך מחותנים אויף אַ חתונה. פאַרנאַכט האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט אין אַ וואַלד דאַוונען מנחה. איז דער רב אַוועק אַן אַ זײַט, צווישן די בוימער, דאַוונען ביחידות. אָפּגעדאַוונט מנחה זײַנען די מחותנים געפאָרן ווײַטער. און היות ווי די פורן זײַנען ניט אָפּגעפאָרן גלײַך, האָבן די פון איין פור געמיינט, אַז דער רב פאָרט מיט דער צווייטער. אַזוי אַרום איז דער רב געבליבן אַליין אין וואַלד. דער וואַלד איז געווען אַ גרויסער און אַ געדיכטער. און דאָ איז צוגעפאַלן

די נאַכט, ס׳איז געוואָרן חושך. האָט דער רב אָנגעהויבן בלאָנדזשען. וואָס ווייטער איז ער אַלץ טיפער אַריין אין וואַלד און מער געבלאָנדזשעט. בקיצור, ער האָט אַזוי אַפּגעבלאָנדזשעט טעג און וואָכן, ביז ער האָט זיך דערשלאָגן צו אַ ישוב און געקומען צוריק אַהיים.

אין וואַלד האָט ער אַ טעות געמאַכט אין די טעג פון דער וואָך און געהאַלטן פרייטאָג — שבת. אַפּבלאָנדזשענדיק אַזויפיל וואָכן איז ער געוואָרן אַביסל מטושטש און אַז ער איז געקומען אַהיים האָט ער זיך איינגערעדט, אַז ער האַלט דעם ריכטיקן שבת און די גאַנצע וועלט האָט אַ טעות. און קיינער האָט אים ניט געקענט איבעריידן. דאָנערשטאָג איז ביי אים געווען ערב שבת מיט אַלע הכנות, מיט מקוה, מיט קבלת־שבת, און פרייטאָג האָט ער געהאַלטן שבת מיט אַלע פּרטים.

אַז ר׳ שמעלקי, וואָס איז דעמאָלט געווען רב אין שינעווע, איז געוואויר געוואָרן פון דער מעשה, איז ער געקומען צופאָרן קיין יאַנעווע. דער רב האָט׳ן דערקענט, זיך דערפרייט מיט אים.

— ווען סטו — פרעגט ער אים — ביי מיר שבת האַלטן?

— יאָ — ענטפערט ר׳ שמעלקי — על־מנת־כן בין איך געקומען.

דאָנערשטאָג נאָך אַ האַלבן טאָג, דער רב הויבט זיך אָן מכין זיין אויף שבת — ר׳ שמעלקי מיט אים. זיי גייען ביידע אין מקוה, טוען זיך אָן בגדי־שבת. דער רב איז מקבל שבת, זעצט זיך מיט ר׳ שמעלקי׳ן צום שבת׳דיקן טיש, מאַכט קידוש, זינגט זמירות — ווי שבת. ר׳ שמעלקי האַלט מיט.

ביים טיש גיט ר׳ שמעלקי אַ וואונק מ׳זאָל דערלאַנגען שטאַרקן וויין. ר׳ שמעלקי רוקט אונטער דעם רב אַ כוס נאָך אַ כוס. יענער טרינקט ביז ער איז שטאַרק איינגעשלאָפן. הויבט זיך ר׳ שמעלקי אויף, פאַרוי־בערט זיין פייף און הייסט אים לאָזן שלאָפן.

דער רב איז אַזוי אַפּגעשלאָפן אַ גאַנצע נאַכט און פרייטאָג אַ גאַנצן טאָג.

פרייטאָג־צו־נאַכטס, צום טיש, אַז ר׳ שמעלקי איז שוין פאַרטיק געוואָרן מיטן עסן, האָט ער אויפגעוועקט דעם רב:

— יאַנעווער רב, שטייט־אויף בענטשן.

און אַזוי אַרום איז דער רב אויסגעהיילט געוואָרן פון זיין איינ־ריידעניש.

❧

512

ר׳ ברוך מעזשיבוזשער האָט זיך געפירט ברחבות, געלעבט ווי אַן עושר. זיין ברודער, ר׳ משה־חיים־אפרים, דער „דגל“, איז געווען אַן ארימאַן, אַן אביון און געלעבט אין גרוים דחקות.

איינמאָל איז ר׳ ברוך געקומען געוואויר ווערן זיין ברודער און גע־בליבן ביי אים שבת־האַלטן. האָט ר׳ משה־חיים־אפרים געהייסן אין שטוב מאַכן אַ שיינעם שבת איבערן כח.

פרייטאָג־צו־נאַכטס איז דער טיש געווען געדעקט מיט אַ ריינעם, ליווונטענעם האַנטוך, אויפן טיש איז געווען געגרייט: אַ פּאָר קליינע חלה׳לאַך, אַביסל צמוקים־וויין מיט אַ קידוש־גלעזל און אַ הערינג גע־מאַכט מיט ציבעלע. צוויי ליכטלאַך האָבן געברענט אין ליימלאַך. צום וואַשן זיך איז געווען גרייט אַן ערדענע כלי.

מ׳זעצט זיך צום טיש, קען זיך ר׳ ברוך ניט אָפּחידוש׳ן פונם גרויסן דלות.

— וואָס עפּעס אַזאַ עניות? — פרעגט ער דעם ברודער.

— פעלט, חלילה, עפּעס? — פרעגט ר׳ משה־חיים־אפרים.

— ביי מיר — מאַכט ר׳ ברוך — בין איך געוואוינט צו זיצן שבת ביי אַ טיש געגרייט פון כל־טוב, מיט זילבערנע לייכטער, מיט אַ גאָלדן קידוש־בעכער, וויין — מן המובחר, וואַשן זיך מיט אַ קופּערנע קוואָרט — ווי ביי לייטן.

— פונוואַנען — פרעגט ר׳ משה־חיים־אפרים — נעמסטו אויף דעם?

— ס׳הייסט פונוואַנען? — חידוש׳ט זיך ר׳ ברוך — כ׳פאָר אַרום אי־בער דער וועלט, בין מדריך אידן אין עבודת ה׳, זיינען אידן מיך מהנה.

— זע־זשע — זאָגט אים ר׳ משה־חיים־אפרים — ביי דיר איז ס׳זילבער מיטן גאָלד אין דר׳היים און דו ביזט אין גלות. ביי מיר איז ס׳זילבער מיטן גאָלד אין גלות און איך זיץ מיך אין דר׳היים...

❦

*513*

ר׳ משה־חיים־אפרים סודילקאָווער, דער „דגל״, איז די ערשטע יאָרן געווען אַן אָרימאַן, אַן עני ואביון, געלעבט בדוחק. ס׳ווייב זיינע פלעגט בענטשן ליכט אין ליימלאַך.

אַז ער איז געוואָרן תקיף אין מעמד האָט ס׳ווייב געקויפט זילבערנע לייכטער.

דעם ערשטן שבת, אַז ער איז געקומען פון שול און געזען די זילבערנע לייכטער אויפן טיש, האָט ער געזאָגט צום ווייב:

— דיר איז אַצינד ליכטיק און מיר איז פריער געווען ליכטיק...

❦

*514*

ר׳ זלמ׳עלע, ר׳ חיים וואָלאָזשינערס ברודער, איז שבת אַמאָל געזעסן ביים ווילנער מורה־הוראה. איז עמיצער געקומען פרעגן אַ שאלה וועגן

א חולה מסוכן, צי מ׳מעג מחלל־שבת־זיין. דער מורה־הוראה האט א ווײלע געקלערט דעם דין. האט ר׳ זלמ׳עלע ניט געוואַרט ביז דער מורה־הוראה וועט פּסק׳ענען און האט באותו רגע געענטפערט:

— מ׳מעג, מע׳מעג.

דער עולם ארום האט זיך גע׳חידוש׳ט.

אז יענער איז אוועקגעגאַנגען האט ר׳ זלמ׳עלע געבעטן דעם מורה־הוראה ער זאָל אויף אים קיין פאַריבל ניט האבן.

— דינים פון פּקוח־נפש — זאָגט ר׳ זלמ׳עלע — דאַרפ׳ן וויסן אויף אויסנווייניק, כדי אז ס׳קומט אוים צו ענטפערן זאָל׳ן קיין איבעריקע רגע ניט פאַרזאַמען, מחמת סאיז דאָך נוגע א מענטשנס לעבן...



515 אַן ארענדאַר איז אַמאָל געקומען צום בעלזער רבי, ר׳ שלום רוקח. פרעגט אים ר׳ שלום: ווי האַלט ער מיט אידישקייט, צי היט ער אָפּ שבת. איז זיך דער ארענדאַר מודה, אז שבת איז ער ניט ביכולת אָפּ־צוהיטן, מחמת די אַרבעט אין פעלד קען ניט וואַרטן. הויבט ר׳ שלום אים אָן מוסר׳ן, ווייזט אים אויף ווי הייליק שבת איז און ווי גרויס דער עונש איז פון חילול־שבת. איז דער ארענדאַר מהרהר בתשובה און זאָגט:

— רבי הייליקער, כ׳בין מקבל אויף מיר אָפּצוהיטן שבת א גאַנץ יאָר, אחוץ שניט־צייט, בעת די אַרבעט ברענט.

— כ׳וועל דיר — זאָגט אים ר׳ שלום — דערציילן א מעשה.

א איד האט געהאַלטן אַן ארענדע ביי א פּריץ. ויהי היום האט דער פּריץ געמאַכט א גרויסע סעודה פאַר אַלע פּריצים פון דער סביבה. כטוב לבם, אז דער עולם איז געוואָרן בגלופין, האָט׳ן, ווי דער שטייגער, אָנגעהויבן ריידן מכּח אידן. איטלאַך פּריץ האט פאַרלויבט זיין אידן, אַז זיין ארענדאַר איז דער קליגסטער און דער געטרייסטער. רופט זיך אָפּ דער פּריץ, וואָס האט געמאַכט די סעודה:

— אַזוי געטריי ווי מיין איד איז מיר, איז גאָר קיין גלייכן ניטאָ. ער וועט טאָן פאַר מיר וואָס כ׳וועל אים הייסן.

— אפילו זיך שמד׳ן? — כאַפּט זיך ארוים איינער פון עולם.

— יאָ — זאָגט דער פּריץ — אפילו דאָס.

און שיקט תיכּף רופן דעם ארענדאַר זיינעם.

— מאָשקע — פרעגט ער אים פאַר אַלע פּריצים — ביזטו מיר געטריי?

— יאָ, אודאי, אדוני הפּריץ — ענטפערט דער ארענדאַר — פאַרן פּריץ בין איך מוכן צו גיין אין פייער און אין וואַסער.

— בכן — זאָגט דער פּריץ — וויל איך, אַז דו זאָלסט זיך שמד׳ן.
ווערט דער איד אַ פאַרציטערטער. קלערט ער, קלערט ער, איז זיך מיישב אַהין אַהער. קען זיך קיין עצה ניט געבן. ער האָט דאָך אָבער פאַרט מורא פאַרן פּריץ, זאָגט ער מיטן האַלבן מויל:
— יאָ.
האָט דער פּריץ אים אָפּגעשמד׳ט.
אין אַ פּאָר חדשים אַרום שיקט אים דער פּריץ רופן און זאָגט אים:
— מאָשקע, אַצינד קענסטו ווערן צוריק אַ איד.
— אדוני הפּריץ — זאָגט דער אַרענדאַר — כ׳וועל מיך גיין מיישב זיין מיטן ווייב.
איז ער אַוועק אַהיים און דערציילט דעם ווייב די בשורה, אַז דער פּריץ גיט זיי רשות ווערן צוריק אידן.
— אוי וויי — זאָגט ס׳ווייב — וואָס וועלן מיר אַצינד טאָן? ס׳גייט צו פּסח. אַזאַ הוצאה: מצות, וויין, כלים. גיי בעט דעם פּריץ, אַז מיר זאָלן מעגן זיין גוים ביז איבער פּסח..

✻

516

איינער, אַ משכיל, האָט אַמאָל אויף קאַטאָוועס געפרעגט דעם מלבי״ם:
— רבי, איז דאָ אַ היתר אויף רויכערן אום שבת?
— יאָ — ענטפערט דער מלבי״ם — מיט אַ שינוי.
— דהיינו? — פרעגט יענער.
— דהיינו — שמייכלט דער מלבי״ם — מיטן פייער אין מויל...

✻

517

ר׳ חיים צאַנזער איז אַמאָל געזעסן ביי זיך ערב שבת נאָך אַ האַלבן טאָג און זיך מכין געווען צום שבת. ער איז שוין געגאַנגען טבילה און געהאַלטן ביי די הכנות צו קבלת־שבת.
קומט אַריין אַ אידענע מיט אַ קאָשיק עפּל און הויבט אָן אויסגיסן פאַר אים איר שווער, ביטער האַרץ:
— רבי הייליקער, כ׳בין אַן אָרימע אידענע, אַ מאַרקזיצערן, פאַרקויף אויפּס אין מאַרק און בין מיך מפרנס. האָב איך היינט, ניט פאַר׳ן רבי׳ן געדאַכט, זייער אַ שלעכטן טאָג. ס׳איז ערב שבת און דער טאָג איז שוין באַלד אַוועק און כ׳האָב נאָך קיין אָנהויב ניט געהאַט, קיין קרייצער ניט געלייזט. כ׳קען מיר גאָר קיין עצה ניט געבן ווי זאָל איך מאַכן שבת.
הויבט זיך ר׳ חיים אויף, טוט אָן די שבת׳דיקע זשופּיצע מיטן שטריימל און זאָגט צו דער אידענע:
— קומט מיט מיר.

ר׳ חיים גייט ארוים מיט איר אין מארק, שטעלט זיך לעבן קאשיק עפּל און הויבט אן רופן:

— שבת־אויפּס! אידן, שבת־אויפּס!

איז געווארן א געלאף אין מארק. דער רבי אליין שטייט און פאר־קויפט עפּל. און ווער וועט׳ס ניט וועלן האבן די זכיה קויפן פון רבי׳ס האנט אליין?

אין א רגע איז דער גאנצער קאשיק עפּל צעכאפּט געווארן.

ר׳ חיים האט דערלאנגט ס׳געלט דער אידענע און איר געזאגט:

— נאט אייך אייער געלט און גייט גיכער מאכן שבת...

518

ר׳ חצק׳עלע שינעווער, ר׳ חיים צאנזער׳ס זון, איז אמאל געקומען אויף שבת אין א שטעטל. צו ליכטבענטשן האט׳ן ביי אים אויפן טיש אוועקגעשטעלט לייכטער פון נייזילבער. האט ער געהייסן אוועקנעמען:

— כ׳קען עס ניט לײדן — האט ער געזאגט — ס׳איז אי גאוה אי שקר...

519

ר׳ ישעיה זשוכאוויצער האט גע׳שמ׳ט אין גאנץ ליטע מיט זיין גרוים צידקות. געווען איז ער אן ארענדאר, געהאלטן אין ארענדע די מיל און די קרעטשים און געוואוינט זיינע גאנצע יארן אויפן ישוב. בייטאג ארומגעגאנגען ארום דעם מיל, זיך גע׳עוסק׳ט אין קרעטשים און ביינאכט געזעסן על התורה ועל העבודה.

ר׳ ישעיה איז געווען א גרויסער מכנים אורח. איז א איד פאר־ביייגעגאנגען אדער פארבייגעפארן, האט ער אים ניט אפּגעלאזן, אריינ־גענומען צו זיך, געגעבן עסן און טרינקען און נאכטלעגער — אלץ פון שענסטן און בעסטן און אן א גראשן געלט.

איינמאל, פרייטאג נאך האלבן טאג, תחלת ווינטער, זיינען דריי אידן פארבייגעפארן זיין קרעטשים, פארנדיק אויף א יריד. איז ר׳ ישעיה צו זיי ארויסגעגאנגען און זיי פארבעטן צו זיך אויף שבת.

האבן די אידן ניט געוואלט.

— וואו וועט איר שוין פארן? — בעט זיך ביי זיי ר׳ ישעיה — ס׳איז שוין ערב־שבת נאך האלבן טאג און דער טאג איז קורץ. זייט שוין ביי מיר שבת, איר וועט האבן א גוטע אכסניא. מיר האבן דא אויך א מקוה און א מנין צום דאווענען.

די אידן אבער ווילן ניט הערן און זען. זיי וועלן ניט האלטן שבת אויפן ישוב.

— מיר האבן גוטע פערד — זאגן זיי — און מיר וועלן נאך אניאגן אויף שבת אין שטאט.

זיי זיינען ניט אפגעפארן קיין תחום שבת — טראך! א ראד האט זיך צעבראכן. שטייען זיי און קענען זיך ניט רירן פון ארט.

ר׳ ישעיה׳ס משרת האט׳ס געזען פון ווייטן, איז ער געגאנגען און דערציילט ר׳ ישעיה׳ן. האט ער אים געהייסן תיכף נעמען א ראד און אוועקטראגן די אידן און זיי אומקערן פון וועג. דערוויל איז שוין גע־ווארן שפעטלאך. די אידן האבן געזען, אז זיי וועלן שוין אין שטאט אויף שבת ניט אנציען, האבן זיי זיך אומגעקערט.

קומענדיק צוריק אין קרעטשים, זאגט זיי ר׳ ישעיה:

— פרעמדע אידן, קענטיק ווייטלאכע, קענט איר נאך ניט מיין אכסניא. וועל איך אייך דעריבער מודיע זיין, אז ביי מיר קאסט שבת פיר גילדן פון א פארשוין. ס׳איז אפשר אביסל צו טייער, דערפאר קענט איר עסן און טרינקען א גאנץ שבת וואס און וויפל אייער הארץ גלוסט. אויך מלוה־מלכה קענט איר עסן פארן איינגענעם געלט.

א גאנץ שבת האבן די אידן געגעסן און געטרונקען און זיך געלאזן וואויל גיין. זיי האבן זיך געהייסן דערלאנגען פון די בעסטע מאכלים און משקאות און וואס מער. ס׳קאסט דאך עפעס פיר גילדן פון א פאר־שוין — א היפשע מטבע אין יענע יארן. שבת־צו־נאכטס, אפגעפראוועט מלוה־מלכה, הויבן זיי זיך אן קלייבן אין וועג. נעמט איטלאכער ארויס פיר גילדן און וויל באצאלן פאר שבת. אחוץ דעם ווילן זיי באצאלן פארן ראד.

— ניין, ליבע אידן — שמייכלט ר׳ ישעיה — פאר דער מצוה פון הכנסת אורחים נעם איך קיין געלט ניט. אדרבה, איך קום א י י ך א דאנק, וואס איר האט מיך מזכה געווען מיט אזא גרויסע מצוה און דעם ראד גיב איך אייך במתנה. כ׳בעט אייך נאר, אז מכאן ולהבא זאלט איר ערב־שבת נאך האלבן טאג זיך ניט לאזן ווייטער אין וועג אריין...



520

בעת ר׳ זונדל סאלאנטער האט געוואוינט אין סאלאנט איז ער געווען א תבואה־סוחר און געהאנדלט מיט פרייסן.

פרייטאג האט ער זיך נוהג געווען ניט צו האנדלען. זיין עובדה יענעם טאג איז געווען גיין פון אכסניא צו אכסניא און איבערלאזן פאר איטלאך סוחר, וואס קומט פון דער פרעמד, חלה מיט וויין אויף קידוש.



521

ר׳ נחומ׳קע הוראדנער פלעגט באשטעלן די ארימע ישיבה־קינדער טעג און שבתים.

איינמאָל, פרייטאָג־צו־נאַכטס, ר׳ נחומ׳קע זיצט ביים טיש מיט די בני־בית, עפנט זיך די טיר און ס׳קומט אריין אַ ישיבה־אינגל פאַרוויינט.

— וואָסי געשען? — פרעגט אים ר׳ נחומ׳קע.

— ביים שבת, וואָס איר האָט מיר באַשטעלט — זאָגט ס׳אינגל — שטייט אַ הונט ביי דער טיר, האָב איך מורא אריינצוגיין.

הויבט זיך ר׳ נחומ׳קע אויף פון טיש, נעמט ס׳אינגל פאַר דער האַנט און פירט אים אַוועק אויפן שבת זיינעם.

דאָרט איז ר׳ נחומ׳קע געשטאַנען אין דרויסן, געוואַרט די גאַנצע צייט, ביז דער גביר האָט אָפּגעגעסן די גרויסע שבת׳דיקע סעודה און ס׳אינגל איז אַרויס פון שטוב.

ערשט דעמאָלט איז ר׳ נחומ׳קע אַוועק אַהיים קאָנטשען ס׳שבת׳דיקע עסן.



522

ר׳ שמואל מאָליווער איז געווען אָנגענומען ביי אַלע סאָרטן מענטשן, הן ביי פרומע, הן ביי ניט־פרומע. אַלע האָבן פון אים געהאַלטן.

איינמאָל איז ר׳ שמואל געקומען קיין אָדעס, אויף דער ערשטער אסיפה פון די „חובבי־ציון״. איז דאָרט אויך געווען דער אידישער שרייבער „שלום עליכם״.

זאָגט „שלום עליכם״ צו זיינעם אַ פריינט, וואָסילי בערמאַן:

— קומט, לאָמיר גיין געוואויר ווערן ר׳ שמואל מאָליוועוער.

זעצן זיי זיך אויף אויף אַ דראָשקע און פאָרן צו דער אכסניא, וואו ר׳ שמואל איז איינגעשטאַנען. זיי קומען צו דער אכסניא און גייען אַראָפּ פון דראָשקע, זעען זיי ר׳ שמואל זיצט אויפן באַלקאָן אָנגעטאָן בגדי שבת און איז מעיין אין אַ ספר. כאַפּן זיי זיך אַז ס׳איז שבת. ווערט זיי איינג, נאָר פאַרקירעווען צוריק איז שוין שפּעט. ר׳ שמואל האָט זיי געזען פון באַלקאָן. גייען זיי אַרויף צו ר׳ שמואל׳ן און בלייבן שטיין ביים טיר ווי באַגראָבענע.

ר׳ שמואל קוקט זיי אָן אַ ווײַלע און מאַכט מיט אַ שמייכל:

— כ׳זע דאָך, אַז איר זיינט, נעבאָך, טויטע מענטשן, נו, ווייסט איר דאָך, אַז פּקוח נפש איז דוחה שבת...



523

ר׳ רפאל, דער מאַזשירער מגיד, איז אַמאָל, שבת, געזעסן ביי איינעם אַ בעל־הבית. גראָד האָט אין דרויסן אָנגעהויבן גיין אַ רעגן און זיך פאַרנומען אויף לאַנג.

אז ר׳ רפאל האָט זיך געקליבן אוועקצוגיין, האָט מ׳ אים דערלאַנגט א פּאַראַסאָל. ר׳ רפאל האָט אָבער דעם פּאַראַסאָל ניט געוואָלט נעמען. שבת.

— ניין — שמייכלט ער — כ׳האָב פיינט צו נעמען איבערן קאָפּ...

## די דאָזיקע נאַכט פון פסח

524

ר׳ זונדל סאַלאַנטער איז געווען א גרויסער מתמיד. איז תמיד געזעסן על התורה ועל העבודה, זיך ניט פאַרגונען אפילו קיין צייט אויף צו עסן.

איינמאָל האָט ער פון גרויס התמדה אוועקגע׳חלש׳ט, אָבער אַזוי שטאַרק, אַז מ׳האָט אים בשום אופן ניט געקענט דערמינטערן. האָט׳ן געבראַכט דעם שטעטלשן רופא. האָט ער געגעבן א מיטל — אַרויסרייסן דעם גע׳חלשט׳ן א צאָן, וועט ער פון ווייטיק קומען צו זיך.

און אויפן אָרט האָט דער רופא שוין געטאָן די רפואָה.

אז ר׳ זונדל איז געקומען צו זיך און דערשפּירט דעם אַרויסגענומענעם צאָן, האָט ער א קרעכץ געטאָן:

— אוי־וויי, ווי וועל איך איצט מקיים זיין די מצוה פון עסן מצה אום פסח?...

✻

525

ר׳ ישראל סאַלאַנטער פלעגט זיך נוהג זיין אליין שטיין ביי זיינע מצות, אכטונג געבן אויפן קנעטן און אויפן באַקן און זיך עוסק זיין אין דער מצוה.

איינמאָל, א פאַר־פּסח, איז ער עפּעס ניט געזונט געווען און האָט ניט געקענט גיין צו די מצות. זיינען די תלמידים אליין געגאַנגען. איידער זיי זיינען אוועק פרעגן זיי אים:

— רבי, אויף וואָס זאָלן מיר בעיקר אכטונג געבן?

— דער עיקר — ענטפערט זיי ר׳ ישראל — זאָלט איר זען, אַז מ׳זאָל זיך ניט בייזערן אויף דער קנעטערן, זי איז נעבאך אן אלמנה...

✻

526

צו ר׳ יאָשע־בער איז אַמאָל פאַר פּסח געקומען א איד מיט אַזא שאלה:

— רבי, מעג איך יוצא זיין די אַרבע כוסות מיט מילך?

— זיינט איר, חלילה, קראַנק? — פרעגט דער רב.

— כ׳ביז, ב״ה, געזונט — ענטפערט דער איד — נאָר וויין — זאָגט ער מיט אַ האַלבן מויל — איז היי־יאָר פאַר מיר צו טייער.

רופט ר׳ יאַשע־בער דער רבי׳צן און הייסט זי געבן דעם אידן פינף־און־צוואַנציק רובל. כדרך הטבע וויל דער איד לכתחילה ס׳געלט ניט נעמען. ער איז געקומען פרעגן אַ שאלה, אָבער, חלילה, ניט בעטן. נאָר ר׳ יאַשע־בער האָט אים משדל געווען, אַז דאָס גיט ער אים בתורת הלוואה, השי״ת וועט אים העלפן, וועט ער אָפּגעבן.

אַז דער איד איז אַוועקגעגאַנגען, פרעגט די רבי׳צן:

— וואָס האָסטו אים עפּעס געגעבן אַ גאַנצן פינף־און־צוואַנציקער? וויין אויף אַרבע־כוסות קען מען, דאַכט זיך, קויפן פאַר צוויי־דריי רובל.

— וואָס פאַרשטייסטו דאָ ניט — ענטפערט איר ר׳ יאַשע־בער — ס׳טאָר געהערט, ווי דער איד האָט געפרעגט, צי מעג ער יוצא זיין די אַרבע־כוסות מיט מילך. ווען ער וואָלט געמאַכט פסח, ווי ביי לייטן, מיט פיש און פלייש, וואָלט ער דאָך קיין מילך ניט געטאָרט טרינקען צום סדר; איז דאָך אַ סימן, אַז ער מאַכט קיין פסח ניט, האָב איך אים געגעבן, ער זאָל האָבן אויף פסח.

❦

527 אין וואָלאָזשין איז געווען אַ מנהג, אַז אַלע ישיבה־לייט, וואָס זיינען ניט געפאָרן אויף פסח אַהיים, זיינען געווען פאַרבעטן צום ראש־ישיבה אויף די סדרים. אַזעלכע זיינען איטלאַכס יאָר געווען אַ שיינע פאַר צענדליקער מנינים. טייל פלעגן בכיון ניט פאָרן אַהיים, כדי כאָטש איין מאָל האָבן די זכיה צו זיין די סדרים ביים ראש־ישיבה. און ס׳איז טאַקע געווען אַ תענוג צו זען, ווי ר׳ הערש־לייב מיטן עולם ישיבה־לייט האָבן געפּראַוועט דעם סדר. ביז פאַרטאָג איז׳ן ניט אַוועק פון סדר־טיש.

דער רבי׳צן, ר׳ הערש־לייב׳ס ווייב, איז׳ס ניט ניחא געווען. כדרך הטבע, אַ אשה. אגב איז טאַקע געווען אַ גרויסע הכבדה פאַר איר, אָנ־גרייטן פאַר אַ עולם מענטשן צו עסן. זי מיט די דינסטן פלעגן פאַר־מאַטערט ווערן.

איינמאָל, אַ פאַר פסח, האָט זי אָנגעהויבן איינטענה׳ן מיט ר׳ הערש־לייב׳ן מבטל מאַכן דעם מנהג. זאָלן די ישיבה־לייט פאָרן אַהיים אויף פסח, אָדער פּראַווען די סדרים, וואו זיי עסן אַ גאַנץ פסח. ר׳ הערש־לייב האָט, פון שלום־בית וועגן, כמעט ווי מסכים געווען.

די זאַך איז דערגאַנגען צו די ישיבה־לייט. האָבן זיי אָנגעהויבן זיך בונטעווען. סטייטש, מבטל מאַכן אַ מנהג — זייערט אַ חזקה.

האט׳ן זיך אויפגעקליבן אין דער שטיל און אפגעמאכט אנצושרייבן א פאשקוויל אויף ר׳ הערש־לייב׳ן און אוועקלייגן ביי אים אויפן שטענדער.

און תיכף אויפן ארט האט איינער פון די ישיבה־לייט, וואס איז געווען געכאפט אין השכלה, אנגעשריבן דעם פאשקוויל. אין שארפער מליצה, אין לשון־קודש, האט ער אויסגערעדט אסור־לדבר אויף ר׳ הערש־לייב׳ן, אויף דער רבי־יצן און אויפן גאנצן בית הרב. דעם פאשקוויל האט׳ן אוועקגעלייגט ביי ר׳ הערש־לייב׳ן אויפן שטענדער, איידער ער האט געדארפט קומען זאגן דעם שיעור.

ר׳ הערש־לייב קומט אריין אין דער ישיבה, גייט צו צום שטענדער זיינעם, געפינט דעם פאשקוויל און הויבט אן לייענען.

די ישיבה־לייט קוקן פאר׳גנב׳עט פון די גמרות, ריכטן זיך צו כאפן א פסק און מאכן אפ ביי זיך צו בלייבן יד־אחת.

ר׳ הערש־לייב לייענט איבער און גיט א שמייכל:

— א פיינער בעל־לשון, שרייבט לשון־קודש ווי א וואסער...



528

„שבת הגדול" איז ר׳ נפתלי ראפשיצער אמאל געקומען פון בית־מדרש זייער אויסגעמאטערט.

— וואס — פרעגט אים די רבי־יצן — ביזטו אזוי פארמאטערט?

— כ׳האב היינט — ענטפערט ר׳ נפתלי — געהאט א שווערע דרשה. ס׳זיינען דא א סך ארימעלייט אין שטאט און ס׳יקרות איז גרויס. האב איך לאנג גערעדט מכח מעות־חטים, מעורר געווען די עשירים צו באזארגן די ארימעלייט מיט פסח.

— נו — פרעגט אים די רבי־יצן — האסטו עפעס גע׳פועל׳ט מיט דיין דרשה?

— א העלפט — שמייכלט ר׳ נפתלי — האב איך שוין גע׳פועל׳ט: די ארימעלייט זיינען מרוצה צו נעמען. צי די עשירים וועלן געבן — ווייס איך נאך ניט...



529

ר׳ לוי־יצחק בארדיטשעווער איז אמאל, ערב־פסח נאך ביעור חמץ, ארויס אין מארק. טרעפט ער א גוי א שמוגלער, וואס שמוגלט סחורה איבערן גרעניץ.

— האסטו — פרעגט אים ר׳ לוי־יצחק — אויסלענדיש זיידנס?

— יא — זאגט דער גוי.

— וויפל איילן האסטו? — פרעגט ער אים ווייטער.

— כ׳קען דיר קריגן — זאגט דער גוי — וויפל דו ווילסט.

גייט ער אַוועק פון גוי און טרעפט אַן אַ אידן.

— האָסטו ביי זיך — פרעגט אים ר׳ לוי־יצחק — עפּעס חמץ?

— חמץ? — ווערט יענער אַ פאַרציטערטער — חלילה, רבי, אַלץ מבער געווען.

טרעפט ער אַן אַ צווייטן אידן:

— האָסטו עפּעס חמץ?

— וואָס רעדט איר, רבי? — חידוש׳ט זיך יענער — אַצינד חמץ? בין איך, חלילה, קיין איד ניט?

הויבט אויף ר׳ לוי־יצחק די אויגן צום הימל און זאָגט:

— זע, רבונו־של־עולם, ס׳אַראַ׳ן עם הנבחר אידן זיינען. דער רוסי־שער קיסר איז אַ מלך אדיר, האָט מעכטיקע חילות, מיט כלי־זין, מיט תפיסות. האָט ער פאַרבאָטן אַריינצופירן סחורות מן החוץ און אַוועק־געשטעלט אויף דער גרעניץ אַ וואַך, וואָס היט טאָג און נאַכט — פונ־דעסטוועגן פירט׳מ אַריין כל מיני סחורות און מ׳פאַרקויפט זיי בריש גלי. און דו, רבונו־של־עולם, האָסט געשריבן אין דיין הייליקער תורה איין פסוק: „לא יראה לך חמץ“, אָן אַ גרעניץ, אָן אַ וואַך — און ערב־פּסח נאָכן זמן געפינט זיך ניט אין גאַנצן אידישן גבול קיין ברעקל חמץ ניט...



530

ר׳ יוסף־שאול נאַטאַנסאָן איז געווען אַ גרויסער מקיל אין שאלות.

איינמאָל, ערב־פּסח נאָך ביעור חמץ, איז צו אים אַריינגעקומען ר׳ משה בערנפעלד, איינער פון זיינע מקורבים, אַ איד אַ למדן, וואָס האָט געקענט פּסק׳ענען אַ שאלה.

— גוט וואָס איר זיינט געקומען, ר׳ משה — זאָגט אים ר׳ יוסף־שאול — כ׳דאַרף גראָד אַוועקגיין און דאָ קומט דער עולם מיט שאלות. זייט־זשע מוחל און בלייבט דאָ ענטפערן אַ שאלה ביז כ׳וועל צוריק־קומען.

— רבי — זאָגט ר׳ משה — כ׳בין ניט אַזאַ בעל־הוראה ווי איר. אַז איך וועל זיין אין ספק אויף אַ שאלה, וועל איך טריף מאַכן.

— חלילה וחלילה — זאָגט אים ר׳ יוסף־שאול מיטן האַרבן וואָרט — אַז איר וועט זיין אין ספק, זאָלט איר כשר מאַכן. מחמת טריף מאַכן כשר׳ס איז אַ גרעסערע עבירה, ווי כשר מאַכן טריפ׳ס...



531

רבי עקיבא אייגער איז געווען אַ גרויסער מכניס אורח. ער האָט תמיד געהאַט אַן אורח צום טיש. ווער שמועסט יום־טוב און אַזאַ יום־טוב ווי פּסח — „כל דכפין“...

איינמאָל, פּסח צום סדר, בעת ר׳ עקיבא אייגער מיט זיינע אורחים זיינען געזעסן ביים טיש און געפּראַוועט דעם סדר, האָט אַן אורח אומ־גערן אויסגעקערט זיין כוס, וואָס איז געשטאַנען לעבן אים, און אויס־געגאָסן דעם ווייַן אויפן ווייסן, יום־טובֿדיקן טישטוך. כדי דער אורח זאָל ניט מבויש ווערן, גיט ר׳ עקיבא אייגער אַ שאָקל דעם טיש, גיסט אויס זיין כוס און זאָגט:

— דער טיש שטייט עפּעס ניט גלייך...

❦

532

צו ר׳ יחיאל־מיכל נאַוואַראַדקער, דער „ערוך השלחן״, איז אַמאָל פּסח פאַרן סדר געקומען אַ אידענע מיט אַ פּסחדיקע שאלה. איז׳ס גראָד געווען זייער אַ שווערע שאלה, אַז ר׳ יחיאל־מיכל, זייענדיק איינער פון די גרעסטע בעלי־הוראה אין דור, האָט ניט תיכּף געענטפערט. ער איז אַריין צו זיך אין בית־דין־שטוב, האָט געזוכט, געבלעטערט אין ספרים און זיך שטאַרק געמאַטערט אויף דער שאלה. דאָ זיצן די גאַנצע בני־בית און וואַרטן מ׳זאָל זיך זעצן צום סדר — ר׳ יחיאל־מיכל גייט אָבער ניט אַרויס פון בית־דין־שטוב. ס׳גייט אַוועק אַ פערטל שעה, אַ האַלבע שעה — און ער זיצט נאָך אַלץ ביי זיך און האָרעוועט אויף דער שאלה.

אַז די בני־בית האָבן זיך ניט געקענט דערוואַרטן, איז איינער פון זיי, ס׳אייניקל, אַריין צו אים און געזאָגט:

— האָט קיין פאַריבל ניט, זיידע, וויפל איז דער שיעור? ס׳ווערט דאָך פאַרשטערט דער גאַנצער יום־טובֿ. מילא, אַז מ׳קען ניט כשר מאַכן, מאַכט מען אַמאָל טריף.

— וואָס רעדסטו? — לאָזט אים ר׳ יחיאל־מיכל ניט ריידן — ווי קען איך מיך זעצן צום סדר מיט מיינע בני־בית און הנאה האָבן פון יום־טובֿ, ווען ביי דער אָרימער אידענע וועט טריף ווערן דאָס עסן און זי וועט האָבן אַ פאַרשטערטן יום־טובֿ?

און האָט ווייטער גענומען בלעטערן ספרים.

אין אַ היפּשע ווײַלע אַרום איז ער אַרויסגעקומען פון בית־דין־שטוב און געזאָגט צו דער אידענע:

— סאַי כשר, איר מעגט עסן.

און ערשט דעמאָלט האָט ער זיך געזעצט צום סדר.

❦

533

אלכסנדר צעדערבוים, דער רעדאַקטאָר פון „המליץ״, בעת ער האָט געוואוינט אין פּעטערבורג, איז זיין מנהג געווען האָבן פּסח צום סדר עטלאַכע מנינים מענטשן. אידישע סטודענטן, שרייבער, דאָקטוירים, וואָס

## די דאָזיגע נאַכט פון פּסח

האָבן געבײנקט נאָך אַ אידישע סביבה אינם גויִשן פּעטערבורג, פֿלעגן קומען צו צעדערבוימ׳ס סדרים, אָפּפּרישן אַביסל ס׳אידישקייט זייערס. צעדערבוים האָט אָפּגעריכט דעם סדר אויפֿן עכט־אידישן שטייגער, מיט אַלע פּיטשעווקעס. איינער פון די סטודענטן האָט געפּרעגט די פיר קשיות, צעדערבוים האָט פֿאַרטייטשט די הגדה און דער עולם האָט זיך איינגעהערט מיט גרויס כונה.

צווישן עולם פּסח׳דיקע געסט זיינען תמיד געווען: דער משורר מינסקי, פּראָפעסאָר ווענגראָוו, לודוויג סלאָנימסקי (ר׳ חיים־זעליג סלאָנימסקי׳ס אַ זון) און ש. פרוג.

אין יאָר תרמ״א איז אין פּעטערבורג געווען אַ שמד־מגפה. כמה אידישע יונגעלייט האָבן זיך געשמד׳ט, כדי צו קריגן זכיות פון דער רוסישער מלוכה. צווישן די געשמד׳טע זיינען געווען: מינסקי, ווענגראָוו און סלאָנימסקי.

יענעם פּסח איז ביי צעדערבוימ׳ען צו די סדרים געווען נאָך לעבעדיקער, ווי אַלע יאָר. דער עולם איז געווען גרעסער, ס׳זיינען צוגעקומען פּנים חדשות. מ׳האָט געוואָלט, ווי אויף־צו־להכעיס, אַרויסווייזן ס׳אידישקייט.

בעת דער גאַנצער עולם איז שוין געזעסן ביים סדר־טיש און צעדערבוים האָט זיך געקליבן מאַכן קידוש — עפנט זיך די טיר און ס׳גייען אַריין די דריי משומדים: מינסקי, ווענגראָוו און סלאָנימסקי.

צעדערבוים בלייבט שטיין ווי געפּלעפט. דער עולם קוקט זיך איבער.

פֿלוצלונג שטעלט זיך אויף פרוג און גיט אַ געשריי:

— וואָס שווייגט איר? עפנט די טיר און זאָגט: „שפוך חמתך״!

און ער הויבט אָן זאָגן אויפן קול, מיטן הגדה־ניגון:

— „שפוך חמתך על הגוים אשר לא ידעוך״...

דער גאַנצער עולם האָט אָנגעהויבן פּאַטשן און די דריי משומדים האָבן זיך אַרויסגערוקט באַגראָבענע פון חרפּה.

✻

534

ר׳ גרשון טיקטין, ברעסלויער רב, איז אַמאָל יום־טוב געגאַנגען פון בית־מדרש אַהיים. טרעפט ער אָן עטלאָכע טייטשן, וואָס ער האָט געקענט פאַר מחללי־שבת, מיט ציגאַרן אין מויל.

— גוט־שבת! גוט־שבת! — זאָגט זיי ר׳ גרשון.

— ס׳טייטש, רבי — חידושין זיי זיך — היינט איז דאָך יום־טוב.

— כ׳האָב געזען — שמייכלט ר׳ גרשון — אַז איר רויכערט, האָב איך געמיינט ס׳איז שבת...

535
אין פּרוזשינע איז געווען אַ גביר, ר׳ משה־וועלוול, אַ איד אַ נכבד און אַ פּקח.

איינמאָל, חול־המועד, זיינען צו אים אַריין צוויי אָרימע בעלי־בתים פון שטעטל, ער זאָל זיי שרייבן אַ וועקסל און זיי וועלן עס ביי אים משליש זיין. איז געוואָרן אַ קלערה, צי מ׳מעג אַזאַ וועקסל שרייבן אום חול־המועד, צי ס׳איז אַ „דבר האבוד״.

— מ׳מעג אָן שום קלער — שמייכלט ר׳ משה־וועלוול — אַן אמת׳ער „דבר האבוד״. אַזעלכע קבצנים ווי איר וועלן צאָלן אַ וועקסל?...

536
ר׳ חיים צאַנזער האָט אַמאָל, שבועות נאָכן דאַווענען, געהייסן דעם שמש פאַרבעטן צו זיך אויף קידוש אַ פּאָר גבירים.

די גבירים זיינען אַריין צו ר׳ חיים׳ען. דער טיש איז געווען גע־גרייט צו קידוש, וועדליק יום־טוב. באַלד איז אַריין ר׳ חיים, געזאָגט אַלעמען: „גוט־יום־טוב״ און זיך געזעצט ביים טיש. זעצן זיך די גבירים אויך און וואַרטן מיט דרך־ארץ ר׳ חיים זאָל פריער קידוש מאַכן.

— אַמאָל — זאָגט ר׳ חיים — אין די אינגערע יאָרן, פלעג איך מיך נוהג זיין, שבועות פאַר קידוש זאָגן אַ פּשט׳ל. היינט, צו דער עלטער, האָב איך קיין כח ניט, וועל איך אייך זאָגן איין וואָרט בקיצור.

די גבירים שטעלן אָן מויל און אויערן, הערן ר׳ חיים׳ס תורה.

— איר זאָלט וויסן זיין — זאָגט זיי ר׳ חיים — אַז כ׳דאַרף האָבן טויזנט ריינעש אויף אַ נויטיקע צדקה, כ׳וועל קיין קידוש ניט מאַכן, ביז איר וועט אייך צווישן זיך איינטיילן מיטן סכום און אי״ה מוצאי יום טוב מיר אַריינטראָגן ס׳געלט.

און ר׳ חיים הויבט זיך אויף פון טיש.

די גבירים האָבן צווישן זיך איינגעטיילט, וויפל איטלאַכער פון זיי וועט געבן און צוגעזאָגט ר׳ חיים׳ען, אַז מוצאי יום טוב טראָגן זיי אים אַריין טויזנט ריייניש.

ערשט דעמאָלט האָט ר׳ חיים קידוש געמאַכט.

## אין די ניין טעג

537
ר׳ לוי־יצחק באַרדיטשעווער איז אַמאָל אין די ניין טעג געגאַנגען קלייבן אויף אַ צדקה זאַך. איז ער אַריין צו אַ נגיד אין שטוב און אים געטראָפן מיט אַ גאַנצן עולם זיצן ביים טיש און עסן עופות.

— ס׳אי מיר א גרויסער חידוש אויף אייך — שמייכלט ר׳ לוי־יצחק — אז איר עסט היינט אויף די עופות, וועט איר דאך בלייבן ערב־יום־כפור אן א כפרה...

538

ר׳ לוי־יצחק באַרדיטשעווער איז אַמאָל, תשעה־באב, געגאַנגען אין גאַס. זעט ער, ווי א איד עסט.

גייט ער צו און זאָגט אים:

— אודאי פאַרגעסן, אז היינט איז תשעה־באב.

— ניין, רבי — זאָגט יענער — כ׳ווייס, אז היינט איז תשעה־באב.

— ווייסט אודאי ניט — זאָגט ווייטער ר׳ לוי־יצחק — אז תשעה־באב טאָר׳ן ניט עסן.

— ניין — זאָגט יענער — כ׳ווייס, אז היינט איז א תענית.

— ביזטו אודאי — זאָגט ר׳ לוי־יצחק — א שוואַכער מענטש און טאָרסט ניט פאַסטן.

— ניין — שמייכלט יענער — כ׳בין גאַנץ געזונט.

הויבט ר׳ לוי־יצחק אויף די אויגן צום הימל און זאָגט:

— זע, רבונו־של־עולם, וואָס א איד איז. ער וועט ליבערשט זאָגן אויף זיך, אז ער טוט אן עבירה, איידער ברייגגען פאַרן מויל א שקר...

539

צו ר׳ יאָשע־בער׳ן איז אַמאָל, ערב תשעה־באב, געקומען א אידענע מיט א שאלה.

— רבי — זאָגט זי מיט א צובראָכן געמיט — כ׳בין א אידישע טאָכ־טער און היט אָפּ אידישקייט ווי גאָט האָט געבאָטן. זינט כ׳בין א בעל־הבית׳טע מאַך איך ערב תשעה־באב לאָקשן, ווי ס׳פירט זיך ביי אידן. היינט האָט זיך, מעשה־שטן, געמאַכט א פאַרדרייעניש: כ׳האָב פאַר־קנאָטן לאָקשן און בעת־מעשה פאַרגעסן און געמאַכט פאַרפל.

— א שווערע שאלה — מאַכט ר׳ יאָשע־בער אן ערנסט פנים.

און הויבט זיך אויף, גייט צו צום אַלמער ספרים, נעמט אַרויס א גרויסן, דיקן ספר, בלעטערט, זוכט, איז כלומר׳שט מעיין. נאָך א היפּשע ווײַלע זאָגט ער צו דער אידענע:

— דאָס מאָל מעגט איר עסן די פאַרפל. איר זאָלט אָבער מקבל זיין אויף זיך זיין זהיר אַלע ערב תשעה־באב צו מאַכן לאָקשן.

די וואָס שטייען דערביי קוקן זיך איבער און קוועטשן מיט די פּלייצעס.

אז די אידענע איז אַרויס פרעגט איינער ר׳ יאָשע־בער׳ן:

— רבי, פאַרוואָס האָט איר געמאַכט אַזאַ וועזן פון א נאַרישקייט?

— גאַר פּשוט — זאָגט ר׳ יאָשע־בער — איר זעט דאָך, אַז די אידענע איז אַ פּראָסטע זאַך. איז אַז כ׳וועל חוזק מאַכן בעת זי קומט פרעגן אַ נאַרישקייט, וועט זי אַ צווייטן מאָל ניט קומען פרעגן אַ האַרבע שאלה...

※

540

צו ר׳ חיים בריסקער איז אַמאָל, אין די נײַן טעג, געקומען אַ אינגעלע מיט אַ שאלה:

— רבי, די מאַמע האָט געשיקט פרעגן, צי כ׳מעג עסן פליייש.

ר׳ חיים קוקט אָן דעם אינגעלעם בלאַס פּנים, גיט אים אַ גלעט און ענטפערט:

— יאָ, מיין קינד, דו מעגסט עסן פליייש און גיי זאָג דער מאַמען דיינער, אַז זי מעג אויך.

די דיינים קוקן זיך איבער.

— וואָס חידוש׳ט איר זיך? — זאָגט ר׳ חיים — אַזאַ בלייך קינד האָט מסתמא אַ מאַמען אויך אַ שוואַכע...

# אין די פּאַרכטיקע טעג

541

ר׳ יחזקאל לאַנדאַ, דער „נודע ביהודה“, האָט געהאַט אַ חזקה צו דאַווענען ימים נוראים פאַרן עמוד. פאַר „מכלכל חיים“ האָט ער געהאַט אַ באַזונדער ניגון, וואָס ער פלעגט זינגען אַלע יאָר. אין פּראָג האָט׳ס גע־הייסן: „דעם רב׳ס מכלכל חיים“.

אין פּראָג איז געווען אַ בדחן. האָט ער זיך מיישב געווען און אָנ־געהויבן זינגען אויף שמחות „דעם רב׳ס מכלכל חיים“, נאָכמאַכנדיק דעם „נודע ביהודה“ מיט זיין קול און אַלע זיינע תנועות. דעם עולם איז׳ס שטאַרק געפעלן געוואָרן און דער בדחן האָט אומעטום אויסגענומען.

האָבן׳ס דערהערט די פּרנסים פון פּראָג, האָבן זיי געשיקט רופן דעם בדחן און אים מתרה געווען, אַז זיי וועלן אים מעביר זיין און קנס׳ענען מיט געלט, אויב ער וועט ניט אויפהערן צו זינגען „דעם רב׳ס מכלכל חיים“. און אַצינד זאָל ער תיכף גיין בעטן דעם רב מחילה, פאַר דעם אומ׳כבוד, וואָס ער האָט אים אָנגעטאָן.

דער בדחן איז אַוועק צום „נודע ביהודה“ און אים אָנגעהויבן בעטן:

— רבי, האָט קיין פאַריבל ניט, כ׳האָב ניט געמיינט, חלילה, אייך פּוגע בכבוד זיין, כ׳האָב׳ס געטאָן בלויז צוליב פּרנסה און איך זאָג אייך צו, אַז מער...

— חלילה — שלאָגט אים איבער דער „נודע ביהודה" — כ׳האָב אויף אייך קיין ברעקל פאַריבל ניט, אדרבה, ס׳טוט מיר הנאה, אַז איך קען העלפן אַ אידן אין פּרנסה. כ׳גיב אייך רשות צו זינגען מיין „מכלכל חיים" ווען און וואו איר ווילט.

— אָבער — שטאַמלט דער בדחן — די פּרנסים, רבי...

— וועל איך אייך געבן — זאָגט דער „נודע ביהודה" — כתוב וחתום.

און ער זעצט זיך אַוועק און שרייבט אָן אַ כתב מיט אַזאַ נוסח:

„צו מודיע זיין, אַז דער מוכ"ז, הבדחן דער און דער, האָט פון מיר רשות, זיך מפרנס צו זיין מיט מיין מכלכל חיים. נאום..."

❦

542

אין פּרעסבורג, וואו ר׳ משה סופר, דער „חתם סופר", איז געווען רב, איז איינער געווען אַ בעל־תקיעה אין שול כמה יאָרן. איז׳ן דערגאַנגען, אַז זייענדיק אין דייטשלאַנד האָט ער געגעסן האַזנפלייש. האָט אים דער „חתם סופר" ניט צוגעלאָזן צו זיין אַ בעל־תקיעה.

איז ער געקומען צולויפן צום „חתם סופר" מיט אַ טענה:

— סטייטש, רבי, כ׳האָב דאָך שוין אַ חזקה, אַזויפיל יאָרן געבלאָזן.

— אַז איר קענט עסן האָס * — שמייכלט דער „חתם סופר" — ברויכט איר ניט צו בלאָזן...

❦

543

ר׳ לוי־יצחק באַרדיטשעווער האָט אַמאָל פאַר ראש־השנה געזוכט אַ בעל־תקיעה. זיינען צו אים געקומען בעלי־תקיעות פון גאַנץ שטאָט, איט־לאַכער האָט געוואָלט האָבן די זכיה צו זיין ר׳ לוי־יצחק׳ס בעל־תקיעה. האָט ער זיי אַלעמען פאַרהערט און איטלאַכן געפרעגט:

— וואָס ביזטו מכוון בעת די תקיעות?

האָט איטלאַכער זיך געפלייסט צו ווייזן וואָס אַ גרעסערע ידיעה אין די כונות און די יחודים פון תקיעת שופר.

איין בעל־תקיעה האָט געענטפערט:

— רבי, כ׳בין אַ פּראָסטער איד. כ׳האָב פיר דערוואַקסענע טעכטער חתונה צו מאַכן און האָב ניט פאַר זיי אַ גראָשן נדן. בין איך מכוון אין די תקיעות: רבונו־של־עולם, איך האָב געטאָן דיין רצון און געבלאָזן פאַר דיר שופר, טו דו מיין רצון און שיק מיר צו זווגים פאַר מיינע טעכטער.

האָט זיך ר׳ לוי־יצחק דערפרייט און אים געזאָגט:

— דו ביזט מכוון די אמת׳ע כונה, דו וועסט זיין מיין בעל־תקיעה...

* אין אונגאַרן רעדט מען אויס היים — האָס און האָז — האָס.

544
איינמאָל, אין אַ סליחות־נאַכט, בעת ר׳ לוי־יצחק מיטן שמש זיינעם זיינען געגאַנגען צו סליחות, איז אַרויס אַ גרויסער רעגן און זיי האָבן ביידע געמוזט זיך שטעלן אונטער אַ דאַך, איבערוואַרטן דעם רעגן. גראָד איז׳ס געווען אַ שיינק, וואו ס׳קומען זיך צענויף אַלע גנבים, פּרעסן, זויפן און מאַכן אָפּ צווישן זיך אַלע זייערע בלאַטע עסקים.

זעט דער שמש דורכן פענסטער, ווי אַ חברה יונגען זיצן ביי אַ טישל, וואָס איז אָנגעשטעלט מיט בראַנפן און ביר און כל׳ערליי פאַרבייסאַכץ, און לאָזן זיך וואוילגיין.

— זעט, רבי — זאָגט ער צו ר׳ לוי־יצחק׳ן — ס׳אַרע פּושעים, צו סליחות זיצט׳ן און מ׳שכור׳ט.

— וואָס רעדסטו? — שלאָגט אים אָפּ ר׳ לוי־יצחק — דאָס מאַכן אידן ברכה.

זעט ווייטער דער שמש, ווי די יונגען גיבן זיך איינע די אַנדערע די הענט.

— אַצינד — זאָגט ער צו ר׳ לוי־יצחק׳ן — מאַכן זיי אָפּ צווישן זיך, ווי זיך צו טיילן מיט די גנבות.

— חס ושלום! — זאָגט ר׳ לוי־יצחק — דאָס זאָגן זיי „לחיים“ און ווינטשן זיך אַ גוט יאָר.

זעט ווידער דער שמש, ווי זיי שושקען זיך צווישן זיך. זאָגט ער:

— און אַצינד זאָגט׳ן אוים איינער דעם אַנדערן וואו און וועמען מ׳האָט באַ׳גנב׳עט.

— אויב אַזוי — זאָגט ר׳ לוי־יצחק מיט שמחה — זיינען זיי דאָך אמת׳ע בעלי תשובה — זיי זיינען זיך מתודה איינער פאַרן אַנדערן, כדי צו קומען גערייניקטע צו סליחות...



545
ר׳ לוי־יצחק האָט אַמאָל פאַרשפּעטיקט צו סליחות. כדרך הטבע האָט דער גאַנצער עולם געוואַרט אויף אים. ווען ער איז געקומען אין בית־מדרש, איז שוין געווען גרויסער טאָג. ווען אומעטום האָט מען שוין באַלד אָפּגעזאָגט סליחות. האָט זיך ר׳ לוי־יצחק אָוועקגעשטעלט און געזאָגט:

— רבונו־של־עולם! איך בין דאָך ניט מער ווי אַ בשר ודם, בין שוין אַלט און שוואַך, ניטאָ שוין קיין כח אויפצושטיין פאַרטאָג און זאָגן גאַנץ סליחות. אָבער דו, רבונו־של־עולם, דו ביזט דאָך אַן אל חי וקים, ביזט ניט אַלט, ביזט ניט שוואַך, דאַרפסט ניט שלאָפן — טאָ זאָג דו פאַר אונז סליחות. און דו דאַרפסט קיין סך ניט זאָגן. דיינע סליחות איז דאָך איין וואָרט: סלחתי!...

546

ר׳ לוי־יצחק באַרדיטשעווער איז, כידוע, געווען אַ גרויסער מלמד־זכות אויף אידן. ער פלעגט זיך אוועקשטעלן און אויס־טענה׳ן זיך מיטן רבונו־של־עולם אויף פּראָסט אידיש, אַט כדבר איש אל רעהו.

איינמאָל, ווען דער ערשטער טאָג ראש־השנה איז אויסגעפאַלן שבת, האָט ר׳ לוי־יצחק זיך אוועקגעשטעלט פאַרן רבונו־של־עולם און געהאַט מיט אים אַזאַ שמועס:

— היינטיקן ראש־השנה מוזטו אונז אַלעמען אָנשרייבן לחיים. מחמת היינט איז דאָך שבת־קודש, טאָרסטו דאָך ניט שרייבן. היינט וואָס וועסטו טאָן מיטן „בראש השנה יכתבון"? האָסטו בלויז איין עצה: אָנשרייבן אַלעמען „לחיים" און פּקוח נפש איז דוחה שבת...



547

איינמאָל, ראש־השנה צו תקיעות, בעת ר׳ לוי־יצחק האָט זיך געשטעלט בלאָזן שופר, האָט זיך דער שופר פאַרהאַקט און ניט אַרויסגעגעבן קיין איין קול. ר׳ לוי־יצחק האָט געפּרואווט דעם שופר אויף אַלע זייטן, געטאָן אַלע סגולות, געזאָגט „ויהי נועם" — ניטאָ קיין קול שופר. האָט ר׳ לוי־יצחק אוועקגעלייגט דעם שופר און געזאָגט:

— רבונו־של־עולם, ווילסטו ניט, אַז **איך** זאָל בלאָזן שופר, טאָ זאָל **דיר איוואַן** בלאָזן שופר...



548

איינמאָל, ראש־השנה צו מוסף, בעת ר׳ לוי־יצחק באַרדיטשעווער האָט געהאַלטן אין מיטן „ונתנה תוקף", ביי די ווערטער: „ויכון בחסד כסאך ותשב עליו באמת", האָט ער מפסיק געווען און גענומען זיך אויס־טענה׳ן מיטן רבונו־של־עולם:

— רבונו־של־עולם, אויב דו ווילסט זיצן אויף דיין כסא־הכבוד מיט אַן אמת, ווי עס פּאַסט פאַר דיר, דעם מלך מלכי המלכים, אַז וואָס דו זאָגסט זאָל זיין געזאָגט, מוזטו זיך נוהג זיין מיט אונז במדת החסד, גוזר זיין אויף אונז גזירות טובות, ישועות און נחמות, דעמאָלט וועלן דיינע גזרות מקוים ווערן. טאָמער, חלילה, וועסטו זיך נוהג זיין מיט אונז במדת הדין, און גוזר זיין, חס ושלום, גזירות רעות, וועסטו אויף דיין כסא־הכבוד ניט איינזיצן און דיינע גזירות וועלן ניט מקוים ווערן. וואָרים די צדיקי הדור וועלן דיך ניט צורו לאָזן און וועלן דיינע גזירות מבטל זיין. על־כן, רבונו־של־עולם: „ויכון **בחסד** כסאך ותשב עליו **באמת**"...

549

איינמאָל, ראש־השנה צו מוסף, בעת ר׳ לוי־יצחק האָט געהאַלטן ביי „בראש השנה יכתבון“ האָט ער מפסיק געווען און אָנגעהויבן פאַר־טייטשן:

„בראש השנה יכתבון“ — אום ראש־השנה שרייבן זיי, די אומות העולם; „וביום צום כפור יחתמון“ — אום יום־כפור חתמ׳ענען זיי; „כמה יעברון“ — וויפל נשים מאַכן זיי מעוברת אין די הייליקע טעג, „וכמה יבראון“ — וויפל ממזרים באַשאַפן זיי אין די פאַרכטיקע טעג. טאָ זאָג־זשע אַליין, רבונו־של־עולם, „מי יחיה“ — ווער דאַרף צו לעבן, „ומי וכו׳“...



550

ר׳ לייב, דער שפּאָלער זיידע, האָט אַמאָל, ראש־השנה פאַר תקיעות, געזאָגט:

— רבונו של עולם, וואָס ווילסטו פון דיין פאָלק ישראל? גלויב מיר, ווען כ׳וואָלט ניט געזען מיט די אויגן, אַז אידן טוען מצוות און מעשים טובים, וואָלט איך ניט געגלויבט, אַז זיי זיינען ביכולת צו טאָן איין מצוה אין אַזאַ שווערן גלות...



551

פאַר ר׳ וועלוועל׳ן, דעם ווילנער שטאָט־מגיד, איז אין ווילנע געווען חזן ר׳ יואל־דוד שטראַשון, דער ווילנער בעל־הבית׳ל, וואָס איז געווען מפורסם פאַר דעם גרעסטן מנגן אין דור.

איינמאָל, ראש־השנה, האָט ער זיך פאַרזונגען אין מוסף און אָפּ־געהאַלטן דעם עולם ביז פיר אַזייגער.

נאָכן דאַווענען גייט צו דער חזן צום שטאָט־מגיד גוט־יום־טוב־ביטן, ווי דער שטייגער.

— מ׳דאַרף דאָך — זאָגט ר׳ וועלוועלע — אייך זאָגן אַ דבר־תורה, נאָר אַזוי ווי ס׳איז שוין שפּעט, וועל איך אייך זאָגן איין וואָרט בקיצור.

מיר ווייסן, אַז: „על שלשה דברים העולם עומד“, די וועלט שטייט אויף דריי זאַכן, אויף תורה און עבודה און גמילות חסדים. תורה — איז ווילנע יוצא מיט מיר, איך זאָג פאַרן עולם. עבודה — איז שטאָט יוצא מיט אייך, איר דאַוונט פאַרן עולם. גמילות חסדים — טוט ווילנע מיט אונז ביידן, וואָס מ׳קומט אונז הערן. ווען ניט דער עולם, וואָלט איך ניט געהאַט פאַר וועמען צו זאָגן און איר — פאַר וועמען צו דאַוונען. און איר ווייסט דאָך, אַ גמילות־חסד דאַרף׳ן לאַנג ניט האַלטן...

552

צלאל אדעסער, דער חזן מפורסם, פלעגט דאַוונען אין סאַווראַנער הויף. איינמאָל איז ער עפּעס נכשל געוואָרן אין אַן עבירה, רחמנא ליצלן. יענעם ראש־השנה צו מוסף האָט דער סאַווראַנער ניט צוגעלאָזן צלאל׳ן צום עמוד און געהייסן גיין אַן אַנדערן. צלאל איז געשטאַנען אין אַ ווינקל אַ פאַרשטויסנער, אַ פאַרשעמטער און געדאַוונט מיט אַ צעבראָכן האַרץ. אַז דער בעל־תפילה איז געקומען צו „הפותח שער לדופקי בתשובה", האָט צלאל געגעבן אַזאַ קרעכץ, אַז ס׳האָט זיך געהערט איבערן גאַנצן בית־מדרש.

האָט דער סאַווראַנער אַפּירגעהויבן דעם קאָפּ פון אונטער׳ן טלית און געזאָגט:

— זאָל צלאל גיין צום עמוד. ער איז אַ חוזר בתשובה...



553

ר׳ הערש־לייב פלעגט זיין זייער נזהר, זיך ניט צו זעצן צום טיש, ביז מ׳האָט פריער ניט געגעבן עסן די עופות.

איינמאָל, ראש־השנה בייטאָג, קומענדיק פון שול, האָט ער, ווי זיין שטייגער, געוואַרט מיט קידוש ביז מ׳וועט פריער געבן עסן די עופות. האָט מען אָבער ניט געפונען ס׳שליסל פון קעמערל. מ׳האָט געזוכט און געזוכט און ניט געפונען. האָט ער געהייסן ברייננען אַ גוי, ער זאָל אויפברעכן דעם שלאָס. דערווייל ווערט שפּעט, קיינער פון די בני־בית האָט נאָך היינט ניט טועם געווען, ר׳ הערש־לייב אַליין איז אַלט און שוואַך, אָבער ער וואַרט און מאַכט ניט קיין קידוש.

ערשט ווען מ׳האָט געפונען אַ גוי און ער האָט אויפגעבראָכן דעם שלאָס און מ׳האָט געגעבן עסן די עופות, האָט זיך ר׳ הערש־לייב געזעצט צום טיש און געמאַכט קידוש.



554

ר׳ נחמן בראַצלאַווער פלעגט זאָגן:

— תיכף נאָך ראש־השנה לייג איך צו ס׳אויער צום וואַנט, צי מ׳קלאַפּט שוין צו איבעראַיאָריקע סליחות...



555

ר׳ נחמן בראַצלאַווער האָט אַמאָל געשיקט זיין תלמיד, ר׳ נתן, קיין מעזשיבוש. דעם בעל־שם־טוב׳ס אַ נחלה איז געשטאַנען פאַרקויפט צו ווערן אויף אַ ליצעטאַציע. געווען איז׳ס גראָד בין כסא לעשור, צווישן ראש־השנה און יום־כפור, אין די עשרת ימי תשובה.

פאַרן פאָרן זאָגט ר׳ נחמן צו ר׳ נתנ׳ען:

— אז דו וועסט זיין אין מעזשיבוזש, זאָלסטו אַריינגיין געוואויר ווערן דעם פעטער ברוך *.

אז ר׳ נתן איז צוריקגעקומען, פרעגט אים ר׳ נחמן:

— נו, האָסטו געזען דעם פעטער?

— יאָ — ענטפערט ר׳ נתן — און ער האָט שטאַרק מתרעם געווען. עשרת ימי תשובה — זאָגט ער — האָט דיין רבי אין זינען נחלאות, קניני עולם הזה.

— אוואָ — מאַכט ר׳ נחמן — ביים פעטער איז אויך די טעג עשרת ימי תשובה? און אַ גאַנץ יאָר וואָס איז?...



556

ר׳ נתן, דער „מגלה עמוקות״, איידער ער איז געוואָרן רב אין קראָקע, איז ער דאָרט אַמאָל געקומען אויף „ימים נוראים״.

יום־כפור נאָך כל־נדרי איז אין קראָקע אַ מנהג צו זינגען „אדון עולם״ און מ׳איז מכבד מיט דעם שענסטן אידן.

איז דער ראש־הקהל צוגעגאַנגען צום „מגלה עמוקות״ און אים געזאָגט:

— רבי, קהל איז אייך מכבד מיט „אדון עולם״.

— און איך — זאָגט אים דעם „מגלה עמוקות״ — וואָלט ליבערשט געוואָלט, אַז דער אדון עולם זאָל מיך מכבד זיין מיט קהל...



557

ר׳ לוי־יצחק באַרדיטשעווער האָט אַמאָל, ערב יום־כפור, פאַרנאַכט, בעת דער גאַנצער עולם איז שוין געווען אין בית־מדרש צו „כל־נדרי״, גענומען אַ ליכט און אָנגעהויבן זוכן אונטער די ביינק.

— וואָס זוכט איר, רבי — פרעגט׳ן אים.

— כ׳זוך — ענטפערט ר׳ לוי־יצחק — אַ שכור׳ן אידן און קען בשום אופן ניט געפינען.

און תיכף שטעלט ער זיך אַוועק און הויבט אָן, ווי זיין דרך, זיך אויס׳טענה׳ן מיטן רבונו־של־עולם:

— זע, רבונו־של־עולם, ס׳איז אַ טייער פאָלק דיינע אידן זיינען. דו האָסט זיי געבאָטן צו עסן און צו טרינקען און זיי נאָך צוגעזאָגט, אַז ס׳עסן און ס׳טרינקען וועט פאַר דיר אָנגענומען ווערן ווי אַ תענית. ווען די אומות־העולם וואָלטן געהאַט אַזאַ טאָג, וויפל פון זיי וואָלטן איצט געלעגן טויט־שכור, וויפל וואָלטן זיך געוואָלגערט אין בלאָטע, וויפל

* ר׳ ברוך מעזשיבוזשער, דעם בעל־שם׳ס אייניקל, איז געווען ר׳ נחמן בראַצלאַווערס אַ פעטער.

וואַלטן געוועז צעממיתט, צענהרגט. און זע, גיב אַ קוק אויף דיינע אידן. בייטאָג האָבן זיי מקיים געווען דיין מצוה, געגעסן און געטרונקען און געפּראַוועט יום־טוב׳דיקע סעודות. און אַצינד, נאָך אַ שטיק צו־נאַכט, זיינען שוין אַלע דאָ אין בית־מדרש, קיינער איז ניט שכור, קיינער שלאָפט ניט, אַלע שטייען אויף די פיס, געהייליקטע און געריייניקטע, מוכן ומזומן צו מקבל זיין אויף זיך אַלע ענויים פון דעם יום הקדוש, זיך מתודה זיין פאַר דיר און טאָן תשובה מיטן גאַנצן האַרצן. היינט, זאָג אַליין, רבונו־של־עולם, זיינען זיי ניט ווערט, אַז דו זאָלסט זיי מוחל זיין אַלע זייערע עבירות, זיי אָנחתמ׳ענען לחיים טובים און זיי געבן אַ שנת ברכה והצלחה און אַ שנת גאולה וישועה...



*558*

ר׳ לוי־יצחק פלעגט זאָגן:

היינטיקע דורות זיינען ערלאַכער ווי אַמאָליקע. אַמאָליקע דורות האָבן אפילו יום־כּפּור אין שול ניט געזאָגט דעם אמת. זיי האָבן זיך געקלאַפּט אין האַרצן: „אשמנו, בגדנו, גזלנו“, „על חטא שחטאנו“ — און קיין איין וואָר וואָרט איז ניט געווען אין דעם; זיי האָבן זיך מתוודה געווען אויף עבירות, וואָס זיי האָבן קיינמאָל ניט געטאָן. היינטיקע דורות אָבער, ווען מיר קומען יום־כּפּור אין שול, זאָגן מיר דעם אמת פאַר׳ן רבונו־של־עולם: „אשמנו, בגדנו, גזלנו, דברנו דופי“ — אַלץ אמת, ניטאָ קיין וואָרט שקר. און דערפאַר אַליין זיינען מיר ווערט, אַז השי״ת זאָל אונז מוחל זיין אַלע אונזערע עבירות.

[אַן אַנדער נוסח:

אַמאָליקע יאָרן האָט אַ איד געזאָגט אמת אין מאַרק און שקר אין בית־מדרש. היינט זאָגט׳ן שקר אין מאַרק און אמת אין בית־מדרש.

אַמאָליקע דורות איז דער משא־ומתן אין מאַרק געווען באמונה, אַ וואָרט איז געווען אַ וואָרט, הן איז געווען הן און לאו — לאו. און אַז מ׳איז געקומען אין בית־מדרש און זיך געקלאַפּט: „אשמנו, בגדנו, גזלנו“ — איז געווען כולו שקר, קיין וואָרט וואָרט ניט. היינטיקע דורות איז שקר אין מאַרק, אַ וואָרט איז קיין וואָרט ניט. אָבער אַז מ׳קומט אין בית־מדרש און מ׳זאָגט: „אשמנו, בגדנו, גזלנו“ — איז אַלץ אמת, גאַלע וואָרהייט...]



*559*

דער קאָזשניצער מגיד, ר׳ ישראל, איז כל ימיו געווען אַ חלוש, הויט און ביינער, קוים וואָס די נשמה האָט זיך אין אים געהאַלטן. ער פלעגט גיין אין העמדער פון האָזנפעל און ליגן תמיד אין בעט.

יום־כפור פלעגט ער זיך שטארקן מיט אלע כחות, אראפגיין פון בעט און דאווענען פארן עמוד.

איינמאל, יום־כפור צו „כל־נדרי", אז ער האט געהאלטן ביי „סלחתי כדבריך", האט ער מפסיק געווען א ווײלע און זיך אנגעהויבן אויס־טענה׳ן מיטן רבונו־של־עולם:

— רבון העולמים, קיינער, א חוץ דיר, ווייסט ניט ווי שוואך איך בין און קיינער, א חוץ דיר, ווייסט ניט ווי שטארק דו ביזט. און אז איך האב מיך געשטארקט מיט די לעצטע כחות און זיך געשטעלט פארן עמוד, בלויז פון דיינע קינדערס וועגן, איז דיר, רבונו־של־עולם, שווער צו זאגן פון זייערט וועגן צוויי ווערטער: „סלחתי כדבריך"?...



560

ר׳ הירש זידיטשיווער מיט זיין ברודער ר׳ משה סאמבורער זיינען אמאל געווען יום־כפור אין לובלין, ביים „חוזה". יום־כפור איז ר׳ הירש אוועקגעפאלן, געווען פארביי. האט ר׳ משה זיך גע׳עוסק׳ט ארום אים, געמאכט פייער און געווארימט רפואות.

מוצאי יום־כפור, נאך מעריב, פרעגט דער „חוזה" ר׳ משה׳ן, וואס ר׳ הירש, דער ברודער זיינער, מאכט. דערציילט אים ר׳ משה, אז ער האט געמוזט מחלל־יום־כפור זיין, מאכן פייער און ווארימען רפואות.

— אצינד — שמייכלט דער „חוזה — ווייס איך פאר וואס מיר האבן היינט געהאט אזא היים דאווענען, מחמת איר האט אנגעווארימט...



561

ר׳ נפתלי ראפשיצער איז, כידוע, געווען א גרויסער וויצלינג און פלעגט זיך ניט אפהאלטן פון א גלייכווערטל אפילו בעת דער גרעס־טער התרוממות.

איינמאל, יום־כפור, בעת ער איז געשטאנען איינגעבויגן אין דער שמונה־עשרה, האט איינער אויף אים ארויפגעלייגט דעם מחזור און געזאגט די שמונה־עשרה מיט „אשמנו" און „על־חטא".

נאך דער שמונה־עשרה מאכט ר׳ נפתלי צום יענעם:

— דו האסט געזינדיגט און אויף מיר זאגסטו...



562

אין צאנז האט אמאל יום־כפור א אידן זיך פארוואלט טרינקען, אבער אזוי שטארק, אז ס׳האט געהאלטן ביי סכנת נפשות.

איז׳ן געקומען פרעגן ר׳ חיים׳ען א שאלה, וואס זאל׳ן טאן.

— גיט אים — פסק׳נט ר׳ חיים — א לעפל וואסער.

האָט׳ן אים געגעבן. דער איד האָט זיך אָבער ניט באַרואיקט און געח׳לש׳ט אַ טרונק. איז׳ן ווייטער געקומען פרעגן ר׳ חיימ׳ען, וואָס זאָל׳ן טאָן.

— זאָגט אים — הייסט ר׳ חיים — אַז ער וועט קריגן וואַסער וויפל ער וויל, נאָר בתנאי אַז פאַר איטלאַך לעפל וואַסער זאָל ער געבן פּדיון־נפש הונדערט רייניש...

דער איד האָט זיך תיכף באַרואיקט.



563

ר׳ יוסף־שאול נאַטאַנסאָן, איידער ער איז געוואָרן רב אין לעמבערג, איז ער געווען אַ גרויסער עושר. ס׳גאַנצע עשירות איז אָבער געלעגן ביים ווייב אין די הענט — זי איז געווען די מפרנסת. ר׳ יוסף־שאול האָט עוסק געווען יום ולילה אין תורה און אין עבודה און האָט קיין צורת מטבע ניט געוואוסט.

איינמאָל, ערב־יום־כפור, האָט ס׳ווייב זיינס, אָדל, אים געגעבן צוויי מטבעות, אַ גאָלדן רענדל און אַ קופּערנעם פירער, ער זאָל געבן אַ נדבה אויפן בית־מדרש און אויך אַ נתינה דעם שמש.

ר׳ יוסף־שאול איז געקומען אין בית־מדרש, אָפּגעדאַוונט מנחה, האָט ער דערלאַנגט דעם גבאי דעם קופּערנעם פירער און דעם שמש האָט ער געגעבן ס׳רענדל. דער שמש האָט צוגענומען די גאָלדענע מטבע, אים באַדאַנקט און אַנגעוואונטשן. דעם גבאי האָט שטאַרק פאַרדראָסן אויף אָדלען: ס׳הייסט? חוזק מאַכן פון אַן עדה אידן? שיקן אַ פירער אַ נדבה. און היות אָדל האָט גע׳שמ׳ט פאַר אַ קמצנ׳טע, האָט׳ן וועגן דעם גערעדט אין גאַנץ שטאָט.

אַז אָדל איז דערפון געוואויר געוואָרן, פרעגט זי ר׳ יוסף־שאול׳ן:

— ווי האָסטו געגעבן ס׳געלט?

— ס׳הייסט, ווי? — חידוש׳ט זיך ר׳ יוסף־שאול — דו האָסט מיר גע־געבן צוויי מטבעות, איינע אַ גרויסע און איינע אַ קליינע. האָב איך די קליינע געגעבן דעם שמש און די גרויסע דעם גבאי...



564

ר׳ ישראל סאַלאַנטער האָט אַמאָל פאַרשפּעטיקט צו „כל־נדרי“. כדרך הטבע האָט דער גאַנצער עולם אויף אים געוואַרט. מ׳וועט זיך דאָך ניט שטעלן אָן אים זאָגן „כל נדרי“. מ׳וואַרט אָבער אַ צייט, ס׳ווערט שוין שפּעטלאַך, און ר׳ ישראל איז נאָך ניטאָ. שיקט׳ן דעם שמש צו אים אַהיים — קיינער איז ניטאָ. אַלע זיינען אַוועק צו „כל־נדרי“. ווערט שוין דער עולם אומרואיק, טאָמער האָט, חלילה, עפּעס פּאַסירט. לאָזט׳ן

זיך ארויס אים זוכן. מ׳זוכט, מ׳פרעגט — ר׳ ישראל זעט זיך ניט. גייט׳ן שויז צוריק. מ׳גייט פארביי א שטוב, ניט ווייט פון בית־מדרש, מ׳גיט א קוק דורכן פענסטער, ווערט׳ן נבהל ומשתומם: ר׳ ישראל זיצט ביי א וויגעלע און וויגט א קינד. לויפט׳ן אריין:

— רבי, מיר זוכן דאך אייך ארום, מ׳ווארט אויף אייך מיט „כל־נדרי״.

— ששש... — מאכט צו זיי ר׳ ישראל — איר׳ט אויפוועקן ס׳קינד. ס׳איז ערשט איינגעשלאפן. גייענדיק אין שול האב איך געהערט ווי א קינד וויינט. בין איך אריין אין שטוב — קיינער ניטא, אלע זיינען אוועק אין שול. האב איך מיך געזעצט און צוגעוויגט ס׳קינד ביז ס׳איז איינגעשלאפן...



565

אינם יאר פון דער מגפה, ניט היינט געדאכט, האט ר׳ ישראל סאלאנטער מיטן ווילנער בית־דין געלאזט אויסרופן, אז קיינער זאל דעם יום־טוב ניט פאסטן, מחמת דאקטוירים האבן געזאגט, אז ס׳איז סכנת נפשות צו פאסטן אין א צייט פון חלי־רע.

יום־כפור נאך שחרית גיט דער שמש אין ווילנער שול א קלאפ אויפן בעלעמער און רופט אויס, אז דער גאנצער עולם זאל גיין אהיים מאכן קידוש און עסן די יום־טוב׳דיקע סעודה. קיינער אבער גייט ניט. אלע שטייען אין טלית און קיטל, קוקן איינער אויפן אנדערן און לאזן אראפ די אויגן, פול טרערן, צו דער ערד. א קלייניקייט, יום־כפור, וועמען וועלן עס דינען די פיס צו גיין אהיים? שטייט די גאנצע עדה אידן און רירט זיך ניט פון ארט.

איז ר׳ ישראל סאלאנטער ארויף אויפן באלעמער און אנגעהויבן איינצוריידן דעם עולם, אז זיי זאלן גיין אהיים טועם זיין, אז „ושמרתם לנפשותיכם״ איז אזא מצוה ווי „ועניתם את נפשותיכם״ און פקוח נפש איז דוחה די גאנצע תורה. — און דא איז געשען עפעס, אויף וואס קיינער האט זיך ניט געריכט.

ר׳ ישראל האט א וואונק געטאן צום שמש און יענער האט אים אנגעגאסן א בעכער ווייַן. ר׳ ישראל האט גענומען דעם בעכער, געמאכט א ברכה מיט גרויס געוויין און געטרונקען דעם ווייַן בפני קהל עם ועדה.

דער עולם האט געשלונגען די טרערן, געענטפערט אמן און מיט געבויגענע קעפ זיך אנגעהויבן ארויסשארן פון שול צו גיין אהיים עסן דעם ערשטן יום־כפור...

566

אין סלוצק איז געווען אַ רייכער פּאַדריאַטשיק. איז ער געווען זייער אַ פרומער און זייער אַ קאַרגער. ער פלעגט גיין אין רב׳ס בית־מדרש דאַווענען, זאָגן תהלים, נאָר אַ נדבה איז ביי אים געווען שווער אַרויסצונע־מען. ר׳ יאשע־בער האָט אים גוט געקענט און ניט איין מאָל געהאַט מיט אים צו טאָן פאַר זיין קמצנות.

יום־כּפּור נאָך „כּל־נדרי", ווען דער גרויסער עולם גייט אַהיים און בלויז געקליבענע, ערלאַכע אידן בלייבן אין שול אויף אַ גאַנצע נאַכט, איז דער גביר אויך געבליבן. ער האָט געזאָגט „שיר היחוד" מיטן עולם, געזאָגט פאַרן עולם אַ פּאָר ימים תהלים און זיך אַלץ געפליסט, אַז דער רב, ר׳ יאשע־בער, זאָל עס זען.

פאַרטאָג, בעת דער עולם רוט זיך אָפּ אַביסל, זיך מכין זיין צו שחרית, גייט ער צו צום רב און מאַכט.

— וואָס זאָגט איר, רבי? שווערלאַך צו זיין אויף אַ גאַנצע נאַכט און שטיין אויף די פיס.

— הערט — זאָגט אים ר׳ יאשע־בער — איר זיינט דאָך אַ פּאַדריאַטשיק, האָט איר דאָך אַ ידיעה אין מלוכה־ענינים, וועל איך ביי אייך עפּעס פרעגן:

כּידוע איז ביי אַ מלוכה איינגעפירט פאַרשיידענע מינים חיל. ס׳זיי־נען דאָ פוסגייער, ס׳זיינען דאָ רייטער און ס׳איז דאָ אַרטילעריע. יעדער מין חיל האָט זיך זיין עבודה און יעדער סאָלדאַט זיין אַרט. וועל איך אייך פרעגן: ווי איז, אַז אַ סאָלדאַט, וואָס מ׳האָט אים אַריינגעגעבן אין איין מין חיל, זאָל אַליין אַוועקגיין צום אַנדערן מין; אַ רייטער זאָל, למשל, אַוועקגיין צו די פוסגייער, וואָס קומט אים?

— אַזאַ סאָלדאַט — ענטפערט דער פּאַדריאַטשיק — קריגט אַ שווערע שטראָף, ער האָט געבראָכן די דיסציפּלין, אַ מורד במלכות. אָבער אַנט־קעגן וואָס פרעגט איר׳ס, רבי?

— טאַקע אַנטקעגן אייך אַליין — ענטפערט ר׳ יאשע־בער — מיר ווייסן, אַז „מלכותא דארעא כעין מלכותא דרקיע". דער רבונו־של־עולם האָט אויך פאַרשיידענע מינים חיל. ס׳זיינען דאָ בעלי־תורה, בעלי־עבודה און בעלי־צדקה. אייך האָט דער אויבערשטער געגעבן עשירות און אַזוי אַרום אייך אַריינגעגעבן אין דעם חיל פון די בעלי־צדקה. אייער עובדה איז צו געבן גרויסע נדבות, צו העלפן אָרימע לייט, צו אויסהאַלטן לומדי תורה. אַצינד האָט איר זיך געקענט ליגן אין אייער ווייכן בעט און שלאָפן. זאָגן תהלים און לערנען — דאָס איז פאַר די אָרימע אידן, וואָס געהערן צו דעם מין חיל פון די בעלי־תורה און בעלי־עבודה. וואָס האָט איר געטאָן? — איר זיינט אַליין אַוועקגעגאַנגען פון די בעלי־צדקה, וואו

מ'האט אייך אריינגעגעבן און שטייט א גאנצע נאכט מיט ארימע אידן, צו וועמען איר געהערט נים. היינט זאגט־זשע אליין, וואס קומט אייך?...



567

אינם יאר פון דער מגפה איז ר' אליה־חיים לאדזשער געווען רב אין פרוזשינע. תיכף ווי די מגפה איז אויסגעבראכן האט זיך ר' אליה־חיים געשטעלט בראש פון דער מחנה ראטעווער. וואו נאר א חולה איז ער געווען דער ערשטער צו ראטעווען. בייטאג און ביינאכט פלעגט ער ארומלויפן איבערן שטעטל, געוואויר ווערן די קראנקע, באזארגן זיי מיט רפואות און מיט הילפס־מיטלען. לויפנדיק איינמאל צו א חולה איז איין קאלאש אראפגעפאלן ביי אים פון פוס און געבליבן שטעקן אין בלאטע. איז אים א שאד געווען די מינוט, האט ער דעם קאלאש גע־לאזט ליגן און געלאפן ווייטער אין איין קאלאש.

יום־כפור נאך „כל־נדרי" איז ער תיכף אוועקגעלאפן געוואויר ווערן די קראנקע. און אזוי איז ער ארומגעלאפן א גאנצע נאכט. אינדערפרי, בעת דער עולם איז שוין געגאנגען דאווענען, האט'ן אים געפונען ליגנדיק פאר א שטוב, אויף א קלאץ, כאפנדיק א דרעמל.



568

בעת'ן פוילישן אויפשטאנד איז ר' שמואל מאליוועם געווען רב אין סואוואלק. ר' שמואל האט נים נוטה געווען צו די פאליאקן, געהאלטן, אז זיי וועלן האבן א מפלה און אין זיינע דרשות האט ער געווארנט אידן בלייבן געטריי דער רוסישער מלוכה און נים צושטיין צו די פאליאקן. פאר דעם איז ער געווען חשוב ביי מלוכה און אלע שרים האבן פאר אים געהאט גרויס דרך־ארץ.

ראש־השנה זיינען די קאזאקן אריין אין סואוואלק און דער אטאמאן זייערער האט אנגעהויבן בעל־בית'עווען אין שטאט אויפן קאזאצקן שטייגער. אויף וועמען ס'איז געפאלן א חשד, אז ער האט א יד אינם אויפ־שטאנד — דער איז נים געווען זיכער מיטן לעבן.

ביז כסא־לעשור, צווישן ראש־השנה און יום־כפור, האט'ן געגומען תפוס צען אידן, פון די פני, אויפן חשד, אז זיי זיינען פארמישט אינם אויפשטאנד. אין שטאט איז געווארן חושך. אן אימת־מות איז געפאלן אויף אלעמען. אמת'ע „ימים נוראים" זיינען דעמאלט געווען.

ערב־יום־כפור זיינען די משפחות פון די תפוסים צוגעפאלן צום רב מיט די פרנסים, זיי זאלן פועל'ן ביים אטאמאן, ער זאל ארויסלאזן די תפוסים כאטש אויף דעם איין טאג יום־כפור. ר' שמואל מיט די פרנסים האבן זיך גע'ישוב'ט, געקלערט אהין־אהער, מחמת גיין צום אטאמאן אין

אזא שעת חירום האָט געשמעקט מיט סכנת נפשות. נאָך אַ לאַנגן ישוב־הדעת איז געבליבן גיין בעטן פאַר די תפוסים. אולי ירחם.

איז דער רב מיט די פּרנסים אַוועק צום אַטאַמאַן. ווי ער הערט מכח וואָס זיי זיינען געקומען, צינדט זיך אין אים אָן די רציחה און ער גיט אַ געשריי אויף פּאָניע־לשון:

— „פּאַשאָל וואָן!" פאַר מורדים במלכות זיינט איר געקומען בעטן?!

דער רב מיט די פּרנסים האָבן קוים געפונען דעם וועג צוריק.

זיי גייען אָפּ אַ שטיק וועגס, הערן זיי ווי אַ קאָזאַק לויפט זיי נאָך און שרייט:

— שטייט! שטייט!

פאַלט זיי איין די דמים און בלייבן שטיין דערשראָקענע אויף טויט.

דער קאָזאַק קומט צו.

— איז דער ראַווין — פרעגט ער — דאָ מיט אייך?

— יאָ — ענטפערט ר׳ שמואל — איך בין דער ראַווין.

— קום צוריק צום אַטאַמאַן — זאָגט דער קאָזאַק.

גייט ר׳ שמואל מיט אים און די פּרנסים בלייבן וואַרטן אין איין פּחד.

אַ ווײַלע שפּעטער קומט ר׳ שמואל מיט אַ בשורה:

— די תפוסים וועט׳ן אַרויסלאָזן אויף זיין אחריות. מוצאי־יום־כּפּור מוז ער זיי צושטעלן צוריק אין תפיסה.

די תפוסים זיינען געקומען אַהיים, זיך גוט אָנגעוויינט מיט די בני־בית זייערע און אַוועק אין שול.

יענעם יום־כּפּור וועלען סואַוואַלקער אידן קיינמאָל ניט פאַרגעסן. די בכיות מיט די יללות זיינען געגאַנגען עד לב השמים. און וואָס ווייטער דער טאָג האָט זיך גערוקט, אַלץ גרעסער זיינען געוואָרן די בכיות. צו נעילה איז גאָר געווען פּחדים.

נאָך נעילה גייען די תפוסים צו צום רב, זיך אָפּזעגענען מיט אים און גיין צוריק אין תפיסה.

— וואָס איז די געאייל? — זאָגט ר׳ שמואל — לאָמיר קודם דאַווענען מעריב און איר וועט גיין אַהיים אָפּפאַסטן. ס׳איז דאָך יום־טוב.

מ׳האָט אָפּגעדאַווענט מעריב, זיך געוואונטשן אַ גוט־יאָר און געגאַנגען אַהיים אָפּפאַסטן.

תיכף נאָכן עסן זיינען די תפוסים, באַלייט פון זייערע משפּחות, געקומען צום רב, גרייט צו גיין צוריק אין תפיסה.

— וואָס אײַלט איר? — זאָגט זיי ר׳ שמואל — איך בין דאָך פאַר אייך ערב. גייט אַהיים, רוט זיך אויס און מאָרגן וועל איך אייך צושטעלן.

זיינען די תפוסים אוועק אהיים.
באנאכט זיינען די קאזאקן ארויס פון סואוואלק.

✻

569 איינער פון די בריסקער נכבדים איז, לא עלינו, געווארן א יורד, זיך אפגעשטעלט און ניט געקענט צאלן. האבן די בעלי־חובות אים אריינ־געווארפן אין תפיסה. מ׳האט געדארפט שאפן א סכום פון זעקס־טויזנט רובל אים צו באפרייען פון תפיסה.

ערב־יום־כפור, פארנאכט, בעת דער גאנצער עולם איז שוין געווען אין שול צו „כל־נדרי", האט ר׳ חיים געלאזט אויסרופן, אז מ׳וועט ניט זאגן „כל־נדרי", ביז דער עולם וועט זיך אויפלייגן און שאפן ס׳געלט צו באפרייען דעם אידן. ערשט אז די גאנצע סומע איז געשאפן געווארן, האט ער געהייסן זאגן „כל־נדרי".

✻

570 בעת די מהומות אין רוסלאנד האט׳ן אין בריסק גענומען תפוס א אידישן בחור אויפ׳ן חשד, אז ער איז א מורד־במלכות. אן גרויסע חקירות ודרישות האט׳ן דעם בחור פאר׳משפט צום טויט.

אז ר׳ חיים איז דערפון געוואויר געווארן האט ער אנגעהויבן זיך משתדל זיין ראטעווען דעם בחור.

ערב־יום־כפור צו „כל־נדרי" איז ר׳ חיים ארויף אויף דער בימה, ארויסגענומען א פאפיר מיט טינט־און־פען, גע׳חתמ׳עט זיין נאמען און געהייסן, אז איטלעכער פון עולם זאל חתמ׳ענען די בקשה צו מלוכה, באפרייען דעם בחור. האט דער עולם אזוי געטאן. יעטווידער איינער איז ארויף אויף דער בימה און גע׳חתמ׳עט.

דערווייל איז געווארן שפעטלאך. האבן טייל אנגעהויבן:

— רבי, ס׳אי שוין שפעט... יום־כפור...

— ניין — זאגט ר׳ חיים — ראטעווען א אידן איז בילכער. פיקוח־נפש איז הארבער ווי יום־כפור.

ערשט, אז דער לעצטער פון עולם האט גע׳חתמ׳עט, האט ר׳ חיים געהייסן זאגן „כל־נדרי".

✻

571 ר׳ דוד־שלמה דובנער פלעגט אויף אלע ימים נוראים פארן צום רבי׳ן. איין יאר איז ער געקומען אויף סוכות.

— פארוואס — פרעגט אים דער רבי — ביזטו ניט געקומען אויף ראש־השנה?

— געווען פארנומען, רבי — ענטפערט ר׳ דוד־שלמה — טרדת הזמן.

— אוי־ווײ — קרעכצט דער רבי — „ובכן תן פחדך" איז שוין אויך געלט?

— יאָ — קרעכצט אים נאָך ר׳ דוד־שלמה — „ובכן צדיקים" איז אויך געלט...

## זמן שמחתנו

**572**

דעם גאונ׳ס מנהג איז געווען, אַז סוכות, „זמן שמחתנו", איז ער געווען זייער פריילאַך, פלעגט זיצן אין סוכה און שמועסן מיט זיינע מקורבים אין מילי דעלמא, זיי פרעגן ווי ס׳גייט זיי אין ענין פון פרנסה וכדומה.

איינמאַל, חול־המועד־סוכות, איז צו אים אין סוכה אַריינגעקומען אַ יונגערמאַן, פון די וואָס זיינען געווען ביי אים יוצאים ונכנסים. דער גאון איז גראָד געווען פאַרטיפט אין אַ ענין, האָט ער מיטן יונגנמאַן ניט געשמועסט. איז דער יונגערמאַן אַוועק אַ פאַר׳צער׳טער: ניט אַנדערש, דער גאון האָט אויף אים תרעומות. איז ער אַוועק צו זיינעם אַ חבר, אויך אַ יוצא ונכנס ביים גאון, און האָט אויסגעגאָסן פאַר אים זיין ביטער האַרץ. יענער האָט געפּרואווט אים אָפּשלאָגן, ער האָט זיך אָבער ניט בארואיקט.

— ווייסטו וואָס? — זאָגט אים יענער — לאָמיר ביידע אַריינגיין צום חסיד און איך וועל אים פרעגן.

זיינען זיי בייד אַריין צום גאון. שמועסנדיק מאַכט זיך יענער האַרץ האַרץ און פרעגט דעם גאון:

— האָט קיין פאַריבל ניט, רבי, וואָס כ׳וועל אייך פרעגן. אָט דער יונגערמאַן, וואָס איז געקומען מיט מיר, מיינט, אַז איר האָט עפּעס תרעומות אויף אים.

— חלילה — ענטפערט דער גאון — וואָס האָב איך צו אים? זאָל ער זיך לעבן ביז הונדערט יאָר.

אויסגעלאָזן האָט זיך, אַז דער יונגערמאַן האָט טאַקע מאַריך ימים געווען און דערגרייכט אַ טיפן עלטער. צו אַכט־און־נײַנציק יאָר איז ער איינמאַל קראַנק געוואָרן, האָבן די קינדער געוואָלט שיקן נאָך אַ דאָקטער, האָט דער זקן ניט געלאָזן און זיך נאָך שטאַרק אָנגעבייזערט אויף זיי:

— כ׳האָב נאָך צו לעבן צוויי יאָר. אפילו איין טאָג וועל איך ניט אָפּלאָזן פון חסיד׳ס ברכה...

573

ר׳ יחזקאל, דעם „חכם צבי׳ס" אן איינִיקל, איז צו פופצען יאָר אנגעקומען פאַר אן איידים צו ר׳ לייבעלע ר׳ בערס. סוכות האָט דער שווער גענומען דעם וואוילן איידים זיינעם, וואָס האָט שוין דעמאָלט נע׳שמ׳ט פאַר אן עילוי, צום גאון. דער גאון איז גראָד דעמאָלט געזעסן אין סוכה און געגעסן. זיינען זיי אריין צו אים אין סוכה און זיך משתעשע געווען אין דברי־תורה און אין מילי דעלמא. פאַרן אוועקגיין האָט ר׳ לייבעלע געבעטן דעם גאון, ער זאָל בענטשן זיין איידים. האָט דער גאון ארויפגעלייגט די הענט אויף ר׳ יחזקאל׳ס קאָפּ און אים געבענטשט. און אזוי ווי דעם גאונ׳ס הענט זיינען געווען פעט פונם עסן, זיינען אַלע צען פינגער געבליבן שטיין ביים ר׳ יחזקאל׳ן אויפן שטריימל, וואָס האָט געקאָסט גאַנצע צען רענדלאַך. האָט זיך ר׳ יחזקאל מצער געווען, גע׳פּטור׳ט א נייעם שטריימל. שפּעטער אָבער, אַז ר׳ יחזקאל איז עלטער געוואָרן, איז דער שטריימל ביי אים געווען זייער טייער און ער פלעגט ציטערן איבער אים. בלויז איין מאָל אין יאָר פלעגט ער אים אנטאָן — דאָס איז געווען יום־כפּור.

574

ר׳ לייבעלע ר׳ בערס איז געווען דער גרעסטער נכבד אין ווילנע, אין גאונ׳ס צייט. ער איז געווען א גרויסער גביר און דערצו א למדן מופלג און א צדיק תמים. פון גאונ׳ס מקורבים. ער האָט תמיד געהאַט דעם שענסטן טלית, די שענסטע תפילין און ווער שמועסט סוכות — דעם שענסטן אתרוג.

מאַכט זיך א יאָר, אַז אתרוגים זיינען ניט בנמצא; אַן אתרוג איז געווען מיט גאָלד צוגלייך. יענעם סוכות זיינען אין גאַנץ ווילנע מער ניט געווען ווי צוויי אתרוגים. איינעם האָט געהאַט קהל און נאָך איינעם האָט געהאַט ר׳ לייבעלע ר׳ בערס, וואָס האָט זיך געלאָזט קאָסטן א הון רב צו קריגן אַן אתרוג.

דעם ערשטן טאָג סוכות איז ר׳ לייבעלע אויפגעשטאַנען אינדערפרי מקיים זיין די מצוה. האָט ער זיך מקדים געווען פאַרן בעל־הבית, איז אריין אין סאַליע, ארויסגענומען דעם אתרוג פון דער זילבערנער פושקע און אנגעהויבן זאָגן דעם „יהי רצון" פון אתרוג־בענטשן. אינמיטן הערט ער — ר׳ לייבעלע גייט. ווערט ער א צעצאַפּלטער, וואַרפט ארויס דעם אתרוג פון האַנט און צעברעכט דעם פּיטום.

ר׳ לייבעלע איז אריין, זעט ער, ווי דער משרת זיינער שטייט בלייך ווי די וואַנט און ציטערט ווי א בלאַט און דער אתרוג ליגט א פּסול׳ער. איז ער א האָר ניט אין כעס געוואָרן, נאָר געזאָגט מיט א בנעימות׳דיקן שמייכל:

— מילא, אַז ס׳איז ניטאָ קיין אתרוג בענטשט מ׳ן ניט...

575

ר׳ יעקב קאזלאווער איז געווען א גדול בתורה און גע׳שמ׳ט אין דער גאנצער סביבה. האט ברעזשאן אים געוואלט נעמען פאר א רב און אים אנגעבאטן א כתב־רבנות. האט ר׳ יעקב ניט אנגענומען. ער וויל קיין רב ניט זיין. דעם ווייב זיינעם האט זיך אבער געוואלט זיין א רבי׳צן, בפרט אין אזא קהלה ווי ברעזשאן. האט זי אנגעהויבן איינ׳טענה׳ן מיט אים, ער זאל ס׳רבנות אנעמען. ר׳ יעקב האט זיך אבער געהאלטן ביי זיינס: ער וויל קיין רב ניט זיין.

איינמאל, פאר סוכות, איז ס׳ווייב צו אים שטארק צוגעשטאנען, ער זאל אנעמען ס׳ברעזשאנער רבנות.

— ווייסטו וואס — זאגט איר ר׳ יעקב — אז דו ועסט מיר קויפן אן אתרוג א מהודר, וועל איך זען.

איז זי תיכף אוועקגעפארן קיין ברעזשאן, ניט געשפארט קיין געלט און געבראכט אן אתרוג א הדר, א יופי.

אז מ׳איז געוואויר געווארן אין שטעטל, אז ר׳ יעקב האט אן אתרוג א הדר, איז גאנץ שטעטל געקומען צו אים בענטשן אתרוג. און תיכף דעם ערשטן טאג האט דער אתרוג אנגעווארן די מראה זיינע, געווארן שווארץ און פארפלעקט. גארניט צו דערקענען.

— זע — זאגט ר׳ יעקב צום ווייב — דער שענסטער אתרוג ווערט אוים הדר, אז ער פאלט אריין אין קהל׳שע הענט...



576

ר׳ מרדכי לעכעוויטשער, דעם מעזעריטשער מגיד׳ס א תלמיד, האט זיך נוהג געווען צו קויפן ברעטער און זיי פארבארגן נאך יום־כפור ארימעלייט צו מאכן סוכות.

איינמאל, ערב־סוכות, אין א רעגן, איז צו אים געקומען אן ארימער שוסטער, א לאמער אויף א פוס, און געבעטן בארגן א פאר ברעטער אויף א סוכה. ר׳ מרדכי האט אים געענטפערט, אז ער האט שוין אלע ברעטער צעטיילט און מער האט ער ניט. איז דער שוסטער אוועקגעגאנגען.

זעט ר׳ מרדכי דורכן פענסטער, ווי דער שוסטער גייט פון שטוב צו שטוב, לאמט אין דער בלאטע און זוכט צו קריגן ברעטער אויף א סוכה.

— זע, רבונו־של־עולם — האט זיך ר׳ מרדכי פאנאנדערגעוויינט — ס׳ארא טייער פאלק אידן זיינען. ווי ליב דיינע מצוות זיינען זיי. אט איז אן ארימער איד, א קאליקע, שלעפט ער זיך ארום אין רעגן, אין בלאטע, כדי צו קענען מקיים זיין די מצוה פון סוכה.

און תיכף איז ר׳ מרדכי אליין ארויף אויפן בוידים, האט געזוכט און געפונען א פאר ברעטער. האט ער געהייסן דעם משרת זיינעם

אוועקטראגן די ברעטער צום שוסטער צוזאמען מיטן סכך, וואס איז געבליבן, און העלפן דעם שוסטער מאכן די סוכה.

❧

577 ר׳ חיים צאנזער האט זיך נוהג געווען, אז ערב־סוכות פלעגט ער טיילן א סך צדקה. ער פלעגט לייען און בארגן ביי די אתרוגים־הענדלער און אלץ צעטיילן.

— טאטע — האט אים דער זון זיינער אמאל געזאגט — צדקה איז טאקע א גרויסע מצוה, אבער ס׳ווערט ניט דערמאנט אין קיין ארט, אז מ׳איז מחוייב צו לייען און געבן צדקה.

— גוואלד! — גיט ר׳ חיים א געשריי — ווי איז׳ס א זון א רוצח אויף אן איינענעם טאטן. דו זעסט, אז דו האסט א טאטן, וואס האט ניט קיין ריח תורה, קיין ברעקל יראת־שמים, האט איין שטיקל מצוה — ווילסטו דאס אויך ביי אים אוועקנעמען...

❧

578 בעת ר׳ לוי־יצחק בארדיטשעווער איז נאך געווען א יונג בחור׳ל האט ער שוין גע׳שמ׳ט פאר אן עילוי, פאר א גדול בתורה און פאר א גרויסן ירא־שמים. האט זיך מיט אים משדך געווען ר׳ ישראל פרץ פון לעווערטאוו, א גרויסער עושר, א נכבד און אים נעגעבן קעסט, ווי דער סדר־עולם איז געווען אמאליקע יארן. כדרך הטבע האט׳ן אין שטעטל ר׳ לוי־יצחק׳ן אפגעגעבן גרויס־כבוד: א יונגערמאן אן עילוי און א גביר׳ס אן איידים — תורה וגדולה במקום אחד.

דעם ערשטן שמחת־תורה האט דער גבאי מכבד געווען ר׳ לוי־יצחק׳ן מיט „אתה הראית". רופט אים דער שמש אויף שמחת־תורה׳דיק און דער גאנצער עולם שטעלט אן מויל־און־אויערן הערן דעם וואוילן יונגמאן. ר׳ לוי־יצחק נעמט ס׳טלית, איז זיך מיישב און לייגט אוועק. נעמט נאך א מאל און לייגט ווייטער אוועק. דער עולם קוקט און גאפט. דער שווער געפינט זיך קיין ארט ניט פאר בושה. צום סוף זאגט ר׳ לוי־יצחק אויפן קול:

— אז דו ביזט א למדן און א חסיד, גיי דו און זאג „אתה הראית". און ר׳ לוי־יצחק איז ניט געגאנגען.

קומענדיק אהיים איז דער שווער געווען אין כעס. ר׳ לוי יצחק איז געווען בשמחה. יום־טוב. ביים טיש פרעגט אים דער שווער:

— לוי־יצחק לעב, פארוואס האסטו מיר אנגעטאן אזא בושה? וואס וועלן לייט זאגן?

— כ׳וועל איך זאגן, שווער לעב, ווי די מעשה איז געווען — זאגט ר׳ לוי־יצחק — אז כ׳האב גענומען ס׳טלית גיין זאגן „אתה הראית“, זע איך דער יצר־הרע איז דא.

— ווער ביזטו? — פרעג איך אים.

— און ווער ביזטו? — פרעגט ער מיר.

— איך בין א למדן — זאג איך.

— איך בין אויך א למדן — זאגט ער.

— וואו — פרעג איך אים — האסטו געלערנט ש״ס און פוסקים?

— און וואו האסטו געלערנט? — פרעגט ער מיך.

— איך האב געלערנט — זאג איך — ביי יענעם און יענעם גאון.

— צוזאמען מיט דיר — זאגט ער — האב איך אויך געלערנט.

— איך — זאג איך — בין אבער א חסיד.

— איך בין אויך א חסיד — זאגט ער.

— וואו — פרעג איך — האסטו געלערנט חסידות?

— און וואו האסטו געלערנט? — פרעגט ער מיך.

— אין ספרי יראים — זאג איך.

— צוזאמען — זאגט ער — האבן מיר ביידע געלערנט.

זע איך, אז ער לאזט מיך ניט אפ, האב איך אוועקגעלייגט ס׳טלית און אים געזאגט:

— אז דו ביזט א למדן און א חסיד, גיי דו און זאג „אתה הראית“...

✽

*579*

א איד איז אמאל געקומען צו ר׳ יצחק־אלחנן, זיך שואל־עצה־זיין, צי זאל ער פארן קיין אמעריקע.

— האט איר פרנסה? — פרעגט אים ר׳ יצחק־אלחנן.

— מיט פרנסה — ענטפערט דער איד — קומט׳ן דורך ווי ס׳איז. ס׳פעלט אבער ס׳שטיקעלע הצלחה, מ׳זאל קענען אפשפארן א רובל.

— אויב אזוי — זאגט אים ר׳ יצחק אלחנן — דארפט איר ניט פארן. פארשטייט איר: צו „הושיעה נא“ מאכט׳ן נענועים, מ׳דרייט זיך אהין־אהער; צו „הצליחה נא“ מאכט׳ן קיין נענועים ניט, מ׳שטייט אויף אן ארט...

✽

*580*

אין ראדין איז געווען איינגעפירט אז א גאנץ סוכות פלעגט׳ן הוליען און זיך משמח זיין אין דער ישיבה און ביי ר׳ ישראל־מאיר׳ן, דעם „חפץ חיים“, איז שטוב. ר׳ ישראל־מאיר פלעגט זיך משמח זיין צוזאמען מיט די בחורים, די „פרושים“ פון זיין קיבוץ. ער פלעגט זאגן יום־טוב׳דיקע

תורה אויף זיין דרך און די בחורים פלעגן זינגען, טאנצן און הוליען.

איינמאל, א סוכות, בשעת חדוה, ווען דער עולם איז געווען צע־ווארימט, האט איינער פון די בחורים, א געזונטער חברה־מאן, א כאפ געטאן ר׳ ישראל־מאיר׳ן און אים אויפגעהויבן אין דער הויך, ווי ס׳פירט זיך ביי סטודענטן. ר׳ ישראל־מאיר האט׳ס ניט געוואלט ליידן און שטארק מספיד געווען. ער האט זיך כמעט ווי אנגעבייזערט אויפן בחור.

א ווײלע שפעטער איז ער צוגעגאנגען צום בחור און אים מפייס געווען.

— פארשטייט איר מיך — זאגט ר׳ ישראל־מאיר — מ׳דארף א מענטשן ניט הויבן העכער ווי ער איז...

## פאר די חנוכה ליכט

*581*

איינמאל, חנוכה, איז צונויפגעקומען א גרויסער עולם ביי ר׳ משה קאברינער, זען ווי דער רבי בענטשט חנוכה־ליכט. אז ס׳איז געווארן א גרויס איינגשאפט, האט ר׳ משה זיך אומגעקערט צום עולם און גע־זאגט:

— וואס ט׳איר זען, ווי אן אלטער איד מאכט זיך נאריש?...

❋

*582*

ר׳ נחום טריסקער האט געפירט א ברייטן שטאט. ער האט פאר־וואוינט רייך און געהאט א סך זילבערנע און גאלדענע חפצים.

נאר אן אנטיק איז געווען זיין חנוכה־מנורה. א גאלדשמיד האט אויף איר געארבייט שיינע עטלאכע יאר. געווען איז זי א מאן די הויך, אינגאנצן כסף טהור, אויסגעצאצקעט מיט אלערליי קווייטן און בוימער. אין מיטן איז געווען א שטוב מיט אלע פרטים, מיט טירן און פענסטער און חדרים — ס׳איז געווען אויף חידושים אנצוקוקן.

איינמאל איז ביים טריסקער געווען צו גאסט אן אנדער גוטער איד. איז אים ניט געפעלן געווארן ס׳ברייטע פיראכץ מיט די אלע מותרות. אז דער טריסקער האט אים געוויזן די חנוכה־מנורה, באקוקט ער זי און זאגט:

— יא, א יופי. חידושים. אלץ איז דא אין דער מנורה, אפילו א פארטיקע שטוב. ס׳פעלט בלויז איין זאך, אז וואס א שטוב קען זיך ניט באגיין...

# פורים גרייט

583

ר׳ משה איסרליש, דער רמ״א, איז נסתלק געוואָרן נאָך גאָר אַ יונגער־מאַן. ער האָט מחבר געווען, פאַרן לעבן, דריי־און־דרייסיק ספרים, נפטר געוואָרן צו דריי־און־דרייסיק יאָר, דעם דריי־און־דרייסיקסטן טאָג אין ספירה (ל״ג בעומר) און דער ספדן, וואָס האָט אים מספּיד געווען, האָט געזאָגט אויף אים דריי־און־דרייסיג שבחים.

אַז דער ספדן איז געקומען צום צוויי־און־דרייסיקסטן שבח איז ער געבליבן שטיין. ס׳האָט אים אויסגעפעלט נאָך איין שבח. האָט אים דער שמש אונטערגעזאָגט נאָך אַ שבח:

דער רמ״א האָט געהאַט אַ מנהג, פּורים ביינאַכט צו דער סעודה גיין איבער די הייזער, דערמאָנען דעם עולם דאַוונען מעריב.

ער פלעגט אַריינקומען אין אַ שטוב, בעטן אַביסל וואַסער צו וואַשן די הענט און זאָגן, ווי פאַר זיך:

— מ׳דאַרף דאַוונען מעריב...

און תיכף לויפן אין אַן אַנדער שטוב.

584

פאַר ניקאָלאַי דעם ערשטן, בעת מלוכה האָט זיך גענומען בילדן אידן און עפּענען פאַר זיי שקאָלעס, האָט אין אומאַן געוואוינט איינער, ר׳ משה לאַנדאַ, דעם „נודע ביהודה׳ס״ אַן אייניקל. ר׳ משה איז געווען אַ איד אַ למדן און אַ משכיל. ער איז געווען פון די ערשטע, וואָס האָבן זיך אָנגעכאַפּט אַן דעם השכלה־פּראָיעקט און אָנגעהויבן איינצורייזן אידן, אַז זיי זאָלן פאָלגן מלוכה, שיקן זייערע קינדער אין די שקאָלעס און מאַכן זיי פאַר לייטן.

האָט ער איינמאָל צענויפגערופן אויף אַ באַפעל פון מלוכה, אַלע אידן אין שול און געהאַלטן פאַר זיי אַ דרשה, אויפוויזנדיק, ווי ווייט נויטיק ס׳איז צו קענען ס׳לשון פון דער מדינה; אַז אונזערע עלטערן, אין די אַמאָליקע דורות, האָבן תמיד געלערנט פרעמדע לשונות און גע־בראַכט אויף דעם ראיות פון כמה פּסוקים און מאמרים. איינע פון זיינע ראיות איז געווען דער נס פון פּורים.

— רבותי — זאָגט ער — איר ווייסט אַלע, אַז דער נס פון פּורים איז געשען, מחמת מרדכי האָט מציל געווען אחשורוש׳ן פון טויט, אים אויס־געזאָגט, אַז זיינע צוויי סריסים, בגתן ותרש, ווילן אים פאַר׳סמ׳ען. ווי אַזוי איז׳ס מרדכי געוואויר געוואָרן? ער האָט געהערט, ווי די סריסים

האבן גערעדט צווישן זיך. ווי האבן די סריסים גערעדט? פערסיש, ס׳לשון פון דער מדינה. היינט זיינט אייך מצייר, רבותי — האט ער זיך צעוואָרימט — ווען מרדכי וואלט, ווי היינטיקע רבנים, ניט געקענט דעם לשון פון דער מדינה, וואלט ער דאך ניט פארשטאנען וואס די סריסים ריידן, וואלט טאקע אחשורוש פאר׳סמ׳ט געווארן און המן הרשע וואלט געטאן מיט אידן וואס זיין הארץ גלוסט.

— א טעות, פאני טייטש! — שלאגט אים איבער א חסיד — אדרבה, דאס גופא איז א ראיה, אז אידן האבן ניט געלערנט קיין גוי׳ש. אלא ניט — וואלטן דאך די סריסים זיך געהיט פאר מרדכי׳ן, ער זאל ניט הערן וואס זיי ריידן...



585

בעת דער מלבי״ם איז געווען רב אין כערסאן, האט ער געהאט גרויס מחלוקת און א סך מתנגדים.

פורים האט אים איינער פון זיינע מתנגדים, א איד א גביר און א תקיף, געשיקט משלוח־מנות אין א טעלער, מיט א ווייס טישטיכל איי־בערגעדעקט, ווי דער מנהג איז. דער מלבי״ם האט אפגעדעקט דאס טישטיכל און געפונען אין טעלער א צוקערנעם דבר־אחר.

— ס׳ארא געטרייע בעלי־בתים כ׳האב — שמייכלט דער מלבי״ם — דעם ביסן פון מויל גיבן זיי מיר אוועק...

אויף אפצושיקן דעם גביר משלוח־מנות האט ער גענומען זיינס א פארטרעטל, עס אריינגעלייגט אין א טעלער און אפגעשיקט דעם גביר מיט א צעטעלע:

— איר האט מיר געשיקט אייער בילד, שיק איך אייך מיין בילד...



586

אין לעמבערגער בית־מדרש איז אמאל פורים געזעסן א בעל־הבית, א איד אן עושר און א בן־תורה, און געלערנט. האט דער רב, ר׳ יוסף־שאול, אויף אים זיך שטארק אנגעבייזערט, צוגעמאכט די גמרא און אים גע־הייסן גיין פון בית־מדרש.

— דיין ארט — זאגט ער — איז היינט ניט אין בית־מדרש ביי דער גמרא, נאר אין שטוב ביי א הורבע מיט געלט צו טיילן ארימעלייט.



587

בעת ר׳ שלמה קלוגער איז געווען מגיד אין בראד, האט ער געהאט א בעל־הבית, א גביר, וואס פלעגט אים איטלאך פורים שיקן שלח־מנות א רענדל.

איין פורים האט ער אים געשיקט זעקס רענדלאך. האט ר׳ שלמה אים אפגעשיקט פינף רענדלאך צוריק.

— מסתמא — זאגט ער — דארף ער צו מיר אנקומען.

און כך הוה. א וואך שפעטער איז דער גביר געקומען צו ר׳ שלמה׳ן און געבעטן אים ארויסגעבן א הכשר אויף פסח׳דיקן ראם.



588 אין וואלאזשין איז געווען א מנהג, אז פורים פלעגן די ישיבה־לייט מאכן איינעם פון זיי פאר א „פורים־רב״, ער זאל משמח זיין דעם עולם. כדרך הטבע פלעגט׳ן אויסקלייבן איינעם מיט א שארפן קאפ, מחמת ער האט געדארפט קענען זאגן פורים׳דיקע תורה, פאלשע פלפולים, ניט־געשטויגענע און ניט־געפלויגענע חילוקים, צענויפירן א וואנט מיט א וואנט — אויפן פורים׳דיקן שטייגער. זיין עיקר עובדה איז אבער געווען אריינצוזאגן דעם ראש־ישיבה. וואס די ישיבה־לייט האבן א גאנץ יאר געטראגן אויפן הארצן קעגן ראש־ישיבה; אלע עוולות, וואס איז זיי געטאן געווארן מצד דער הנהגה — דאס אלץ האט דער „פורים־רב״, אין זיין פורים׳דיקע תורה, נעגעבן אנצוהערן דעם ראש־ישיבה, וואס פלעגט תמיד קומען צו דער פורים־שמחה פון די ישיבה־לייט.

איין פורים האט דער „פורים־רב״ אביסל אריבערגעכאפט די מאס און צו גראב אנגעקומען דעם ראש־ישיבה, ר׳ הערש־לייב׳ן *.

איינער פון די ישיבה־לייט האט דעם „פורים־רב״ געפרעגט א פורים׳דיקע קשיא:

— וואס איז מרדכי געווען, א וואכערניק, צי א קעסטניק **?

— סתם מקשן! — ענטפערט בלומר׳שט בייז דער „פורים־רב״ — ס׳איז גאר קיין קלער ניט, אז מרדכי איז געווען א וואכערניק. ווארים זעלט עס אנדערש זיין, אז ער איז געווען א קעסטניק, וואלט דאך אים המן ניט גע׳רודפ׳ט?...

* לויט אנדערע — איז דער ראש־ישיבה דעמאלט געווען ניט ר׳ הערש־לייב, נאר ר׳ יאשע־בער.

** אין וואלאזשין זיינען געווען צוויי סארטן ישיבה־לייט: קעסטניקעס, רייכע קינדער, וואס האבן געקראגן געשיקט געלט פון דר׳היים און זיינען צו דער ישיבה ניט אנגעקומען, און וואכערניקעס, די ארימערע, וואס האבן גענומען וואכער פון דער ישיבה. פארשטייט זיך, אז די וואכערניקעס זיינען געווען מער ביי דער הנהגה אין האנט און האבן שטילערהייט מקנא געווען די קעסטניקעס.

די ישיבה־לייט האבן פארשטאנען דעם שטאך, וואס איז געווען אביסל צו שארף, און האבן פורים׳דיק געלאכט. ר׳ הערש־לייב, וואס איז דערביי געזעסן, האט געשוויגן.

אויף מארגן, שושן־פורים, האט זיך דער ישיבה־מאן, דער נעכטיקער „פורים־רב", געכאפט, אז ער איז צו־גראב אנגעקומען דעם ראש־ישיבה, איז ער אריין צו ר׳ הערש־לייב׳ן און אים געזאגט:

— רבי, האט קיין פאריבל ניט. כ׳האב נעכטן אריבערגעכאפט די מאס, געווען אביסל מבוסמ׳דיק, „עד דלא ידע". זייט מיר מוחל, רבי.

— חלילה — ענטפערט אים ר׳ הערש־לייב — כ׳האב אויף דיר קיין פאריבל ניט. די וועלט זאגט: „וואס ביי א ניכטערן אויף דער לונג איז ביי א שכור׳ן אויף דער צונג". איז דאך אייגנטלאך א קשיא: וואס גיט׳ן אז אזויפיל מעשים אויף א שאלת־הריאה: שוחטים ווערן פאר־מאטערט אראפנעמענדיק א סירכא, רבנים זוכן א היתר ביי א הפסד מרובה, קצבים שטעלן איין זייער אייגנס — א מער איז דאך דא א פשוט׳ע עצה: זאל׳ן דער בהמה געבן א טרונק בראנפן פאר דער שחיטה, וועט וואס אויף דער לונג ארוים אויף דער צונג? איז דער תירוץ, אז דער כלל איז בלויז ביי א מענטשן אבער ניט ביי קיין בהמה...



589

אין קאברין איז געווען א שניידער, יאנקל ראשעס, אן ערלאכער איד, א תמים.

איינמאל, שושן־פורים אינדערפרי, גייענדיק אין בית־מדרש דאוונען, זעט ער ווי אידן שטייען אין מארק און קויפן האלץ ביי א גוי.

לויפט ער אריין צום רבי׳ן, ר׳ נח לעכעוויטשער, מיט א גוואלד:

— רבי, אידן קויפן שוין באלד אינדערפרי, פונוואנען קומט צו זיי געלט, אז זיי האבן נעכטן אלץ צעטיילט אויף צדקה?

— פארשטייסטו מיד — זאגט אים ר׳ נח — דאס קויפן די, וואס האבן נעכטן גענומען צדקה...



590

פיצי אדעסער (יהושע אבראש) דער חזן מפורסם, איז געווען א גרויסער עם־הארץ. און ווי די טבע פון אן עם־הארץ, האט ער דוקא האלט געהאט זיך אריינצומישן אין א שמועס און ארויסווייזן זיין לומדות.

זיצנדיק איינמאל פורים אין א מסיבה, וואו מ׳האט געשמועסט מענינא דיומא, רופט זיך אפ פיצי אויף זיין ווינער טייטש:

— יא, אבער די חרבונה וואר דאך איינע געשייטע פרוי...

# רשימה

## מענטשן, וואָס ווערן דערמאָנט אין בוך.

(נאָכן אלף־בית, לויט די נומערן פון די פּרקים).